י. י. טרונק

# זכרונות, פאָלקס-מעשיות, לידער

פראַגמענטן פון פאָרשאַרבעטן
צו דער כאַראַקטעריסטיק
זכרונות, בילדער

אונטער דער רעדאַקציע
פון
שמואל ראָזשאַנסקי



מוסטערווערק
פון דער
יידישער ליטעראַטור

דוד טוריאַנסקי-פאָנד

# תוכן

# פֿאַרבאַמערקונגען

◈ דער דאָזיקער באַנד — **זכרונות, פֿאָלקס־מעשיות, לידער,** פֿון **י. י. טרונק** — איז חוץ אַ פּאָרטרעט **פֿון אַן אָריגינעלער שרײַבערישער פּערזענלעכקייט** אַ קערנדיקער צושטײַער צו קענען בעסער דאָס פֿאַרמלחמהדיקע יידישע פּוילן. אַ צוגאָב צום 80סטן באַנד **מוסטערווערק,** צו **וואַרשע.** ער ברייטערט־אויס די פּאַנאָראַמע. פּאָרטיפּט אידייען, פֿירט צו ווײַטערע האָריזאָנטן.

◈ י. י. טרונק געהערט צו די נישט־דערשאַצטע שרײַבערס. נישט בלויז דער ברייטער לייענער־עולם האָט אים נישט געהעריק באַנומען, נאָר אויך די קריטיק האָט נישט דערזען זײַנע זוכענישן, עקספּערימענטן און דערגרייכונגען אין דער פֿולער מאָס. דאָס עקסטרעמע, וואָס איז דאָ אין אים, אָדער ער איז צו־אינטע־לעקטועל, אָדער ער איז צו־עמכדיק, פֿאַרווירט טייל מאָל. טרונק גייט טאַקע **פֿון עקסטרעם צו עקסטרעם.** ער וואָרצלט אין פֿילאָסאָפֿיע, אָבער ער קלאַמערט זיך צו די פֿאָלקסקוואַלן — **ער געפֿינט אַ שײַכות צווישן די עקסטרעמען...** ער זוכט צו **פֿאַרשותּפֿן מעשה מיט מחשבה.**

◈ אַזוי ווי ס'איז אײַנגעפֿירט אין די **מוסטערווערק** נישט צו דרוקן שאַפֿונגען צוויי מאָל, אַפֿילו ווען דאָס איז נייטיק פֿאַר דער כאַראַקטעריסטיק פֿון שרײַבער, איז אין אָט דעם באַנד נישטאָ פֿון טרונקס 3 בענד וועגן שלום עליכמען, מנחם־מענדלען און טביהן. אין 11טן באַנד **מוסטערווערק,** אָפּגעגעבן שלום עליכמען, איז דאָ הן אַ קאַפּיטל וועגן די „ביידע הויפּטטרעגערס פֿון שלום עליכמס שאַ־פֿונגען", ווי טרונק זעט זיי, הן וועגן זײַן טעזע „שיקזאַל און בטחון — טביה דער מילכיקער, שיקזאַל און שפּיל — מנחם־מענדל, שיקזאַל און גליק־זעליקייט — מאָטל פּייסי דעם חזנס". די 3 בענד, טרונקס, זײַנען **גמרא־קריטיק.** מען דאַרף זיי לערנען.

◈ איז גוט, וואָס פּראָפֿ' אַרטור לערמער, אונדזער האַרציקער פֿרײַנד, אַ חסיד פֿון די **מוסטערווערק,** האָט געמאָנט און דערמאָנט, עס זאָל דערשײַנען דער באַנד טרונק. פּונקט איז דאָס געווען אין אַ צײַט, ווען די **ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ איז** געשטאַנען בײַ אויסטערלישע שוועריקייטן. דערפֿאַר, ווי נאָר מיר האָבן באַנײַט די אַרבעט, האָבן מיר געהאַלטן פֿאַר אַ חוב אַרויסצוגעבן אָט דעם באַנד.

◈ די באַנײַטע אַרבעט פֿון אַרויסגעבן די **מוסטערווערק,** אַ דאַנק דעם עטאַב־לירן דעם **דוד טוריאַנסקי־פֿאָנד,** וואָס איז די איינציקע סובסידיע פֿאַר די אָ ביכער, האָט דערפֿרייט אַ סך אַבאָנענטן אין פֿאַרשיידענע לענדער. זייערע ברכות שטאַרקן אונדז, די רירנדיקע בריוו מוטיקן אונדז אויף דעם אומגעהײַער־שווערן וועג — **קעגן שטראָם.** די 4 בענד **מוסטערווערק** — 79, 80, 81, 82, **וואָס** זײַנען דערשינען אין די לעצטע 9 חדשים, מיטן **דוד טוריאַנסקי־פֿאָנד** — און די בענד 83־84, וואָס וועלן אַרויס אין די נאָענטע חדשים, זײַנען **דער בעסטער ענטפֿער.**

ש. ר.

## ביאָ־ביבליאָגראַפֿישע שטריכן

יחיאל־ישעיה טרונק, געב׳ 15 מאַרץ 1887 אין דאָרף אָסמולסק, בײַ לוי־וויטש, נישט ווײַט פֿון וואַרשע. פֿון טאַטנס צד אַן אייניקל פֿון חסידישן רבין ר׳ יצחק וורקער און פֿון תורה־גאון ר׳ יהושעלע קוטנער. פֿון מאַמעס צד אַן אייניקל פֿון גוטבאַזיצער ברוך גזשיוואַטש — איינער פֿון די גרעסטע גבירים אין פּוילן, אַ מולטי־מיליאָנער. קליינערהייט, אין לאָדזש, געלערנט אין חדר, בײַ די בעסטע פּריוואַטע מלמדים און לערערס, אָבער מיט באַזונדערן אײפֿער — דורך אַליין־בילדונג, אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן. חתונה געהאַט מיט אַן אייניקל פֿון „אײַזן־קעניג" אין פּוילן, ישעיה פּריוועס.

*

אָנגעהויבן זײַן שרײַבערוועג אויף העברעיִש: אין 1905, מיטן טאָגבוך פֿון דער רעוואָלוציע, ווו ער מאָלט שלאַכטן אויף די באַריקאַדעס קעגן צאַריזם. מיט נאָך מער ליבע באַשרײַבט ער אַר־בעטערס אין אַן אויטאָבי־אָגראַפֿישן ראָ־מאַן געדרוקט 1907 אין אָרטאָדאָקסישן בלאַט הקול, וואָס איז דערשינען מיט דער מיטאַרבעט פֿון זײַן שוואָגער ר׳ מענדעלע, אַ ברודער פֿון גערער רבין. דאָרטן האָט ער אויך געדרוקט לידער, בילדער, דערציילונגען.

*

י. י. טרונקס פֿאָטער, אַ חסיד, האָט געשריבן שירים, זיך אינטערעסירט מיט אוניווערסאַלער ליטעראַטור און שטאַרק געהאַלטן פֿון פּרצן. אַ דאַנק דעם טאַטן איז דער זון אַוועק צו י. ל. פּרצן און געוואָרן — אַ חסיד זײַנער ביזן לעצטן טאָג פֿון זײַן לעבן. צוליב פּרצן איז י. י. ט. אַריבער פֿון העברעיִש צו ייִדיש.

*

אין 1908 גייט טרונק אַריבער צו ייִדיש, געדרוקט ס׳רוב אין פּרצעס זשורנאַלן און זאַמלביכער. דערנאָך מיטגעאַרבעט אין אַ סך צײַטונגען און



זשורנאַלן — פֿון צײַט צו צײַט אויך אין העברעיִש. אַרומגעפֿאָרן נאָך פֿאַר דער 1טער וועלט־מלחמה איבער אייראָ־פּע, פֿאַראינטערעסירט אין די נײַסטע פּראָבלעמען פֿון קונסט און וויסנשאַפֿט, אין אוניווערסיטעטן און מוזייען, גאַנץ באַזונדער אין פֿילאָסאָפֿיע. געווען אויך אין אַפֿריקע און אַזיע. אין 1913־1914 געוווינט אין ארץ־ישראל. געפֿאַנגען פֿון סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייען. האָט ער זיך פֿאַרבונדן מיטן „בונד", הגם ער איז געווען אַ שותּף פֿון אַ גרויסער טעקסטיל־אונטערנעמונג אין לאָדזש אין די יאָרן 1919־1925, האָט

געפירט אַן אַריסטאָקראַטיש הויז, פּריציש, מיט ראַסאָווע הינט אין שטוב, מיט פייגעלעך און בלומענפּאַרק.

*

נאַטור־בילד, פּייסאַזשן באַטראַכטונגען וועגן מענטש, וועלט און גורל פאַרנעמען אַ גרויס אָרט ביַי טרונקן אין אַלע זשאַנערס פון זיַין שאַפן, פון זיַין אָנהייב אָן ביז דער ענדע. פּאָעטישע אימאַזשן, אינטעלעקטועל פּאַרטיפּט, פלעכטן זיך דורך מיט פילאָסאָפישע רעפלעקסן פון אַ הויך־געבילדעטן שריַיבער. געוווינט פון 1923 אין וואַרשע. עטלעכע יאָר געווען פּרעזידענט פון יידישן פּ. ע. נ.־קלוב אין וואַרשע. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די 2טע וועלט־מלחמה, איז ט. אַוועק פון וואַרשע. 1940 געווען אין ווילנע, מיטאַרבעטנדיק אין ייווא, דערנאָך אַוועק אין טיף רוסלאַנד, זיך אַריבערגעכאַפּט קיין יאַפּאַן און אין 1941 זיך דערשלאָגן קיין ניו־יאָרק, וווּ ר'איז געשטאָרבן דעם 7טן יולי 1961. אין די לעצטע 20 יאָר פון זיַין לעבן — אין אָרעמקייט — איז ער געווען אומגעהיַיער פּראָדוקטיוו, שאַפנדיק די גרעסטע ווערק פון זיַין ליטעראַרישן פאַרמעגן: די 7 בענד פּוילן און די פאָלקסטימלעכע ראָמאַנען, געבויט אויף פיגורן וואָס געהערן צו פאָלקלאָר און לעגענדע, רײַך אין הומאָר און חיותדיקע שילדערונגען פון דער נאַטור, מענטשן און איבערלעבונגען — דערציילונגען מיט פאָלקסגעמיט, היסטאָרישע נאָוועלעס און ליטעראַטור־היסטאָרישע אַנאַליזן מיט אינטעלעקטועלער אָנגעלאָדנקייט.

## י. י. טרונקס שאַפן אין בוכפאָרעם

פון דער נאַטור, נאָוועלן, מיט אילוסטראַציעס פון אַרטור שיק, 110 זיַיטן, וואַרשע 1914.

פיַיגנביימער א״אַ דערציילונגען, 144 זיַיטן, וואַרשע 1922.

צו דער פסיכאָלאָגיע פון דער ייִד׳ געשיכטע, 116 זז׳, וואַרשע 1922.

מידע, דערציילונגען, 82 זז׳, וואַרשע 1923.

אידעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער ייד׳ ליטעראַטור, 235 זז׳, וואַרשע 1927.

צווישן ווילן און אָנמעכטיקייט, ה. ד. נאָמבערג, 185 זז׳, וואַרשע 1930.

היסטאָרישע נאָוועלן, 206 זז׳, וואַרשע 1930.

נאָענט און פרעמד, 177 זז׳, וואַרשע 1936.

שלום עליכם — זיַין וועזן און זיַינע ווערק, 434 זז׳, וואַרשע 1937.

וועלט־חשבון, פּראָזע און לידער, 82 זז׳, וואַרשע 1938.

סאָציאַליסטישע אימפּרעסיעס, 45 זז׳, וואַרשע 1939.

טביה דער מילכיקער, שיקזאַל און בטחון, 208 זז׳, ווילנע 1939.

טביה און מנחם־מענדל אין ייד׳ וועלט־גורל, 302 זז׳, ניו־יאָרק 1944.

בלעטער אויפֿן ווינט, **לידער**, 126 זז׳, נ״י 1944.
פוילן, 7 **בענד**, 2078 **זײַטן**, נ״י 1944־1951.
שׂמחה פלאַכטע אָדער דער ייִדישער דאָן קישאָט, **375 זז׳ ב״א 1951**.
די ייִדישע פּראָזע אין פּוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות, **154 זז׳**, **בוענאָס־אײַרעס** 1949.
כעלעמער חכמים אָדער ייִדן פֿון דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט, 348 **זז׳**, **ב״א** 1951.
דער פֿריילעכסטע ייִד אין דער וועלט, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, 378 **זז׳**, **ב״א** 1953.
די וועלט איז פֿול מיט ניסים אָדער מעשׂה מגימל אַחים, **ראָמאַן**, 327 **זז׳**, **ב״א** 1955.
קוואַלן און ביימער, **היסטאָרישע נאָוועלן און עסייען**, **468 זז׳**, **נ״י** 1958.
משיח־געוויטער, **היסטאָרישער ראָמאַן פֿון שבתי צבֿי**, **צוזאַמען מיט 11 מעשׂיות פֿון בעל־שם**, 357 זז׳, **ב״א** 1961.

## י. י. טרונק זאָגט

אין יעקב פּאַטס „שמועסן מיט ייִדישע שרײַבערס“

— **נאָר דער מענטש, וואָס גלייבט אין גאָט, קען זײַן אַ פֿרײַדענקער. דער פֿרײַער געדאַנק קען זײַן נאָר אין דער באַזע פֿון אַן איינס, פֿון אַן אחד. די ייִדישע געשיכטע איז די געשיכטע פֿון דעם אחד אין דער אַלגעמיינער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט. אין דעם שטעקט דער ווערט פֿון אונדזער וועלטפֿאָלק.**

— **די דערפֿאַרונג פֿון אַ פֿאָלק סובלימירט זיך אין צוויי זאַכן: אין פֿאָלקס־מעשׂיות און אין פֿאָלקשפּראַך. אין די פֿאָלקס־מעשׂיות איז דאָ די דערפֿאַרונג פֿון פֿאָלק במשך דעם לאַנגן וועג, אין דער שפּראַך — די דערפֿאַרונג פֿון פֿאָלקסגעמיט, פֿון זײַן באַטראַכטונג, פֿון זײַן מחשבה. מען קאָן פֿון אַ שפּראַך צוריק אויפֿבויען די געשיכטע פֿון אַ פֿאָלק. אַ פֿאָלק אָן זײַן פֿאָלקס־מעשׂה און אָן זײַן שפּראַך איז אַ נאַציע אָן דערפֿאַרונג.**

— **איך וויל זיך ניט צופֿרידנשטעלן מיט סתם ייִדן, צופֿעליקע ייִדן. איך וויל זען ווערטפֿולע ייִדן. אויפֿהאַלטן לשם אויפֿהאַלטן? דאָס טויג ניט. אויב אויפֿהאַלטן, איז מיט אינהאַלט, מיט נשמה, מיט אידייע.**

— ווען איך בין אַראָפּ אויף דער אַמעריקאַנער ערד, האָב איך געמיינט, אַז אַלץ ווערט דאָ פאַרפלייצט פון אַסימילאַציע, אַז אין אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ ווערן ייִדן צעשמאָלצן. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָ איז ניטאָ קיין אָפּהאַלט פאַר ייִדישער ליקווידאַציע, אַז די ייִדן זײַנען אַנדערע, אַז די גויִים זײַנען אַנהערע. ביז איך האָב מיך אַרומגעזען, אַז איך האָב מיך טועה געווען. די ייִדן אין אַמעריקע זײַנען די זעלביקע ייִדן און די גויִים אין אַמעריקע זײַנען די זעלביקע גויִים. אַסימילאַציע ווענדט זיך ניט אין אונדז. דער צווייטער צד האָט אויך עפּעס צו זאָגן. ער האָט אַפילו אַ גרעסערע דעה ווי מיר. ער וויל ניט. איך בין זיכער, אַז מען „גלײַכט" דאָ ווייניקער דעם ייִדן ווי דעם נעגער. די ייִדן האָבן דאָ אין זיך דאָס פּינטעלע ייִד אַזוי ווי די נעגערס — דאָס פּינטעלע קאָליר.

— פאַר וואָס „גלײַכט" מען ניט די ייִדן? פאַר וואָס איז דאָ ייִדן־שנאה? איך ווייס ניט. אָבער אַזוי איז עס. עס איז אַ פרײַע מדינה און יעדערער האָט דאָס רעכט צו „גלײַכן" וואָס ער וויל און ניט צו „גלײַכן" וואָס ער „גלײַכט" ניט. און מיר, ייִדן, „גלײַכן" מיר דען אַלעמען און אַלץ?

— די אַמעריקאַנער ייִדן וועלן מוזן געפינען אַ ווערט אין זייער נאַציאָנאַלער עקסיסטענץ, אויב זיי ווילן ניט זײַן קיין מינדערווערטיקע גײַסטיקע פּאַראַזיטן.

— מיר זעען אַן אַלטן מנחם־מענדלשן „טריק" אין דער ייִדישער געשיכטע: אַזוי ווי איך, דער ייִד, בין דער שוואַכסטער, דער קלענסטער, לאָמיר ווערן דער גײַסטיקסטער, דער העכסטער. ייִדן וועלן מוזן באַזירן זייער עקסיסטענץ אויף אַ גײַסטיקער פּיאָנערישער באַזע. מלוכה? אַ סך פעלקער און פעלקערלעך האָבן מלוכות. מיר מוזן קומען צו אַ נײַער פּאַזע פון נאַציאָנאַלער גײַסטיקייט, וואָס דאָס מיינט אין דער זעלביקער צײַט אינטערנאַציאָנאַלע פּיאָנערישקייט... איך מיין נאַציאָנאַלע, אינטערנאַציאָנאַלע גײַסטיקע שעפערישקייט.

# י. י. טרונק, אַ חסידישער סאָציאַליסטישער מאַגנאַט

## אַ ביאָגראַפֿיע און ביבליאָגראַפֿיע מיט רעטעניִשן

שוין צוליב זײַן ביאָ־ביבליאָגראַפֿיע איז יחיאל־ישעיה טרונק פֿאַסצינירנדיק ווי אַ מענטש און ווי אַ שרײַבער.

פֿול מיט סתּירות און רעטעניִשן.

טרונק, אַן אייניקל פֿון רביים און רבנים, שטאַמט פֿון די רײַכסטע משפּחות אין פּוילן, דאָך ווערט ער אַ בונדיסט, אָבער ער שטאָלצירט מיט די גרויסע תּורה־מוחות.

מ׳האָט אים „אָנגענומען פֿאַר אַן עקסצענטרישן שליאַכטשיץ, אַ קונסט־ליבהאָבער, אָבער טרונק האָט פֿײַנט געהאַט צו באַהאַלטן זײַן ייִדישקייט און האָט אָפֿט די חונפֿים שטאַרק אַנטוישט מיטן אָנהייבן פּלוצלינג ריידן ייִדיש צו זיי"[1].

ס׳אַרט אים נישט, אַז אַ גדול גיט זײַן ראַפֿינירטער פֿרוי אַ צונאָמען „די קאָזע"[2].

צו ערשט אַ העברעיִשער שרײַבער, ווערט טרונק אַ שמן־זית־דיקער ייִדישיסט, אָבער אויך דעמאָלט כאַפּט ער זיך צו שרײַבן העברעיִש.

ווי אַ בונדיסט איז ער געווען פֿון „די האַרטע", דאָך שרײַבט ער, אַז כּותל המערבֿי „ליגט באַהאַלטן אין די טויערן פֿון ירושלים ווי דאָס הייליקע און טײַערע אין די הערצער פֿון ייִדן אין גאָר דער וועלט"[3].

---

[1] מלך ראַוויטש — מײַן לעקסיקאָן, ב׳ 1, זז׳ 108־107, מאָנטרעאַל 1945.
[2] י. ל. פּרץ — בריוו און רעדעס, זז׳ 177־176, ווילנע 1929.
[3] י. י. טרונק — פּוילן, ב׳ 5, ז׳ 274, ניו־יאָרק 1949.

ווי ווייל ער האָט אַ העלפֿט לעבן אָפּגעלעבט אין ווילטאָג, האָט ער איינס און צוויי זיך אַרײַנגעפּאַסט אין נע־ונד און „שלום געמאַכט מיט זײַן גורל... מיטן שיסל און לעפֿל אין דער שורה, צו קריגן אַ ביסל געקעכץ״ [4].

און הגם ער שרײַבט לידער ווי אַ פֿילאָסאָף און אַנאַליזירט ליטעראַטור ווי אַ קאַטעדראַטיקער, גיט ער זיך לסוף אָפּ מיט אַ באַזונדערער הנאה צו פֿאַרוואַנדלען פֿאָלקס־מעשׂיות און ייִדישלעכע וויצלער־אײַנפֿאַלן אַזש אין ראָמאַנען, אין נוסח פֿון קיבעץ און סטיל פֿון שאַרזש פֿון פֿאַרגאַנגענע דורות, מיט אַ מחיהדיקן הומאָר.

טרונק איז אַן עקזאָטישע געשטאַלט אין דער ייִדישער ליטע־ראַטור.

ער האָט זיך פֿאַרגונען נישט בלויז צו גיין אַנדערש געקליידט ווי אַלע און זיך פֿירן אַנדערש אין דער געזעלשאַפֿט, באַגלייט פֿון זײַן גרויסן וואָלפֿהונט; אויך אין שרײַבן האָט ער זיך דערלויבט צו זײַן אַנדערש, נישט נאָכגעגאַנגען דער מאָדע.

זיך נישט געשראָקן צו גיין אַליין און צו ווערן קריטיקירט, הגם ער איז ניט שטענדיק געווען אײַנגעגלייבט, אַז ער גייט אויפֿן ריכטיקן וועג.

ער קוקט זיך צו אַלעמען צו און הערט זיך צו אַלעמען צו, אָבער נישט ער וויל זײַן אַ רבי און, דאַכט זיך, אַז ער וויל אויך ניט זײַן אַ תּלמיד... ער וויל זײַן אַזוי ווי ער איז.

אויבנאויפֿיק אונטערגעוואָרפֿן אַ קאָלעקטיווער דיסציפּלין, אָבער אין גרונט אַן אינדיווידואַליסט.

אינטים — אַ באָהעם מיט געמיטלעכקייט. מיט הומאָר.

אַ טיפֿזיניקער ייִדישער באָהעם מיט תּמימותדיקן גרויסוועל־טישן הומאָר. מיט ווידערשפּרוכן אויף טריט און שריט. שווישפּי־לעריש.

---

[4] יעקב פּאַט — שמועסן מיט ייִדישע שרײַבער, ז׳ 128, נ״י 1954.

טרונק האַלט, אַז אַ שרײַבער איז אַן אַקטיאָר. טראָגט אַ מאַסקע. שפּילט אַן אַנדערן, אָבער אין אמתן איז ער אַליין — דער אַנ־דערער . . .

פונקט ווי דער שוישפּילער פֿאַרשטעלט זיך, אָבער אויב ער האָט נאָר פּערזענלעכקייט, שפּילט ער זיך, אַזוי איז דער שרײַבער: פֿון די פֿרעמדע רייד שפּילט ער זיך אַרויס — — —

אַז טרונק האָט דערפֿילט אַ ביסל מנוחה אין זײַן נײַער היים, אין אַמעריקע, און זיך גענומען אַרויסענדיקן זײַן לעבנסווערק וועגן שלום עליכמס טבֿיה און מנחם־מענדל, וואָס ער רופֿט־אָן שיקזאַל און שפּיל, האָט ער זיך אַזוי מתנצל געווען: „דער לעזער וועט מיר אַנטשולדיקן, וואָס איך האָב אים אַזוי לאַנג באַלעסטיקט מיט די ווינציקייטן פֿון מײַן פּערזאָן... ליבער לעזער! אויך אַ שריפֿט־שטעלער איז נישט מער ווי אַן אָרעמער קאָמעדיאַנט און מוז זיך ווײַזן אין אַ מאַסקע, אַפֿילו ווען ער ווייַנט־אַרויס פֿון זײַנע בײ־טערסטע נויטן. לאָמיר זיך צוריק אָנטאָן — פֿירט ער אויס — די מאַסקע אויפֿן פּנים און אַרויסגיין אויף דער בינע און ווײַטער שפּילן. איך גיי־אַרויס פֿון הינטער די קוליסן. דאָס שפּיל הייבט זיך אָן"[5].

פֿאַר טרונקן איז זײַן ליטעראַריש אַנאַליזירן מנחם־מענדלס און טבֿיהס דרך אַ געלעגנהייט אָפּצושפּיגלען זײַן אייגענעם, טרונקס, שיקזאַל און שפּיל. אין מנחם־מענדלס און טבֿיהס לעבנסגאַנג גע־פֿינט טרונק אַ סך ענטפֿערס אויף זײַן אייגענעם לעבן. דעם ייִדנס גורל.

זעלטן אידענטיפֿיצירט זיך אַזוי אַ קינסטלער מיט זײַן ווערק ווי עס דערגרייכט דאָס דער חסידישער סאָציאַליסטישער מאַגנאַט יחיאל־ישעיה טרונק. דאָס האָט געקענט באַווײַזן נאָר אַן עכטע קינסטלער־נאַטור מיט אַ רײַכער פּערזענלעכקייט.

[5] י. י. טרונק — „אַ מעשה מיט אַ מאַנוסקריפּט", די צוקונפֿט, נ"י, נאָוו' 1942, ז' 677.

## דער בעלעטריסט שטײַערט זיך מיטן עסייִסט

אויב געמיטלעכקייט איז דער פֿאַרבאַדינג אין בעלעטריסטיק, איז י. י. טרונק אַ בעלעטריסט. נאָר אויב לאַנגע מעדיטאַציעס אין סטיל פֿון אַ דיסציפּלינירטן דענקער קוואַליפֿיצירן דעם שריפֿטשטע־לער פֿאַר אַן עסייִסט, איז טרונק אַ פֿולער בעלעטריסט בלויז אין זײַנע לאַנגע פֿאָלקס־ראָמאַנען, על פּי רובֿ געבויטע אויף פּאַסירונגען וואָס קלינגען ווי לעגענדעס, און פּאָפּולערע געשטאַלטן, וועלכע האָבן אפֿשר אין דער ווירקלעכקייט קיין מאָל נישט געלעבט, ווי ר׳ ישׂראל בעל שם טובֿ (דער פֿאַרהייליקטער) און שׂמחה פלאַכטע (דער אויסגעלאַכטער) אָדער הערשעלע אָסטראָפּאָליער (דער הוליע קבצן).

אפֿשר דערפֿאַר איז די היסטאָרישע נאָוועלע טרונקס באַליבטער זשאַנער. דאָ איז דער בעלעטריסט אַ שותּף מיטן עסייִסט, נישט קיין קאָנקורענט. דאָס געמיט פֿון דערציילער גייט דאָ האַנט בײַ האַנט מיטן געלערנטן און דענקער. טרונקן זײַנען ביידע אייגן.

די העלדן פֿון טרונקס היסטאָרישע נאָוועלעס זײַנען פֿילאָסאָפֿן, מאָראַליסטן, היסטאָריקערס, פּרינצן, קיניגן, אַפֿילו אַ פּויפּס. מענטשן מיט אידייען, באַזונגענע אָדער באַקעמפֿטע. טיראַנען אָדער מאַר־טירערס.

טרונק, דער שרײַבער פֿאַר אינטעליגענץ און פֿײַנשמעקערס, שילדערט מענטשן וואָס גריבלען זיך אין געדאַנקען און סיסטעמען. מיספֿאַרשטייענישן און סתּירות קומען געריכט און אומגעריכט. די צײַט צערייצט זיי. טרונק האָט חוש פֿאַר דראַסטישע סיטואַציעס. שוואַכקייט פֿאַר קעגנזאַצן, סתּירות, אויסטערלישקייטן.

אַז טרונק שטעלט־פֿאָר פּלוטאַרכן, ווישט ער קודם אָפּ די נײַנצן יאָרהונדערטער, וואָס טיילן אים אָפּ פֿון אונדז. מיר זאָלן אים פֿילן, גלײַך ווי ר׳איז צווישן אונדז. „זײַן קליינע פֿאָרשטאָט כאָרינעאַ אין בעאָטיע — דערציילט ער — האָט דעם יונגן פּלו־טאַרך באַשײַמפּערלעך אויסגעקוקט ווי אַ מדבר". ער באַמערקט:

„פּלוטאַרך האָט אַלץ ליב געהאַט צו פֿאַרשטיין ווי אַ משל". לאָמיר זשע צוגעבן, אַז טרונק האָט דאָס געשריבן אין ווילנע 1940. בעת די נאַציס זײַנען געשטאַנען בײַ די טויערן פֿון ווילנע. דערציילט טרונק, ווי פּלוטאַרך הייסט אין מיטן פֿון קאָרעגירן „סטיל־פֿעלערן" געבן צוואַנציק שמיץ איבערן נאַקעטן לײַב זײַן שקלאַף אַנכיזעס און דעם אַנדערן שקלאַף, אַביזיוס, וועלכער שמײַסט, זאָגט ער צו, נאָכן שמײַסן, איבערלייענען די „סטיל־פֿעלערן"...

סטיל און — שמיץ. וואָס פֿאַר אַ חוזק!

י. י. טרונק האָט ליב צו ווײַזן דעם חוזק, אויף וועלכן מען שטעלט זיך אַליין אויס. אַמאָל ווי הײַנט. ער „האָט געגלייבט, אַז אַלע ווידערשפּרוכן זײַנען מיספֿאַרשטענדענישן, וואָס דאַרפֿן ווי צום גיכסטן ליקווידירט ווערן. ער האָט אין דעם צעריסענעם לעבן פֿון די נאַלעווקעס געזוכט די האַרמאָניע, וועגן וועלכער ס'האָבן גערעדט פּלאַטאָן און סענעקאַ"[6].

ווילט איר, קענט איר די דאָזיקע האַרמאָניע אָנרופֿן סינטעז פֿון אַלט און נײַ, פֿון אַמאָליקע מעלות פֿאַראייניקטע מיט הײַנטיקע מעלות. אַ מין ליגן בריקן צווישן דורות און שיטות פֿון לעבן. אַזוי שטײַערט זיך אויך אין י. י. טרונקן דער בעלעטריסט מיטן עסייִסט.

אין זײַן „ראָמאַן פֿון אַ שטערן־קוקער" הייבט־אָן „דער מחבר זײַן ווערק מיט עטלעכע ווינציקע נאָר זייער קלוגע געדאַנקען וועגן סדר־העולם", ווי בײַם שרײַבן אַן עסיי. „אויף אַלע געביטן פֿון מענטש־לעכער טעטיקייט — זאָגט ער — לעבן מיר איבער הײַנט צו טאָג אויסטערלישע קאַטאַסטראָפֿעס און קאַטאַקליזמען. גראָד די קאַטאַ־קליזמען און קריזיסן, וואָס שפּילן זיך אָפּ אויף די שטחים פֿון וויסנשאַפֿט און דערקענטעניש, זײַנען טיפֿער, דערשיטערנדיקער אין זייערע גרונט־יסודות און אויסזיכטלאָזער אין זייערע פּערספּעק־טיוון ווי די קאַטאַסטראָפֿעס, וואָס קומען־פֿאָר אין דעם אָרעמען,

---

[6] י. באַשעוויס — „אַרום דער יידישער ליטעראַטור אין פּוילן", די צו־קונפֿט, נ"י 1943, ז' 474.

סוף־כּל־סוף ענדלעכן און פֿאַרגענגלעכן, געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון די מענטשן". אויך שפּעטער, אַפֿילו ווען ער לאָזט זיך אַרײַן אין פֿאַנטאַזיעס, שילדערונגען און עפּיזאָדן, געמיטלעך, לאָזט ער אונדז אָנצוהערן, אין וואָס פֿאַר אַ צײַט ער האָט געלעבט. „קאַלען זאָגט שטיל, נישט דרייסט: — איך לײַד לעצטנס אויף שטאַרקער שלאָפֿ־לאָזיקייט". טרונק גיט־אָן בײַם סוף, אַז ער האָט דעם „ראָמאַן" גע־שריבן אין וואַרשע־ווילנע 1939־1940, ווען אַלע ייִדן אין יענע מקומות האָבן געליטן „אויף שטאַרקער שלאָפֿלאָזיקייט"... נישט אומזיסט ענדיקט טרונק זײַן „ראָמאַן", אַז „קאַלען האָט שטיל גע־וויינט; ער האָט געוויינט דאָס געוויין פֿונעם מענטש אין מיטן דעם צעשטורעמטן כאַאָס" — — — טרונקס „שטערן־קוקער" פֿיבערט מיטן אָרום.

די צײַט רעדט־אַרויס פֿון אַלץ, וואָס י. י. טרונק שרײַבט. דאָס לעבן פֿון דער צײַט איז אונטער דער מאַסקע פֿון טרונקס ראָמאַנען און היסטאָרישע נאָוועלעס.

## דרײַ פּעריאָדן אין י. י. טרונקס שאַפֿן

דער קלימאַט פֿון דער צײַט, דאָס ייִדישע און אַלגעמיינע לעבן, דעצידירט אין י. י. טרונקס ליטעראַרישן דרך.

אינעם ערשטן פּעריאָד פֿון זײַן שאַפֿן, ביזן ערשטן יאָרצענדלינג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, דווקא ווען ער האָט געלעבט מיט דער אילוזיע פֿון סטאַביליטעט און האָפֿענונגען פֿאַר סאָציאַליסטישע רעאַליזירונגען אין פּוילן, האָט זיך טרונק אַלץ געראַנגלט מיטן שרײַבער אין זיך. אַנטקעגן דער הערשנדיקער טראַדיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור, צו זײַן לײַכט צוגענגלעך פֿאַרן ייִדישן לייע־נער, אַפֿילו פֿאַרן אינטעליגענטסטן לייענער, איז טרונק געווען „אַ שווערער שרײַבער". אַפֿילו וועגן שלום עליכמען האָט ער געשריבן שווער, מיט אַקאַדעמישער האַרבקייט, וועלכע רעכנט זיך נישט מיט ליטעראַרישער פּרעפֿערענץ. ווי טרונק איז פּערזענלעך געווען גע־

נייגט צו הומאָר, איז דאָס נישט געקומען צום אויסדרוק אין דעם ערשטן פּעריאָד פון זיין שאַפן. אַפילו ווען שלום עליכמען געשריבן אַן הומאָר... דער בעלעטריסטישער ביישטראָג, סיי אין פאָרעם, סיי אין אינהאַלט, איז לייכט פאַרמישט געוואָרן צווישן די אידעאָלאָגישע זוכענישן, אין ביידע זיך געפונען האַלבוועגס. „כאָטש י. י. טרונק האָט אין זיינע מאָנאָגראַפיעס און בראָשורן נישט אויפגעהערט צו דערמאָנען, אַז די יידיש־וועלטלעכע קולטור איז אונדזער רענעסאַנס און אַז דער יידישער אַרבעטער איז דער יעניקער, וואָס טראָגט־אויס אויף זיינע פּלייצעס אָט די באַנייונג — האָט ער אין זיין בעלעטריסטיק „געקוקט אויף צוריק" און געשילדערט אַלטע גריכן, רוימער אָדער אַזעלכע נישט־פּראָלעטאַרישע העלדן ווי יעזוס און בודאַ" [7]. ער איז שרייבעריש אונטערוועגנס.

אַ ראַדיקאַלע ענדערונג קומט־פאָר אין טרונקן דעם שריפט־שטעלער, ווען עס נעמט זיך ברעכן אונטער אים די ערד און ער איז ווי אַ מענטש אונטערוועגנס. די יאָרן ערבֿ און אין דער 2טער וועלט־מלחמה ווירקן אויף אים אַזוי, אַז זיין ווייטערדיק שאַפן דאַרף מען באַטראַכטן פאַר אַ צווייטן פּעריאָד. אין אים וואַקסט־אויס דער בעלעטריסט צו אַ הויכער מדרגה. אַפילו דער עסייִסט פאַלט־אַרונטער דעם דערציילער. הן אין פאָרעם, הן אין אינהאַלט. ער באַפרייט זיך נישט אין גאַנצן פון דועל... ביידע עלעמענטן, דער־ציילערישקייט און אינטעלעקטואַליזם, ראַנגלען זיך פאַר אייבער־מאַכט... דער וואָס זיגט — איז דער קינסטלער, דער מאָלער פון בילדער, דער אינטימער דערציילער און שטימונגמענטש.

אין די 7 בענד „פוילן" דערשיינט טרונק אַ באַנייטער, אַ באַריי־כערטער אין זיין יידישלעכער דערציילקונסט. ער דערהייבט זיך צו ווירטואָזיטעט אין מאָלן מענטשן און קרייזן פון אַלטן און שטאַרקסטן יידישן ישובֿ, איבער הויפּט די חסידישע באַוועגונג, אירע רביים, אירע תורה־פּערזענלעכקייטן, ווי אויך ליכטיקע געשטאַלטן פון דער

---

[7] י. באַשעוויס — פּרווּער, ז' 470.

יידישער ליטעראַטור און אַרבעטער־פירערס. אַ הערלעכע אַנטאָלאָגיע, וואָס לעבט־אויף פאַרן לייענער די עפּאָכע פאַרן חורבן פוילן. טרונק האָט געלייטערט זיין לשון און סטיל, יידישלעך פאַרטיפט, באַטעמט און פאַראַנקערט אין אַלט־יידישע רייד־אַרטן. אַ סך בלעטער פון „פוילן" זיינען ליטעראַרישע שעדעווערן, מוסטערן פון בעלעטריסטישער געמיטלעכקייט און שילדערן כאַראַקטערס פון פערזענלעכקייטן, י. ל. פרץ בעיקר, און קוריאָזיטעטן, וואָס זיינען טיפיש געווען פאַר דער יידישער סביבה, ספּעציעל פון די צווייוויכטיקסטע שטעט אין פוילן, וואַרשע און לאָדזש. דער אוירעאָל פון תורה־מוחות, רבנים, רביים, מאַגנאַטן, וועלטלעכע פירערס און שרייבערס איז אַרויסגעוואַקסן פון אויפטועך, מעשים, טראַדיציע, טייל מאָל אויך פון פאַנטאַזיעס, אויסטראַכטענישן... אַ סך בלעטער פון טרונקס „פוילן" רופן־אַרויס אַ ציטער פון יראת־הכבוד.

דורך „פוילן" האָט י. י. טרונק, ווייזט־אויס, זיך באַפרייט פון אַנגסט, וואָס האָט אים געהאַלטן אין קלעם אין די מלחמה־יאָרן און ער האָט געפונען דעם וועג, ווי אַזוי צו פאַראייביקן מיט שמייכל אַנדערע זייטן פון יידישן פוילן, זיינע פאָלקסמענטשן, וועלכע האָבן דורך זייער פאַנטאַזיע און שפּאַס פאַרזיסט דאָס יידישע לעבן, די כעלעמער חכמים, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, שמחה פלאַכטע, גאָראַלטע פיגורן פון יידישע פאָלקס־מעשיות — זיי געהערן צו דעם דריטן פעריאָד פון טרונקס שאַפן. דער שרייבער פון דער אינטעליגענץ ווערט אַ שרייבער פאַר עמך. אַפילו די פאָלקס־מעשיות וועגן ר' ישראל בעל שם טוב, אָנגעפיקעוועטע מיט לומדישע ווערטלעך און קבלה־טערמינען, האָבן אויך דעם מחיהדיקן טעם פון פאָלקס־מעשיות.

אין פוילן, אינעם ישוב פון די געדיכטע פרימיטיווע יידישע פאָלקסמאַסן, איז י. י. טרונק געווען דער האַרבער און האַרטער אינטעליגענטישער שרייבער; ווייט פון דער אַלטער היים האָט טרונק דעראָבערט דאָס לשון און דעם נוסח פון עמך, ווי אַ קינסטלער.

## דער „נאָוואַטאָרישער גײַסט" פֿאַרבענקט נאָך אידעאַליזם

אַ קאָנטראָווערסאַלער (בטבֿע איבערטרײַבנדיקער) קריטיקער האָט אין זײַן אַרײַנפֿיר צו טרונקס בוך „אידעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור" טרעפֿלעך כאַראַקטעריזירט דעם מחבר ווי „אַ ביסל פֿרעמדלעך פֿאַרן לעזער" און „אויפֿן ערשטן בליק גאַנץ אַלטמאָדיש אין דער פֿאָרעם", הגם — „אַ נאָוואַטאָרישער גײַסט"[8]. אָט אָ דאָס זוכן צו באַנײַען זיך האָט אַרויסגעפֿירט טרונקן אויפֿן דרך המלך.

דער פּאָלעמיזירנדיקער קריטיקער האָט פֿאָרויסגעזאָגט: „וויל טרונק צוקומען צו דויערנדע און ווירקלעך דויערנדיקע דערגרייכונגען טאָר ער נישט אויסמײַדן גרינטלעך צו אַרבעטן: אַרבעט — דאָס איז דער גרויסער קרבן, וואָס עס פֿאַרלאַנגט אַלע מאָל די שריפֿטשטעלערישע קולטור" און „דער נאָוואַטאָרישער גײַסט בײַ טרונקן דריקט זיך אויס אויך דערמיט, וואָס ער בלײַבט נישט שטיין און ער מאַכט כסדר פֿאָרשריט — דאָס איז שטענדיק אַ סימן פֿון אַן עכטן טאַלענט"[9].

י. י. טרונק האָט טעאָרעטיש קלאָר געזען, אַז „אין מיטן (פֿון) דער גאָלדענער צײַט פֿון ייִדישן אידעאַליזם, ווען שלום עליכם, י. ל. פּרץ און שלום אַש, נישט בלויז (וואָס) זיי האָבן געלייגט די יסודות פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, נאָר אויך דעם גרונטשטיין פֿון אַ נײַער עפּאָכע אין דעם ייִדישן וועלט־דאָזײַן, איז געבוירן געוואָרן די בענקשאַפֿט נאָך אַ קעגנזעצלעכן עלעמענט"[10]. די אַרבעטער־מאַסע, וואָס האָט, דערוואַכנדיק פֿון שלאָף, אָן מורא

---

[8] מ. וואַנווילד (שלמה־לייב קאַווע, אויך אַ פּסעוודאָנים פֿון משה־יוסף דיקשטיין) — „י. י. טרונק אין פּראָפֿיל און אַן פּאַס", וואַרשע 1927, ז' ג'. קאַווע איז געווען י. ל. פּרצעס פּריוואַט־סעקרעטאַר.

[9] ד"ז, זז' ל"א און כ"ב.

[10] י. י. טרונק — אידעאַליזם און נאַטוראַליזם אין דער ייִדישער ליטעראַטור. טענדענצן און וועגן פֿון אונדזערע מאָדערנע שריפֿטשטעלער, זז' 81־85.

גענומען אַרויסווײַזן און אַרויסדברן איר „אורשפּרינגלעכע נאַטוראַ־ליסטישע קראַפט״, איז געווען דאָס קול פֿון דעם נײַעם ייִדישן לעבן. אידעאָלאָגיש, מיט זײַן פֿילאָסאָפֿישן אײַנשטעל, האָט טרונק געדינט דעם דאָזיקן לעבן. ווי אַ בעלעטריסט איז ער אָבער אַ... טוריסט. ווי אַ דערציילער לעבט ער תּחילת אין פֿרעמדע וועלטן.

סײַ אין זײַן ערשטן בוך „פֿון דער נאַטור״ און סײַ אין זײַן צווייטן בוך „פֿײַגנביימער״ דערציילט ער פֿון זײַנע טוריסטישע באַ־געגענישן, סקיצירט סילועטן בײַם ים, דערציילט פֿון דראַמעס און ליבעס פֿון ווײַטע וועלטן, פֿון פֿישערס אין ערגעצלאַנד און בעדויִנער אין ארץ־ישׂראל — קיין סימן נישט פֿון זײַן אייגענער סבֿיבֿה, נישט פֿון זײַן רעאַלער וועלט, נישט פֿון זײַנע ראָמאַנטישע פֿאַנטאַזיעס, וועלכע האָבן אים אַרויסגעהויבן אין יאָרן אַרום, אַזוי אין „פּוילן״, ווי אין זײַנע היסטאָרישע נאָוועלעס „יאָזעפֿוס פֿלאַוויוס״, „פּלוטאַרך״, „יוסף דיילה ריינה״. אָפּגעזונדערט פֿון ביידע שטרעמונגען אין דער ליטעראַטור פֿון זײַן דור, הן פֿון נאַטוראַליזם, הן פֿון ראָמאַנטיק, וועלכע ער האָט אַזוי שיין באַנומען, געשילדערט און באַזונגען ווי אַ קריטיקער. יענע האָט ער געפֿונען, זיך — נישט. ערשט נאָך יאָרן עקספּעדיציעס אין עסיי און דער עיקר אין קריטישע עקספּערטיזעס, פּרינציפּיעל און פּרינציפּאַל אין שלום עליכמען, האָט ער אין זיך געפֿונען דעם גרויסן בעלעטריסט, דער וויסנשאַפֿטלער מיטן דער־ציילער, שילדערער, מאָלער.

י. י. טרונק איז דער אינטעלעקטועלער בעלעטריסט, וועלכער פֿאַרוואַנדלט עסייען אין דערציילונגען און סטיליזירט פֿאָלקס־מעשׂיות מיט היסטאָרישע אוצרן, פֿאָלקלאָריסטישן חן און אייגנאַרטיקייטן פֿון פֿאַרגאַנגענע צײַטן.

שמואל ראָזשאַנסקי

י. י. טרונק

## וועלטשפּיל

איך בין געגאַנגען, געגאַנגען און געגאַנגען,
און געמיינט אַז ס׳איז די וועלט.
טויבע שטילקייטן האָבן מיר געקלונגען ווי געזאַנגען,
פּוסטע טרויעריקייטן האָבן מיך געלאָקט ווי פֿאַרלאַנגען,
אַ שאָטן האָט געמיניעט — כ׳האָב געמיינט, אַז עס העלט.

די וועלט איז אַ ליכטשפּיל אין אַן אייביקער נאַכט —
און איך בין אַן אָרעמער קאָמעדיאַנט.
די שמאַטע אויף מײַן לײַב האַלט איך פֿאַר מלכותדיק געוואַנט,
ס׳ברעט, אויף וועלכן כ׳טאַנץ, איז דאָס געקליבענע לאַנד,
און מײַן קלאָוניש פּנים — עס וויינט און עס לאַכט.

די וועלט איז שפּיל אין שאָטנס, און איך, אַן אָפּגעברענטער שאַרבן,
ווער געצויגן אויף אַ שטריקל. עמעץ פֿליסטערט מיר: לײַד!
עמעץ פֿליסטערט מיר: האָב פֿרייד!
און איך מוז קלאָמפּערשט שטאַרבן.

## וועלטגעפּיל

פֿינצטער שוועבט די שוועסטער נאַכט.
איינזאַם רוט דער ברודער שטיין
אויפֿן פֿעלד.

כ׳בין נישט אַליין
אין דער וועלט.
גלעט מיך די פֿינצטערע נאַכט,
טרייסט מיך דער איינזאַמער שטיין,
ביסט נישט אַליין
אין דער וועלט.

ברודער בלאַט אויפֿן בוים.
שוועסטער בלום אויפֿן פֿעלד.
כ׳בין נישט אַליין
אין דער וועלט.
פֿליסטערט דאָס בלאַט אויפֿן בוים,
שמעקט די בלום אויפֿן פֿעלד:
ביסט נישט אַליין
אין דער וועלט.

ניו־יאָרק 1944

## וועלט־סוף

אין די טונקל־טריבע הימלען גליט די זון —
אַן אויסגעפֿלאַקערטער קין.
אַלע וויַיטקייטן זײַנען אײַנגעשרומפּן.
דער שטאַרקער לייב ברומט ווי אַ שוואַכע בין.
דער הויכער העלפֿאַנט —
איז סך־הכל אַזוי גרויס ווי אַ שפּין.
און ווער איז דער לעצטער מענטש?
ווער איז דער לעצטער האַר פֿון דער וועלט?
אַ ייִד.

די העכסטעביימער זײַנען קליין
ווי דאָס נידעריקסטע גראָז.
די וועלט — אין לעצטן בין־השמשות.
די וועלט איז קאַלט און ווײַס.
די שיינע בלומען, די זוניקע זומערס —
פֿאַרוואַנדלט אין אײַז.
אַלע שיינקייטן זײַנען אויסגעגאַנגען.
אַלע קלוגשאַפֿטן —
האָפֿענונגלאָז.
און ווער איז דער לעצטער מענטש?
און ווער איז דער לעצטער האַר פֿון דער וועלט?
אַ ייִד.

אין די טונקעלע הימלען די זון — קוים זי גליט.
אַ, די קלוגע וועלט איז אַלט און מיד.
די קלוגע וועלט איז שוואַכזיניק —
די קלוגע וועלט ווייסט נישט, ווען טאָג און ווען נאַכט.
אויף די וועלטשנייען רופֿט אַ קול:
צײַט צו שטאַרבן! צײַט צו שטאַרבן!
אַלע מלכים און אַלע חכמים
זײַנען געקומען און געבראַכט
די קרוינען און די חכמה.
רעזיגנירט — און שטיל געשטאָרבן.
שטיל געשטאָרבן.
זייער טרויערליד
האָט אַרויסגעלאַכט
אַ לעצטער ייִד.

די אומעטיקע וועלט מאַכט חשבון.
ס׳האָט זיך גענומען וועקן
אין איר ס׳געוויסן.

עס האָט געטאָן אַ קלונג.
אומהיימלעך האָט אַ בלאָז געטאָן אַ שופֿר.
פֿון די טונקעלע ווינקעלעך
איז פּאַמעלעך געקומען צו גיין
אַ ייִד מיט אַ שטעקן.

אין די הימלען גליט פֿויל די זון —
אַן אויסגעפֿלאַקערטער קין.
עס קומט־אָן צו גיין דער לעצטער ייִד,
אַ גרויער איינגעהויקערטער ייִד,
און לייגט־אויס פֿאַר דער וועלט
זײַן אייביקע סחורה:
פֿון אַלע ווירקלעכקייטן ברענגט ער — די אומדערגרייכטע טרוימען,
פֿון אַלע וועלטן ברענגט ער אַהער די פּוסטע רוימען —
און דעם שיטערן רויך ברענגט ער אַהער פֿון קוימען.
אין דעם לעצטן טאָג האָט דער לעצטער ייִד
אויסגעשטעלט דעם לעצטן יאַריד.
און ער זאָגט:
דאָס שפּיל איז צו ענד —
צו ענד די לײַדן און פֿריידן.
מיר מוזן זיך שיידן.
און עס גיט אַ צימבל אויף זײַן שטעקן
דער לעצטער ייִד פֿון דעם לעצטן יאַריד
און זינגט דאָס לעצטע ליד:
„פֿון אײַך אַלעמען, פֿון אײַך אַלעמען —
פֿעלקער, מלכים, פֿילאָסאָפֿן,
האָט מיך דער לעצטער וועלטטאָג צום ווינציקסטן געטראָפֿן.
אַפֿילו די פֿינצטערע זון
האָט מיך פֿון דאַנען נישט פֿאַרטריבן.

איך האָב געהאַנדלט מיט גאָרנישט —
בײַם גאָרנישט בין איך פֿאַרבליבן.
איר האָט נאָכגעיאָגט די וועלט —
איך בין פֿון איר אַנטלאָפֿן.
איר האָט געהאָפֿט און געגלויבט —
איך האָב נישט געגלויבט אין האָפֿן.
נו, האָט איר קלאָמפֿערשט דערגרייכט אײַערע פֿאַרלאַנגען?...
איך בין אין ערגעץ נישט דערגאַנגען״.

דאַן האָט דער ייִד זיך אָנגעטאָן טלית און תּפֿילין
און געטאָן דעם לעצטן זיפֿץ פֿון דער וועלט —
אַ זיפֿץ גאָר אַ שטילן.
דאַן האָט דער ייִד אַ וואָרף געטאָן דער וועלט זײַן לעצטן
גראָשן —
און זי האָט זיך פֿאַרלאָשן.

וואַרשע 1938

## ליבשאַפֿט

ווען דער בעכער ווערט פֿול מיט ווײַן,
גיסט ער זיך איבער!
ווען די רויז ווערט פֿול מיט דופֿט,
צעפֿאַלן אירע בלעטער!
ווען דאָס האַרץ ווערט פֿול מיט ליבשאַפֿט —
פֿאַרגייט דער לעצטער טאָג.

די זון פֿאַרגייט אין מערבֿ.
אויף די וועגן טרויערן ווערבעס.
שוואַנען זינגען טונקל.

נ״י 1942

## פֿאַר מיר איז געגוג

דער גאָרטן שטייט אין פֿולן צוויט.
פֿאַר מיר איז גענוג
אַ בלימל אין טעפּל וואַסער.
די לבֿנה לײַכט אויף די דעכער.
פֿאַר מיר איז גענוג
אַ ליכטל פֿאַר אַ גראָשן.

געזאַנגען פֿון אומשטערבלעכקייט!
פֿאַר מיר איז גענוג
דאָס בלאַסקייט פֿון תּכריכים.
געזאַנגען פֿון ליבשאַפֿט!
פֿאַר מיר איז גענוג
אַ קלאַפּ אין מײַן פֿענצטער.

## פֿון די לעצטע לידער

### סוף־מאָטיוון

רו אויף די וואַסערן —
ווער גייט אין דער רו?
ווער טראַכט אין דער רו?
— דו.

געוויטער
אין די געמיטער.
ווער שטייט אויף דער שוועל
צווישן אומרו און רו?
— דו.

אַ וועלט האָט פֿאַרבליט
אין דײַן ליד.
דײַן ליכט — אַ פֿלעק
אויף דער וואַנט.
דײַן געזאַנג —
אומבאַקאַנט.
די געטער זײַנען אַוועק
אויף די ווינטן.
די זון האָט זיך באַהאַלטן
הינטער אַלערליי געשטאַלטן.
ביסט געבליבן פֿאַרלאָזן
צווישן קבֿרים־גראָזן.

אויגוסט 1960

## טאַנצליד

זיץ איך אויף אַ בוים
און פֿײַף מיר אַ לידעלע.
בײַם בוים שטייט אַ בעטלער,
שפּילט אויף אַ פֿידעלע.
אויף אַ בלאַט טאַנצט אַ זונשטראַל
אין געשטאַלט פֿון אַ ײדעלע.

קעגנאיבער אויף אַ דאָרן
זיצט מײַן לײַבלעכער שאָטן.
דער שׂטן.
מעפֿיסטאָפֿעל.
אויפֿן שטערן אַ האָרן.
פֿיס —
גלײַך גילדערנע פּאַנטאָפֿל.
איין אויג איז אים פֿאַרמאַכט,
דאָס אַנדערע אָפֿן.

ביַי נאַכט.
אַלע שלאָפֿן.
ווען עס קומען די קאַיאָרן,
איז דער שאָטן אַנטלאָפֿן
פֿון מײַנע יאָרן.

פֿײַפֿט ער אויף די ווינטן
דעם שאָטן פֿון מײַן לידעלע.
ענטפֿערט פֿון די ווינטן
אַ שאָטן פֿון אַ פֿידעלע.
טאַנצט אין די ווינטן
אַ שאָטן פֿון אַ ייִדעלע.

אויף אַ בוים זיצט דער פּיקהאָלץ,
קלאַפּט ווי אַ העמערל.
דער פֿויגל איז דער דריטער
אין געוויטער
פֿון דעם זמרל.

זיץ איך אויף אַ בוים,
נאַקעט, אָן אַ שאָטן,
אין וויסטן וואַלד אַליין,
עלנט ווי אַ שטיין,
זיץ איך מיר און וויין.
וואָס איז שאָטן? טרוים.
וואָס איז שאָטן? רוים.
רוישט נישט מער דער וואַלד.
שווײַגן שטיל די ביימער.
ס׳לעבט נישט מער קיין טרוימער.
מײַן טאָגלאָז געשטאַלט
צעפּליסט ווי שוים,

ווען ס׳לעשט זיך אויס די זון
אין מערבֿ־זוים פֿון הימל.

22 דעצעמבער 1960

## פֿון „זעלבסטפּאָרטרעט"

. . . טאָג און נאַכט קלינגען מײַנע קייטן.
טאָג און נאַכט חלום איך צו שטרײַטן
מיט די נאָענטע און מיט די ווײַטן.
טאָג און נאַכט —
פֿלאַקערן מײַנע שײַטן.

. . . ווער איז דאָרט פֿאַרשטעלט?
דאָס טונקלעניש פֿאַרשטעלט?
משיח אָדער לץ?
אָנהייב אָדער קץ?
הפֿקר צי געזעץ?
כ׳זע עס נישט גענוי־ער.

כ׳זע נײַערט אַ געלאַף
פֿוןווירקלעכקייט און חלום.
באַשייד און משלים.
ליכט און שאָטן
פֿון גאָט און שׂטן.

נ״י, 11 יאַנואַר 1961

# פון די 7 בענד „פוילן“

פון בוך 1

דער זיידע ברוך גזשיוואַטש שטאַמט פון פּראָסטע ייִדן. — דער פירשט סאַפּיעהאַ. — די עניוותדיקע און פרומע באָבע חיה. — דאָס בת־יחידקעלע ווערט אויסגעבעטן ביי גוטע ייִדן.

מיין זיידע פֿון דער מוטערס צד, ברוך גזשיוואַטש, האָט גע־שטאַמט פֿון פּראָסטע פּוילישע דאָרפֿייִדן. אונדזער שטוב אָבער, זינט איך געדענק זי, איז געווען סיי אַ לומדיש־משׂכּילישע, סיי אַן אויפֿ־געקומען־גבֿירישע שטוב; דעריבער האָט מען זיך געהאַלטן פֿון דער ווייטנס פֿון זיידנס פּראָסטער דאָרפֿישער משפּחה. זי איז אונדז נישט אָנגעשטאַנען צום יחוס.

דעם זיידנס משפּחה האָט טאַקע געמוזט זיין גאָר אַ פּראָסטע. פֿון די פֿעטערס און די געשוועסטער־קינדער האָט געשמעקט מיט דעם פּראָסטן אָפּשטאַם פֿון זיידן. מ׳האָט זיך געשושקעט, אַז דעם זיידנס פֿאָטער — וועמענס נאָמען איך האָב נאָר געהערט, ווען מ׳האָט דעם זיידן אויפֿגערופֿן צו ששי — איז געווען אַ דאָרפֿשוויגער[1] אין אַ דאָרף הינטער קערניזשע. דער זיידע האָט געשטאַמט פֿון זיין ערשט ווייב. ווי עס האָט אויסגעקוקט דעם עלטער־זיידנס שטוב און ווי עס איז בכלל געווען דעם זיידנס יונגט צווישן די פּויערים און די שיקסעס פֿון דאָרף האָב איך קיין מאָל נישט געקענט געוויר ווערן.

---

[1] אַרענדאַר.

די דאָזיקע גאַנצע פֿאַרגאַנגענהייט האָט מען געהאַלטן בײַ אונדז „אונטערן שטערצל״. עס איז דאָרט מן הסתּם צוגעגאַנגען געגוג פּראָסט, דאָרפֿיש און פּויעריש. דער זיידע ברוך האָט אין זײַן יוגנט געמוזט זײַן, אַזוי צו זאָגן, אַ היפּשער נאַטור־מענטש. שפּעטער אָבער, ווען דער זיידע איז געוואָרן אַ גרויסער גבֿיר, האָט ער געלערנט „תּנא רבי אליהו״ און געטראָגן שבת אַ זײַדענע קאַפּאָטע. אויף ראש־השנה איז ער געפֿאָרן צום רבין און דאָרט, בײַם רבין, געווען אַ „טישזיצער״ צווישן שיינע ייִדן און רבנים, און געטראָגן (בײַם רבינס טיש) אַ שטרײַמל.

אין זײַן יוגנטצײַט האָט דער זיידע ברוך פֿאַרלאָזט דאָס שווײַגערישע עלטערן־הויז און אַוועק אין דעם נעבנדיקן שטעטל קערניזשע. דאָרט איז ער פּלוצעם אַרײַן אין אַ חסידישער סבֿיבֿה. מ׳האָט מיט אים געלערנט און ער איז געוואָרן אַ שטיקל בן־תּורה, ווי ער האָט דערציילט, האָבן אים ייִנגלווײַז די וואָרקער חסידים פֿון קערניזשע מיטגענומען צו ר׳ מענדל וואָרקער. ער איז מיט זיי מיטגעפֿאָרן אין אַ גרויסער באַלעגאָלישער בויד. דער זיידע פֿלעגט אָפֿט און מיט גרויס פֿאַרגעניגן דערציילן פֿון אָט דער לאַנגער חסידישער נסיעה צום וואָרקער רבין. אין דער באַלעגאָלישער בויד, וואָס האָט זיך קוים און לאַנג געשלעפּט איבער די זאַמדיקע פּוילישע וועגן, האָבן די פֿאַרנדיקע חסידים כּסדר געטאַנצט פֿון שׂמחה. אין אַלע קרעטשמעס האָט מען געפּראַוועט סעודהלעך און די פֿעסלעך בראַנפֿן, וואָס מ׳האָט מיט זיך מיטגעפֿירט אַזש פֿון קערניזשע, האָט מען כּסדר אָנגעפֿולט מיט נײַער משקה. דער זיידע ברוך איז געווען אַ שיינער דערציילער. זײַנע מעשׂיות האָבן געהאַט סטיל, פֿאַרב און פֿאַלקסטימלעכע פֿאַנטאַזיע. ער האָט דער דאָזיקער נסיעה געגעבן דעם קאָלאָריט פֿון אַן עולה־רגל־זײַן קיין ירושלים און תּמיד האָט ער באַטאָנט מיט שטאָלץ, אַז אים — דאָס פּראָסטע אָרעמע ייִנגל — האָט מען מיטגענומען אויף דער עקסטאַטיש־פֿריילעך־חסידישער נסיעה צום וואָרקער רבין!

די באָבע חיה, דעם זיידן ברוכס ווײַב, איז געווען פֿון אַ

בכּבֿודיקער באַלעבאַטישער פֿאַמיליע, פֿון זשיכלין. אירע עלטערן זײַנען יונגערהייט במשך פֿון איין וואָך געשטאָרבן פֿון כאָלערע. די באָבע איז פֿאַרבליבן אַן אָרעמע יתומה. אַ מומע האָט זיך אויף איר מרחם געווען און זי גענומען צו זיך אין הויז. בײַ אונדז אין שטוב האָט מען וועגן דער פֿרײַער אָרעמער פֿאַרגאַנגענהייט נישט גערעדט און איך בין מיך משער, אַז בײַ דער דאָזיקער מומע איז די באָבע חיה געווען אַ פּשוטע דינסט. אין אירע יונגע יאָרן האָט די באָבע חיה געמוזט זײַן אַ גרויסע יפֿת־תּואר. אויף דער עלטער — זי איז געשטאָרבן צו עטלעכע און אַכציק יאָר — האָט זי נאָך אויף זיך געטראָגן די שפּורן פֿון איר אַמאָליקער שיינקייט. איר בלאַס פּנים האָט געהאַט אויסערגעוויינטלעכע רעגלמעסיקע פֿאָרמען, די הויט איז געווען בלאַס מיט דעם שימער פֿון אַן אַמאָליקער איי־דעלער צאַרטקייט. די אָרעמע יתומה פֿון זשיכלין האָט געהאַט אַ קלאַסיש־גריכישע נאָז.

די באָבע איז געווען אַ שטילע ווי אַ טויב. דער זיידע האָט זי נישט געמוזט שטאַרק ליב האָבן, ווײַל ער פֿלעגט אָפֿט אויף איר שרײַען און קיין מאָל נישט אַרויסווײַזן איר קיין צערטלעכקייט, און צו איר נישט גערעדט קיין גוט וואָרט. דאָס האָט נאָך מער נידער־געשלאָגן איר כאַראַקטער. אין שטוב האָט זיך די באָבע חיה אַרומ־געדרייט מיט אמת ייִדישער עניוות און זי האָט כּסדר מורא געהאַט פֿאַרן זיידן. נישט געקוקט אויף דער הערשערישער באַציִונג צו איר, האָט זי דעם זיידן ליב געהאַט מיט דער ליבשאַפֿט פֿון אַ שטילער ייִדישער טאָכטער, וואָס קלערט גאָר נישט איבער און שענקט־אַוועק אירע געפֿילן נאָך די געבאָטן פֿון דער תּורה. זי האָט דעם זיידן קיין מאָל נישט אָנגערופֿן בײַם נאָמען. אַלע אין שטוב האָבן אויף איר געהערשט. די באָבע חיה האָט אין זיך געהאַט אַ סך פֿון אַ ייִדישער צדיקת. געווען גאָטפֿאָרכטיק און ליב געהאַט צו טאָן צדקה בסתר. דערפֿאַר איז זי געווען איבערגלייבעריש ווי אַ פֿאָלקסקינד. זי האָט אין אַלצדינג נאַיִוו געגלייבט, אין גוטע ייִדן און אין פּיפּערנאָטערס. זי האָט אויך געהאַט אַ ווילדע אמונה אין

דאָקטוירים און אין כּלערליי רפֿואות און סגולות. אַלצדינג, וואָס איז געווען העכער פֿון איר שׂכל און געהאַט מאַכט איבערן גליק, געזונט און לעבן פֿון אַ מענטש, האָט מיט אַ מאָדנער ערפֿאָרכטיקייט אימפּאָנירט דאָס מינדערוועטיקייט־געפֿיל פֿון דער באָבע חיה. סײַ אין דער פֿאָרעם פֿון אַ מאַכטלאָזער רעזיגנאַציע איז דאָס מינדער־ווערטיקייט־געפֿיל געווען טיף באַגראָבן אין האַרצן פֿון אָט דער שוויַיגנדיקער ייִדענע, וואָס האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין גליקלעך לעבן, תּמיד געווען אָפּהענגיק פֿון דעם חסד און דעם ווילן פֿון אַנדערע.

די חתונה פֿון דער באָבע חיה מיטן זיידן ברוך האָט פֿאַר דער באָבעס צד געמוזט זײַן אַ מעזאַליאַנס [2]. די באָבע פֿון אַ קליינבירגער־לעך־באַלעבאַטישער פֿאַמיליע און דער זיידע סך־הכּל אַ „שווײַגער־יונג". נאָר די באָבע איז געווען אַן אָרעמע יתומה און די מומע, בײַ וועלכער זי איז געווען אַ דינסט, האָט איר אויף געוואַלט גע־וואָלט „צודעקן דעם קאָפּ" און זי חתונה מאַכן פֿאַר אַ פֿאָרדינער.

נאָך דער חתונה האָט דער זיידע זיך געמאַכט אַ געוועלבל אין סאַניק און ס'איז אים גוט אַוועקגעגאַנגען. די סאַניקער גיטער האָבן געהערט צו אַ גרויסן פּוילישן מאַגנאַט, פּירשט סאַפּיעהאַ, און דער זיידע האָט בײַ אים נושׂא־חן געווען און געוואָרן בײַ אים אַ „זשי־דעק" [3]. ביז צו זײַנע לעצטע יאָרן, ווען דער זיידע איז שוין געווען אַ גרויסער מיליאָנער, האָט ער נישט אויפֿגעהערט דעם פּירשטס נאָמען צו דערמאָנען מיט פֿיל ערפֿאָרכטיקייט, און אַז ער, דער פּירשט הייסט עס, האָט דעם זיידן גערופֿן „מאָי בערעק" און אַפֿילו אים מיטגענומען אויף דער פּריצישער קאָטש. בײַם פּירשט האָט זיך דער זיידע אָנגעהויבן צו מאַכן אַ גרויס פֿאַרמעגן און גענומען דערפֿער אויף אַרענדע. שפּעטער האָט דער זיידע אַליין געקויפֿט

---

[2] נישט קיין צוגעפּאַסטע מאַן־און־ווײַב, נישט קיין גלײַכער שידוך, אַ טעות.

[3] — זײַן ייִדל, ווײַל אַפֿילו בײַ יעדן אַנטיסעמיטישן פּריץ איז געווען זײַן ייִדל; די ייִדן אין אַלגעמיין טויגן נישט, נאָר „זײַן ייִדל" איז אַ גוטער.

אַ גוט מיטן נאָמען אָסמולסק, טאַקע נישט ווײַט פֿון סאַניק, אויסגעבויט פֿאַר זיך אַ היימישן פּאַלאַץ, געוואָרן אַ יידישער פּריץ.

אין דעם דאָזיקן גוט אָסמולסק בין איך געבוירן געוואָרן.

נאָך ווײַנענדיק אין סאַניק האָבן דער זיידע מיט דער באָבע געהאַט אַ סך קינדער, נאָר זיי זײַנען אַלע אויסגעשטאָרבן יונגערהייט. פֿון זייערע געשטאָרבענע קינדער האָט דער זיידע מיט דער באָבע קיין מאָל נישט גערעדט און זיי נישט דערמאָנט. זיכער צוליב אייבערגלייבערישע סיבות. זיי זײַנען געבליבן סך־הכל בײַ אַן איינציקער טאָכטער און דאָס איז געווען מײַן מוטער. די ציטערדיקייט, מיט וועלכער מײַן מוטער, דאָס איינציק־איבערגעבליבענע קינד, איז דערצויגן געוואָרן פֿון אירע עלטערן, האָט קיין גרענעץ נישט געהאַט. מען איז מיט איר אַרומגעלאָפֿן צו גוטע־יידן, אַז זיי זאָלן זי בענטשן. די באָבע חיה האָט מיט פֿיל פֿרומקייט און מיט זייער אַ שטיל קול דערציילט, ווי זי איז מיט דעם איינציק־איבערגעבליבענעם קינד געפֿאָרן צום גאָסטינינער צדיק (דעם דאָזיקן וואָס שלום אַש האָט באַשריבן אין תהילים־ייד) און דער הייליקער גאָסטינינער האָט זײַנע כשרע הענט אַרויפֿגעלייגט אויפֿן קעפּל (נאָך דעם ווי מ׳האָט דאָס קעפּל צוגעדעקט מיט אַ טיכל — נאָר אויף אַזאַ אופֿן האָט דער גאָסטינינער צדיק אַרויפֿגעלייגט זײַנע הענט אויף די קעפּ פֿון די ווײַבער) פֿון דעם איבערגעבליבענעם מיידל און זי געבענטשט. די באָבע חיה האָט צוגעגעבן, אַז זי האָט דאָס קינד אויסגעוויינט בײַ די הייליקע צדיקים.

דאָס איז געווען בערך, ווען דער זיידע ברוך איז שוין געווען דער פּריץ פֿון גוט אָסמולסק. אָבער נישט אַזוי שנעל האָט זיך דאָס אָרעמע „שווײַגער־יינגל" געקאָנט צוגעוויינען צום געדאַנק, אַז ער איז אַ פּריץ, אַ גוטבאַזיצער, און אַז זײַן אָסמולסק גרענעצט זיך מיט די גיטער פֿון פֿירשט סאַפּיעהאַ. סאַפּיעהאַס אַ שכן! אַפֿילו אין זײַן רײַכקייט האָט דער זיידע קיין מאָל נישט געביטן זײַן אַלטן שטייגער. ער איז געבליבן אַ פּראָסטער דאָרפֿישער ייד און האָט געהאַט אַ קנאַפּע השגה אין אַ בעסערן עולם־הזה ווי אַ גוטער

קנאָבלבאָרשט מיט קאַרטאָפֿל. זײַענדיק שוין דער פּריץ פֿון גוט אָסמולסק, האָט ער נאָך נישט געוווּסט, ווי אַזוי ווערט מען עפּעס אַ פּריץ, און זיך נישט געקאָנט צוגעוווינען צו פּריצישקייט. דער זיידע איז געווען פּרימיטיוו אויפֿריכטיק. האָט ער נישט געמאַכט די שטיק פֿון אַן אויפֿגעקומענעם נגיד. ער האָט זיך נישט געפֿירט מעשׂה גבֿיר און געבליבן ווינען צווישן זײַנע אַלטע באַקאַנטע ייִדן פֿון דער יוגנטצײַט, ד״ה, פֿון דער אָרעמער שוויגערצײַט.

דער זיידע האָט געבאַלעבאַטעוועט איבערן גוט אָסמולסק און דערבײַ נאָך צוגעקויפֿט נײַע גיטער און וועלדער. זײַן פֿאַרמעגן איז געוואַקסן, אָבער אַליין איז דער זיידע געבליבן ווינען אין אַן אָרע־מער שטוב בײַ אַ ייִדישן פּויער, שׂמחה גײַגע, און די באָבע האָט געהאָדעוועט הינער און גענדז, אַ שטילע, באַשיידענע פֿרוי, האָט זי נישט געהאַט די מינדסטע אַמביציע פֿון אַ גבֿירטע. ווי תּמיד, איז זי פֿאַרבליבן דאָס געהאָרכזאַמע פֿוסבענקעלע בײַם שטרענגן מאַן, ווען זי האָט קיין מאָל נישט אָנגערופֿן בײַם נאָמען. זי האָט באַהאַלטענערהייט געשיקט פּדיונות צו אַלע קלענערע גוטע־ייִדן און מהנה געווען פֿון איר „קניפּל״ כּל־המינים פֿאַרדעכטיקע רבילעך, וואָס האָבן זיך אין בײַדלעך אַרומגעשלעפּט איבער פּוילן. די באָבע האָט נישט געקאָנט מאַכן קיין אונטערשייד. זי האָט איי־בערגלייבעריש געגלייבט אין אַלע „שטרײַמלעך״ ווי אין אַ העכערן כּוח. צו די גרעסערע און באַקאַנטע צדיקים פֿון פּוילן איז זי אַליין געפֿאָרן און מיטן זיידנס וויסן. דער עיקר איז זי געפֿאָרן צום גאָסטינינער און צום הייליקן צדיק ר׳ יאַנקעלע פֿון ראַדזימין, וואָרעם דער זיידע ברוך איז געווען אַ גרויסער אָנהענגער פֿון הייליקן צדיק פֿון ראַדזימין, וועמענס ברכה דער זיידע האָט פֿאַר־דאַנקט זײַן פֿאַרמעגן. די ציטערדיקע באָבע חיה האָט געקאָכט טעפּ מיט געקעכץ פֿאַר אָרעמע לײַט און האָט נאָר געהאַט איינס אין זינען: אָפּצוראַטעווען פֿון מלאך־המוות דאָס איינציקע טעכטערל.

ר׳ יהושׂעלע קוטנער. — זײַן מוטער. — דער שלימזל, דער פעטער נתן־מאיר. — די באָבע פריווע. — דער חסידישער הוליאַקע, דער פעטער יעקל. — דער פעטער יעקל ווי אַן עסיק־פאַבריקאַנט. — פעטער יעקל, פורים, קרײַט ווי אַ האָן און מאַכט קאָזשלקעס פאַר יהושׂעלע קוטנער. — פעטער יעקלס „קלוגע" עצות. — די מיוחסת, די מומע שפרה־מירל. — דער „נפש־חיה". — דער זיידע ר׳ משהל.

פֿון מײַן פֿאָטערס צד שטאַם איך גראָד פֿון גרויסן יחוס. דער יחוס איז אַ צווייִקער. פֿון איין צד אַ לומדישער און פֿון דעם צווייטן צד אַ רבישער. מײַן פֿאָטערס זיידע איז געווען דער באַ־רימטער גאון ר׳ יהושׂעלע קוטנער.

ר׳ יהושׂעלע קוטנער איז געווען די פּאָפּולערסטע תּלמודישע אויטאָריטעט אין זײַן צײַט. זײַן נאָמען האָט באמת געקלונגען בכל תּפֿוצות ישׂראל. ער איז געווען דער לעצטער פּוסק און פֿון אַלע עקן וועלט האָט מען זיך צו אים געווענדט מיט שאלות וועגן די שווערסטע תּלמודישע פֿראַגעס. נאָך הײַנט איז זײַן נאָמען אַ לע־גענדע. איך אַליין האָב געטראָפֿן ספֿרדישע ייִדן אין טיפֿן מאַראָקאָ, וועלכע האָבן זײַן נאָמען דערמאָנט מיט ערפֿאָרכט.

ר׳ יהושׂעלע קוטנער איז געווען די קרוין פֿון אונדזער משפּחה, דער ערשטער רינג פֿון אונדזער שלשלת היוחסין. איך געדענק אים נאָך פֿון קינדווײַז. ווען ער איז נפֿטר געוואָרן, בין איך אַלט געווען זעקס יאָר. די ערפֿאָרכטיקייט אַרום אים פֿון דער גאַנצער סבֿיבֿה איז געווען אומהיימלעך גרויס, אַז אַפֿילו אַ קינד איז פֿון איר סוגע־רירט געוואָרן. אַלע האָבן עפּעס ווי געציטערט וועגן זײַן עקסיסטענץ און דאָס הויזגעזינד איז געווען שטאָלץ מיט זײַן גרויסקייט, הגם די ווײַבער פֿון דער משפּחה האָבן נישט געהאַט קיין קלאָרן באַ־גריף אין וואָס אייגנטלעך עס באַשטייט ר׳ יהושׂעלעס גרויסקייט. די לומדים, וואָס האָבן אים געקענט און דערציילט פֿון אים, האָבן געזאָגט, אַז ר׳ יהושׂעלע קוטנער האָט גערעדט זייער פֿלינק, עס האָט זיך געשאָטן פֿון אים מיט קורצע ציטאַטן און נאָר גרויסע לומדים האָבן אים געקאָנט פֿאַרשטיין און אָנהאַלטן מיט אים דעם

תּלמודישן דיספּוט. איך געדענק אים ווי אַן אַלטן ייִד מיט אַ גרויער באָרד. ער איז געזעסן טיף אין אַ גרויסער לעדערנער רבנים־שטול.

ר׳ יהושׂעלע איז געווען אויסערגעוויינטלעך פּאָפּולער בײַ די אָרטאָדאָקסישע ייִדישע מאַסן אין גאָר דער וועלט. אָבער אַפֿילו בײַ די פּשוטע פֿאָלקסמענטשן אין קוטנע, וווּ ער איז געווען רבֿ, איז געווען זייער גרויס זײַן אָנזען, און די פּראָסטע ייִדישע פֿאָלקס־מענטשן האָבן דערציילט פֿאַרשיידענע מעשׂיות פֿון הייליקן „סאַדיק“.

אין אונדזער משפּחה זײַנען אַרומגעגאַנגען וועגן אים אַלערליי לעגענדעס, און אויך לעגענדעס וועגן זײַן אַפּשטאַם און זײַן יוגנט. זײַן מוטער דבֿורה איז געווען אַ פּראָסטע אָרעמע יתומה אין פּלאָצק. זי איז געווען אַ מאַרק־שטייערקע און דאָס איז געווען איר פּרנסה. ווען זי האָט פֿון איר שטיין גאַנצע טעג אין מאַרק, אין היץ און אין קעלט, אָנגעזאַמלט אַ נדן — און זי איז שוין געווען אַ מיידל אין די יאָרן — איז זי געגאַנגען צום דעמאָלטיקן רבֿ פֿון פּלאָצק, ר׳ לייבוש חריף, זי האָט אים געוויזן די שווער־פֿאַרהאָרעוועטע פֿאַר רענדלעך און געבעטן, אַז ער, ר׳ לייבוש חריף, זאָל איר אויסקלײַבן אַ מאַן אַ תּלמיד־חכם. ר׳ לייבוש חריף זאָל האָבן געענטפֿערט, אַז ער קאָן אין פּלאָצק אַ געוויסן עלטערן ייִד, אַ גרויסן תּלמיד־חכם, און דאָס נעמלעך איז איינער אַן אָרעמער מלמד, אַ ביטערער אבֿיון, אָבער אַ גרויסער למדן. דערצו איז דער תּלמיד־חכם, ר׳ דוד, אַן אַלמן מיט עטלעכע קינדער, און פּײַניקט זיך כּסדר און קאָן זיך קוים מפֿרנס זײַן. דאָס מיידל, דבֿורה, האָט געפֿרעגט ר׳ לייבוש חריפֿן, צי איז טאָקע דער דאָזיקער אבֿיונדיקער מלמד אַ גרויסער תּלמיד־חכם. „יאָ, מײַן קינד, ער איז אַ גרויסער תּלמיד־חכם“, האָט ר׳ לייבוש חריף געענטפֿערט. דבֿורה, אַן אויסגעהאָרעוועטע און אויסגעמוטשעטע, האָט נישט געוואָלט קיין מנוחה און זי האָט מיט פֿרייד אויף זיך גענומען חתונה צו האָבן מיט דעם אָרעמען אַלמן, וואָס איז אַ גרויסער תּלמיד־חכם. מיט דעם תּלמיד־חכם האָט זי נישט מער געהאַט ווי אַן איינציק קינד און דאָס איז געווען ר׳ יהושׂעלע קוטנער.

שוין אַלס קינד האָט ר׳ יהושיעלע געשמט איבער פּוילן ווי אַן אויסערגעוויינטלעכער עילוי. אַ רײַכע ייִדישע משפּחה אין פּלאָצק האָט דעם אָרעמען עילוי געגומען פֿאַר אַן איידעם. די באָבע פּריווע, ר׳ יהושיעלעס ווײַב, געדענק איך גאָר גוט. ווען זי איז געשטאָרבן, בין איך שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור. זי איז געווען אַ טאָכטער פֿון זייער אַ פֿאַרמעגלעכער משפּחה. באַקאַנט איז נאָר איר מוטער, די באָבע ראַצע. זי איז געווען אַן אייניקל פֿון ר׳ איטשעלע פּלאָצקער, איינער פֿון די גרעסטע ייִדישע מאַגנאַטן אין פֿאַרצײַטיקן פּוילן. ר׳ איטשעלעס פֿאָטער, ר׳ שמואל לאָסקער, האָט אַפֿילו געהאַלטן די פּוילישע מינץ, דאָס הייסט, ער האָט געגאָסן פֿאַר דער פּוילישער מלוכה זילבערנע און גאָלדענע מטבעות. ר׳ שמואל לאָסקער איז געווען פֿאַרמשפּט צום טויט, ווײַל ס׳האָט גע־פֿעלט צו דער וואָג זילבער, וואָס די מלוכה האָט אים געגעבן אויס־צומינצן. פֿון טויט איז ער ניצול געוואָרן, ווי דער שטייגער איז, על פּי נס. אין אונדזער משפּחה דערציילט מען, אַז ווײַל ר׳ שמואל לאָסקער איז שטענדיק געזעסן על התּורה ועל העבֿודה האָט ער נישט געהאָט געגוג צײַט אַכטונג צו געבן אויף זײַנע מענטשן און דעריבער האָט אים געפֿעלט פֿונעם סכום זילבער. אַ ברודער פֿון ר׳ שמואל לאָסקער איז געווען אַ וואַנדערנדיקער מקובל און אַ מחבר פֿון אַ באַוווסטן קבלה־ספֿר.

נאָר כ׳וויל מיך אומקערן צו דער באָבע ראַצע. ווי עס קוקט אויס, איז די באָבע ראַצע געווען די הויפּטפּערזאָן אין די מסחרים און די עקרת־הבית. וואָרעם איר נאָמען פֿיגורירט אויפֿן ערשטן פּלאַץ פֿון די משפּחה־אַנאַלן. איר מאַן, דער זיידע ר׳ חיים, איז פֿאַרבליבן אין שאָטן. ווי איך שטעל מיר פֿאָר, האָט ער נישט גע־מוזט זײַן פֿון הויכער מאַנספּאַרשויגישער און גײַסטיקער קוואַליטעט. אַ באַווײַז דערצו זײַנען זײַנע זין, די פֿעטערס, דאָס הייסט, די לייבהאַפֿטיקע ברידער פֿון דער באָבע פּריווע. די דאָזיקע פֿעטערס האָב איך פּערזענלעך נישט געקאָנט. זיי זײַנען געשטאָרבן איידער איך בין געבוירן געוואָרן, נאָר אין דער משפּחה האָט מען פֿון זיי

דערציילט און דערציילט. פֿון איינעם, דעם פֿעטער נתן־מאיר, האָט מײַן פֿאָטער דערציילט גוואַלדיק־קאָמישע געשיכטעס. דער פֿעטער נתן־מאיר, ווי עס שײַנט אויסצוקוקן, איז געווען אַ גײַסטיק נישט־אַנטוויקלטער ייִד. זײַן לעבן איז פֿול געווען מיט קאָמישע אינצידענטן און זיי האָבן זיך גענומען פֿון זײַן גײַסטיקער אָפּגעשטאַנענקייט און נישט־אָריענטירטקייט. מײַן פֿאָטער האָט דערציילט פֿאָלגנדיקע מעשׂיות פֿון פֿעטער נתן־מאיר.

דער פֿעטער נתן־מאיר האָט געהאַט אַ טבֿע אַרומצופֿאָרן איבער פּוילן. פֿון וואַנען ער האָט גענומען הוצאות אויף די יאַזדעס[1] ווייס איך נישט. ער פֿלעגט קומען צו זײַן שוואָגער ר׳ יהושעלע קוטנער אויף הילף. אין קוטנע פֿלעגט ער אָפּזיצן עטלעכע וואָכן. שלאָפֿן אין דער סוכּה, אַרומדרייען זיך גאַנצענע טעג פֿאַרחושט. אַ ווילדער שווײַגער. טאָמער האָט זיך דער פֿעטער נתן־מאיר מיישבֿ געווען און נאָך אַ לאַנגן שווײַגן געוואָלט עפּעס אַ זאָג טאָן, איז זײַן זאָג תּמיד אַרײַנגעפֿאַלן ווי אַ יוון אין דער סוכּה. דער פֿעטער נתן־מאיר פֿלעגט זיך שטענדיק טועה זײַן און פֿון זײַנע טעותים זײַנען אַרויסגעקומען די קאָמישסטע סיטואַציעס. ער איז געווען אַ הויכער אויסגעצויגענער ייִד און עס פֿלעגט אים גאָר נישט זײַן קשה צו ווערן אָנטאָן — על פּי טעות — אַ קאַפּאָטע פֿון אַ קליין ייִנגל. ווען די קאַפּאָטע איז אויף אים נישט אַרויפֿגעגאַנגען, האָט ער זי בגוואַלד אויף זיך אַרויפֿגעריסן און דערבײַ הויך אויפֿן קול אויסגעדריקט זײַן פֿאַרוווּנדערונג, אַז עפּעס איז אים די קאַפּאָטע אין מיטן דרינען אויסגעוואַקסן. דער פֿעטער נתן־מאיר פֿלעגט תּמיד פֿאַרשפּעטיקן די באַן און די סיבה איז אויך געווען אַ קאָמישע. נעמלעך: ווען די אָנקומענדיקע באַן האָט אַ פֿײַף געטאָן, האָט זיך דער פֿעטער נתן־מאיר אויסטערליש דערשראָקן פֿון דעם פֿײַף און פֿון שרעק באַדאַרפֿט משתּין זײַן. איידער ער האָט זיך פֿונאַנדערגעקנעפּלט, געוואַשן די הענט און אָפּגעזאָגט דעם אַשר־יצר, וואָס ס׳האָט בײַ אַזאַ

---

[1] (פּויליש) רײַזעס.

בריה ווי דער פּעטער נתן־מאיר פֿאַרנומען אַ סך צײַט, איז דער צוג דערווײַל אַוועקגעגאַנגען. אַזוי אַז ווען ער האָט נאָך אַ לאַנגן זיצן אין קוטנע בײַ דער שוועסטער ענדלעך באַשלאָסן אַהיימצופֿאָרן, איז ער פֿון דאָס נײַ געבליבן וואָכנלאַנג זיצן. וואָרעם טאָג בײַ טאָג האָט זיך, מעשׂה שׂטן, איבערגעחזרט די מעשׂה מיטן פֿײַף און מיטן משתּין זײַן און דער פּעטער נתן־מאיר האָט זיך נישט געקאָנט רירן פֿון אָרט. מײַן פֿאָטער האָט מיר דערציילט, אַז איין מאָל נאָך אַזאַ לאַנגן „קווי פּראָ קוואָ" פֿון פּעטער נתן־מאיר מיט דער באַן האָבן ענדלעך קלוגע מענטשן אים געעצהט, דעם פּעטער נתן־מאיר הייסט עס, אַז ער זאָל גיין צום צוג מיט אַ צען שעה פֿריִער פֿאַרן צוג־אָפּגאַנג, ער וועט זיך דאַן צוגעוויינען צום פֿײַפֿן פֿון אַנדערע צוגן — וועט ער אויפֿהערן זיך דערשרעקן, מיט אַלע שפּעטערדיקע קאָנ־סעקווענצן פֿון משתּין זײַן, און וועט זיך ענדלעך קאָנען אַרויסקריגן פֿון קוטנע. די עצה איז דעם פּעטער נתן־מאיר אויסטערליש געפֿעלן געוואָרן. צו מאָרגנס, אַ צען שעה פֿאַרן צוגאָפּגאַנג, האָט ער זיך שטאַרק אָנגעהויבן צו אײַלן צו דער באַן. פֿון גרויס אײַלעניש האָט ער זיך אָנגעשלאָגן בײַ אַ שאַנק און זיך געשפּאָלטן דעם קאָפּ. דער פּעטער נתן־מאיר איז דאַן פֿון דאָס נײַ געבליבן מיט אַ צע־שפּאָלטענעם קאָפּ אין קוטנע אין בעט. דערבײַ האָט ער געזאָגט דעם קלוגן אַפֿאָריזם. אַז „פֿון אײַלעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס". און אויך דער דאָזיקער לאָגישער אַפֿאָריזם איז געווען אַ חידוש פֿאַרן פּעטער נתן־מאיר, וואָס האָט קיין מאָל נישט געקאָנט אַרײַנפּאַסן דאָס ריכטיקע וואָרט אין דער ריכטיקער סיטואַציע. מײַן פֿאָטער האָט מיר דערציילט, אַז דאָס איז דאָס איינציקע וואָרט פֿון פּעטער נתן־מאיר, וואָס איז געזאָגט געוואָרן אין דער ריכטיקער צײַט.

נאָך אַ מעשׂה פֿלעגט מען בײַ אונדז אין דער משפּחה דערציילן פֿון פּעטער נתן־מאיר. ער האָט געהאַט אַ טאָכטער. זײַענדיק ראש־השנה בײַם רבין, האָט ער מיט איר דאָרט אַ שידוך געטאָן מיט אַן אַנדערן חסיד. קומענדיק אַהיים, האָט ער פֿאַרגעסן צו דערציילן,

אַז ער האָט די טאָכטער מיט מזל פֿאַרקנסט. אין אַ יאָר אַרום איז ער ווידער געווען בײַם רבין און דאָרט מיטן מחותּן אָפּגעשטעלט דעם זמן־חתונה. ער האָט ווידער אין דער היים קיין וואָרט נישט דערציילט. אין אַ שיינעם טאָג איז אויפֿן מאַרק אין פֿעטער נתן־מאירס שטעטל געקומען צו פֿאָרן אַ פֿול־געפּאַקטע בויד מיט חתונה־געסט, מחותּנים און מחותּנתטעס. דער חתן, אַ בלאַסער פֿון פּאַסטן אין חופּה־טאָג, אין אַ נײַעם קאַשקעט און אַ נײַער חתונה־זשופּיצע. די מחותּנים־בויד איז מיט אַ געפּילדער פֿאַרפֿאָרן פֿאַרן הויז פֿון פֿעטער נתן־מאיר, גלייבנדיק אַז זיי וועלן דערוואַרט ווערן פֿון אַ קאַפּעליע קלעזמאָרים, און אַז עס קאָכן זיך שוין אין די טעפּ די מאָלצײַטן פֿאַר דער חתונה. ווי פֿאַרוווּנדערט זײַנען זיי אָבער געוואָרן, ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז דאָס הויזגעזינד פֿון פֿעטער נתן־מאיר האָט נישט די מינדסטע אַנונג נישט בלויז דערפֿון, אַז הײַנט איז חופּה־טאָג, נאָר זיי ווייסן צו מאָל נישט, אַז די טאָכטער איז אַ כּלה געוואָרן. די מחותּנתטעס האָבן אַ קוק געטאָן אויף דער מיקלאָמפּערשטער כּלה און זיי איז פֿינצטער געוואָרן פֿאַר די אויגן. דאָס מיידל, אַ צעשויבערטע, אַ שמוציקע, איז געשטאַנען אין מיטן שטוב און געשמאַק אויסגעקערט דעם דיל מיט אַ בעזעם. ס׳איז געוואָרן אַ טרעוואָגע. דער חתן איז שיִער נישט געפֿאַלן אין חלשות פֿון פֿאַסטן און פֿון בושה. און ווען מ׳האָט געפֿרעגט אויפֿן קלוגן מחותּן, ד״ה: ווו איז דער גזלן, דער מחותּן נתן־מאיר? האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פֿעטער נתן־מאיר איז גאָר נישטאָ אין דער היים. עס האָט זיך אים אויף אַ טשעקאַוועסט אַ קאַפּיטשקעלע פֿאַרגלוסט אַ פֿאָר טאָן צום רבין.

נאָך פֿאַרשיידענע ווונדערלעכע און גראָטעסקע מעשׂיות איז בײַ אונדז אין דער משפּחה דערציילט געוואָרן פֿון פֿעטער נתן־מאיר, וואָס האָט שטענדיק זיך פֿאַרשפּעטיקט און שטענדיק געטאָן דער־נעבן. ווען איך האָב געהערט דערציילן די דאָזיקע מעשׂיות, איז שוין דער פֿעטער געווען אין ליכטיקן גן־עדן אַ קיימאָ־לן פֿון אַ יאָר פֿערציק. פֿון דעסט וועגן האָט מען נישט פֿאַרגעסן אים צו דער־

מאַנען בײַ יעדער געלעגנהייט. און געלעגנהייטן זײַנען געווען אַ סך. וואָרעם יעדער טרונק איז בטבֿע אַ שטיקל חוש און אַ היפּש קאַפּיטשקעלע אומבאַהאָלפֿן אין לעבן. אין אונדזער משפּחה איז געגאַנגען אַ ווערטל, אַז אין יעדן טרונק שטעקט אַ שטיק פֿון פֿעטער נתן־מאיר. און דאָס איז זייער ריכטיק. אַפֿילו בנוגע מיר אַליין; ס׳שטעקט אין מיר אַ סך פֿון פֿעטער נתן־מאיר. אין דער משפּחה פֿון דער באָבע פּריווע האָט געשטעקט גאָר־גאָר אַ סך פֿון פֿעטער נתן־מאיר.

ווי איך געדענק די באָבע פּריווע, איז זי שוין געווען אין טיפֿער עלטער און אַן אַלמנה נאָך ר׳ יהושעלע קוטנער. זי איז אין מײַן זכּרון פֿאַרבליבן אַ קליינע און אַן אײַנגעבויגענע, אַן אַלטיטשקע זקנה מיט קאַליע אויגן און מיט אַ ווײַס שפּיצן־הײַבל אויפֿן קאָפּ. זי איז געזעסן אויף אַ פֿאָטערשטול און האָט צוגעלייגט נאַסע וואַטע צו די קאַליע אויגן. פֿריִער, ווען ר׳ יהושעלע קוטנער האָט געלעבט, איז זי געווען די עקרת־הבית אין שטוב און זי איז געווען זייער ענערגיש. קיין איבעריק גוטע איז זי נישט געווען. זי האָט מיט אַ שטאַרקער האַנט געפֿירט איר ראָל. איר איינציקע זאָרג און לעבנס־ציל איז געווען אָפּצוהיטן איר מאַן. אַזוי אַרום האָט זי געגלייבט עקשנותדיק אָפּצוהיטן דעם קוואַל פֿון דער תּורה. ווען ר׳ יהושעלע איז נפֿטר געוואָרן און געלעגן אויף דער ערד, איז די באָבע פּריווע צוגעגאַנגען און אויפֿגעדעקט דעם גרויסן מת און אים געזאָגט אין טויטן פּנים אַרײַן, ער זאָל אויף יענער וועלט געדענקען, אַז זי האָט אַ חלק אין זײַן תּורה.

ר׳ יהושעלע קוטנער האָט געהאַט דרײַ קינדער. איין זון, וועלכער איז שפּעטער געווען קוטנער רבֿ און דער פֿאָטער פֿון מײַן פֿאָטער און צוויי טעכטער. די עלטסטע טאָכטער איז געווען די מומע שׂרהל. זי איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכע צדקת, אַ פּשוטע בײַ זיך און אַ פֿאָלקסמענטש. נישט געקוקט דערויף, וואָס זי איז געווען דעם קוטנער גאונס טאָכטער, פֿלעגט זי פֿאַרקערן מיט דעם סאַמע פּראָסטן פֿאָלק. זי איז זייער באַליבט געווען אין

שטאָט. איר מאַן, דער פֿעטער יעקל, איז געווען אַ קליינער דיק־לעכער ייִד און אַ קאָמישע פֿיגור. קודם־כּל איז ער געווען אַ ווילדער חסידישער הוליאַקע. אין זײַן יוגנט האָט ער גאַנצע טעג געסעודהט מיט חסידים און נישט געוואָלט עוסק זײַן אין קיין שום געשעפֿטן. איין מאָל אין לעבן האָט מען קוים בײַ אים געפּועלט צו פֿאַרלייגן אַן עסיק־פֿאַבריק — האָט עס נישט לאַנג אָנגעהאַלטן, וואָרעם די חסידים האָבן אויסגעטרונקען דעם בראָנפֿן, וואָס מ׳האָט געקויפֿט פֿאַר דער פֿאַבריק. דער פֿעטער יעקל האָט אויף די שפּענער אַרויפֿגעגאָסן הוילע וואַסער און אַזוי אַרום געהאָפֿט על פּי נס צו באַקומען עסיק. דער נס איז נישט געשען, און דער פֿעטער יעקל איז צו זײַן גרויס צופֿרידנקייט געוואָרן אויס פֿאַבריקאַנט און פֿאַרבליבן ווײַטער דער אַלטער באָהעמישער חסידישער הוליאַקע. די מומע שׂרהל האָט זיך געעפֿנט אַ צעלניק־געווילבל, אַהין נישט אַרײַנגעלאָזט דעם פֿעטער יעקל, און אַזוי זיך מפֿרנס געווען פֿון אייגענער האָרעוואַניע. אויף וויפֿל די מעשׂה מיטן וואַסער אויף די שפּענער איז אמת, ווייס איך נישט, יעדנפֿאַלס איז עס זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן פֿעטער יעקלס גאַנצן מהות. זײַנע גלאַנצטעג זײַנען געווען שׂמחת־תּורה און פּורים, איבער הויפּט פּורים. דעמאָלט איז דער פֿעטער יעקל געווען אויף דער העכסטער מדרגה. צוויי טעג פֿאַר פּורים און צוויי טעג נאָך פּורים איז דעם פֿעטער יעקל נישט געווען צו דערקענען. דאָס פּנים אײַנגעריסט מיט סאַזשע, די קאַפּאָטע איבערגעדרייט אויף דער לינקער זײַט, האָט ער געטאַנצט מיט חסידים אין די קוטנער גאַסן און האָט אַפֿילו געהאַט דעם ליבן און פֿריילעכן מוט אין אַזאַ מאַסקאַראַדן־הולך אַרײַנצוקומען צו זײַן שוואָער ר׳ יהושעלע, וועלכער איז שטענדיק פֿאַרנומען געווען מיט תּורה און נישט געהאַט דאָס פֿאַרשטענדעניש און דאָס געמיט פֿאַר אַזעלכע באָהעמיש־חסידישע דרכים. ר׳ יהושעלע קוטנער האָט דעם פֿעטער יעקל נישט ליב געהאַט, קודם־כּל, ווײַל ער, דער פֿעטער יעקל, איז געווען אַ לא־יוצלח אין לעבן, נישט קיין איבעריקער חכם און האָט זיך נישט געזאָרגט דערפֿון, וואָס די גאַנצע לאַסט פֿון

פרנסה ליגט אויף דער שוואַכער, גוטמוטיקער מומע שׂרהל. צווייטנס, איז דער פֿעטער יעקל געווען גאָר אַ קנאַפּער למדן. דאָס האָט אים אויך נישט פֿאַרשאַפֿט קיין גרויס אַנזען בײַ זײַן גאונישן שווער. דער פֿעטער יעקל האָט דערפֿון געוווּסט און געפֿילט זיך הכנעהדיק און מינערווערטיק אין די אויגן פֿון זײַן שווער. פּורים אָבער האָט זיך דאָס בלעטל איבערגעדרייט. פּורים האָט זיך דער פֿעטער יעקל געפֿילט דערהויבענער פֿון אַלע למדנים און ווילגעלערנטע. פּורים איז דער יום־טובֿ פֿאַר פֿריילעכע ייִדן. אַ צעזונגענער, אַן אײַנגע־ריסטער, מיט אַן איבערגעקערטער קאַפּאָטע, איז דער פֿעטער יעקל צוזאַמען מיט אַ גאַנצער כאַפּטע אײַנגעריסטע און צעטאַנצטע חסי־דים — אויך נישט קיין לומדים — אַרײַנגעפֿאַלן צו ר׳ יהושיעלע קוטנער מיט אַ ברייטן גוטן־פּורים. דער פֿעטער יעקל האָט קודם־כּל געמאַכט אַ קאָזשעליק אין מיטן דער שטוב פֿאַר די אויגן פֿון ר׳ יהושיעלע קוטנער, וואָס איז מאַיעסטעטיש געזעסן אין זײַן ברייטער לעדערנער פֿאָטערשטול און געלערנט. דאַן איז גאָר דער פֿעטער יעקל אַרויפֿגעקראָכן אויפֿן אויוון און פֿון דאָרט אַראָפּגעקרייט ווי אַ האָן. ס׳איז געווען דער איינציקער טאָג, פּורים, ווען די חסידישע באַהעמיע מיטן פֿעטער יעקל אין דער שפּיץ האָבן — לעגאַל — באַהערשט די ערנסטע גאוניש־רבנישע שטוב פֿון ר׳ יהושיעלע קוטנער. נאָך פּורים האָט זיך אַלץ אויסגעלאָשן ווי אַן אויסגע־ברענטער האַלצפֿלאַקער און דער פֿעטער יעקל איז געבליבן שטיל און הכנעהדיק אין דער ביטול־באַציִונג פֿון ר׳ יהושיעלע קוטנער, און האָט געפּראַוועט חסידישע סעודות בײַ זיך אין דער היים אונ־טער דעם שוץ פֿון דער גוטמוטיקער מומע שׂרהל.

אַחוץ דעם איז דער פֿעטער יעקל געווען אַ מאָדנער טיפּ. קודם־כּל האָט ער תּמיד געהאַט סודות. וואָסערע סודות האָט אַזאַ לעבנס־לאַ־יוצלח און הוליאַקע ווי דער פֿעטער יעקל געקאָנט האָבן? אַ פּסיכאָלאָג וואָלט עס לײַכט געקאָנט דערקלערן: נעמלעך, אין דעם וואָס דער פֿעטער יעקל האָט פֿון דער מינדסטער נאַרישקייט געמאַכט אַ סוד. דערין האָט געשטעקט אַ געוויסער — פּסיכישער —

זין זיך אַרויסצוהייבן פֿון דער אַטמאָספֿער פֿון מינערווערטיקייט־געפֿיל, אין וועלכן אַלע האָבן דעם פֿעטער יעקל אײַנגעוויגט ווי דעם קלאַסישן לא־יוצלח. אויף אַ „סוד" פֿלעגט, ווי געוויינטלעך, דער פֿעטער יעקל אַוועקרופֿן אין אַן אָפּגעלעגענער שטוב אַרײַן. דער סוד איז געווען — אפֿשר האָט יענער אַ שטיקל אַשר יצר־פּאַפּיר, און נאָך אַזעלכע ענלעכע „סודות", אין וועלכע דער פֿעטער יעקל האָט אַקצענטירט די וויכטיקייט פֿון זײַנע געברויכן. דערצו איז דער פֿעטער יעקל געווען אַ מענטש מיט אַ „גלײַכן שׂכל". אַזוי ווי עס איז אָנגענומען געווען, אַז אין פּראַקטישע זאַכן פֿרעגט מען נישט קיין עצה בײַ אַזאַ אומבאַהאָלפֿענעם הוליאַקישן בטלן ווי דער פֿעטער יעקל, האָט זיך דער פֿעטער יעקל אַליין געשטופּט מיט עצות, צי מען האָט יאָ געפֿרעגט בײַ אים, צי נישט. זײַנע עצות זײַנען אַרויסגעקומען מיטן אמתן לאַקירדע און פֿלעגן זיך שטענדיק קלעפּן ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. געוויס פֿלעגט קיינער אויפֿן פֿעטער יעקלס עצות נישט לייגן דעם מינדסטן אַכט, אָבער דער פֿעטער יעקל איז דערפֿון קנאַפּ נתפּעל געוואָרן. ער האָט געטאָן דאָס זײַניקע און אַלע מאָל אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ „קלוגער" עצה.

איבער הויפּט האָט דער פֿעטער יעקל געגלאַנצט מיט עצות, ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ חתונה אין דער משפּחה און די חתונה איז פֿאָרגעקומען אין אַן אַנדערער שטאָט און מ'האָט באַדאַרפֿט אַהין פֿאָרן מיט דער באַן. אויב פֿאָרן, האָט דער פֿעטער יעקל אָנגעהויבן צוזאַמענשטעלן פֿאָרפּלענער. איז, למשל, אויסגעקומען אַז אין יענער שטאָט אַרײַן דאַרף מען נישט מער פֿאָרן ווי צוויי שעה און מיט אַ גוטער פֿאַרבינדונג — האָט דער פֿעטער יעקל אַזוי אויסגעקאָמ־בינירט מיט זײַן „גלײַכן שׂכל", אַז מ'זאָל פֿאָרן צוויי טעג מיט צוויי נעכט, אַרויספֿאָרן פֿון קוטנע דרײַ אַ זייגער בײַ נאַכט, קומען אַהין, אין יענער שטאָט אַרײַן, אין עטלעכע טעג אַרום פֿיר אַ זייגער פֿאַר טאָג, נישט עסן, נישט טרינקען, נישט שלאָפֿן. דערין האָט גע־שטעקט אַ גאַנצע קאָמבינאַציע, ווי אַזוי צו קענען עסן פֿינף אַ זייגער

פֿאַר טאָג פֿאַרן דאַוונען. אַז מען שמועסט אַ „גלײַכער שׂכל״! פֿאַר־שטייט זיך, ווי תּמיד האָט קיינער נישט געלייגט אויפֿן פֿעטער יעקל די מינדסטע אויפֿמערקזאַמקייט. נאָר דער פֿעטער יעקל האָט געטאָן דאָס זײַניקע.

די צווייטע טאָכטער פֿון ר׳ יהושיִעלע קוטנער איז געווען די מומע שפֿרה־מירל, די אַזוי גערופֿענע „קאָלישער רביצין״. אין קעגנזאַץ צו דער עניוות און פּשטות פֿון דער מומע שׂרהל האָט זיך די מומע שפֿרה־מירל געבלאָזן מיטן יחוס און אויף אַ מינוט נישט פֿאַרגעסן, אַז זי איז אַ טאָכטער פֿון ר׳ יהושיִעלע קוטנער. חוץ דעם איז איר פֿאַמיליע־לעבן געווען פּונקט קאַפּויער ווי דאָס פֿאַמיליע־לעבן פֿון דער מומע שׂרהל. איר ערשטע חתונה איז גע־האַלטן געווען אין דער משפּחה הינטער זיבן שלייערן. די סיבה איז געווען די פֿאָלגנדיקע: איר פֿאָטער, ר׳ יהושיִעלע קוטנער, האָט מיט איר אַ שידוך געטאָן מיט אַ רײַכן ייִד פֿון וואַרשע. דעם וואַרשעווער יונגן־מאַן האָט נישט געסמאַקעוועט די גאונישע תּורה־שטוב פֿון ר׳ יהושיִעלע קוטנער. עס האָבן אים ווייניק גערעדט צום האַרצן סײַ די גמרות און די גאונישע פּשטלעך און סײַ דאָס יחוסדיקע ווײַב. אין אַ שיינעם טאָג איז דער יונגער־מאַן אַוועק קיין בערלין, דוכט זיך מיט אַ שיקסע. ס׳איז געווען אַ גרויסע חרפּה און אַ בושה און מ׳האָט דעם יונגן־מאַן אויף געשווינד אָפּגעגט. דער יונגער־מאַן האָט אויך נישט געמוזט זײַן שטאַרק „צעפּירט״ דערפֿון. די מומע שפֿרה־מירל איז געבליבן אַ זעכצן־יאָריקע גרושה. זי האָט באַלד חתונה געהאַט מיט איינעם פֿון די באַרימטסטע רבנים אין פּוילן, מיט דעם קאָלישער רבֿ, ר׳ חיים אלעזר וואַקס, מחבר פֿון ספֿר נפֿש־חיה. ער איז געווען אַ מאַן שוין הויך אין די פֿער־ציקער, אַן אַלמן און אַ מטופּל מיט קינדער. פֿון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן די גאָלדענע צײַט פֿאַר דער מומע שפֿרה־מירל. אירע יחוס־קאָמפּלעקסן האָבן געפֿונען דעם ריכטיקן באָדן ווו זיך פֿונאַנ־דערצושפּילן. דער קאָלישער רבֿ האָט זיך ליב געהאַט משדך צו זײַן מיט די גרעסטע גבֿירים אין פּוילן און די מומע שפֿרה־מירל

האָט זיך געטונקט אין סאַמעט און אין יחוס. ווען איך האָב זי געקענט, איז זי שוין געהאַט אַרונטערגעקומען פֿון איר מלכות. זי איז געווען אַן אַלמנה נאָכן נפֿש־חיה. שפּעטער האָט זי ר׳ יהו־שיעלע קוטנער חתונה געמאַכט פֿאַר אַן אַלטן ייִד, ר׳ שמעון צילין, אַ לאָדזשער גבֿיר און אַן אויסטערלישע פּערזאָן. די מומע שפֿרה־מירל איז פֿאַרבליבן נאָכן קאָלישער רבֿ מיט צוויי טעכטער און מ׳האָט זי כּסדר גערופֿן מיטן אַלטן טיטל — „די קאָלישער רביצין“. זי האָט געהאַט אַ היפּש בייַכל, אַ גראָבע רויטלעכע נאָז און כּסדר נישט פֿאַרגעסן ווער זי איז, פֿון וואַנען זי שטאַמט און פֿון איר מלוכה בייַם נפֿש־חיה.

מייַן זיידע, ד״ה דעם פֿאָטערס פֿאָטער, איז געווען אַ בן־יחיד בייַ ר׳ יהושיעלע קוטנער. דער זיידע איז געווען אַ הויכער וווּנ־דערלעך־שיינער ייִד, מיט אַ מאַיעסטעטישן אויסזען פֿון אַ סלאַווישן קניאַז[2]. די רבנישע זייַדענע מלבושים, דער שטרייַמל און דער קאָל־פּאַק האָבן אים גאָר נישט צוגעגעבן קיין „ייִדישקייט“, פֿאַרקערט, זיי האָבן אים נאָך צוגעגעבן די מאַיעסטעטישע סלאַווישקייט, וואָס מ׳זעט אויף די געמעלן פֿון מאַטייקאָ און ריעפּין. מ׳האָט געזאָגט, אַז אין זייַן געשטאַלט איז מייַן פֿאָטערס פֿאָטער געגליכן צו די מאַגנאַטישע זיידעס פֿון דער באָבע פּריווע. זייַן כאַראַקטער איז געווען זייער אַ מאָדנער און זייער אַ קאָמפּליצירטער. דערצו האָט צוגעשפּילט, וואָס עטלעכע יאָר פֿון זייַן יוגנט, שוין נאָך זייַן חתונה, האָט ער אַדורכגעמאַכט אַ שווערע גייַסטיקע קראַנקייט. די יאָרן פֿון זיידנס „גייַסטיקער נאַכט“ האָט מען בייַ אונדז אין דער משפּחה געהאַלטן בסוד. מ׳האָט זיך נאָר געשושקעט פֿון די גרויסע ניסים, וואָס זייַנען מיט אים געשען און ווי אַזוי ער איז געזונט געוואָרן. דעם זיידנס „גייַסטיקע נאַכט“ האָט אויסגעקוקט צו זייַן אַ שווערע פּסיכישע קראַנקייט מיט זייער־ערנסטע קאָמפּליקאַציעס. יעדנפֿאַלס איז ער אין זייַן שפּעטערן לעבן געווען אַ געזונטער מענטש און

[2] פּירשט.

לעבנסשפּעיק. ער איז געווען רבֿ אין שטעטל וויסקיט און נאָך ר׳ יהושיעלעס טויט האָט ער איבערגענומען דאָס קוטנער כסא־רבנות. דער זיידע איז געזעסן אַ סך און געלערנט, געטרונקען אַ סך ווײַן אויף שׂמחות און אויף חסידישע סעודות. נאָכן טויט פֿון אַלעקסאַנדרער רבין, דעם אַזוי גערופֿענעם ישׂמח ישׂראל, איז דער זיידע געווען פֿון די ערשטע קאַנדידאַטן צו ווערן רבי. ער האָט נישט געוואָלט. יעדנפֿאַלס זײַנען אַ סך פֿון זײַנע האַרטנעקיקע עקשנותן געווען איבערבלײַבענישן פֿון יענער „גײַסטיקער נאַכט״.

די באָבע לאה. — וואָרקער חסידות. — חסידישע נסיעות קיין וואָרקע. — דער „יונגער וואָרקער״. — ר׳ ישעיהלע פּראַגער. — די באָבע לאהס חתונה אין פּראַגע. — דער זיידע ר׳ משהל וואַרט קראַנק. — די באָבע לאה אין בוידעם־שטיבל נעבן דער קוטנער ווײַבערשול. — זי לייענט יידישע מעשה־ביכלעך. — קינדער־נחת.

די באָבע לאה, דעם זיידנס ווײַב, דאָס הייסט, ר׳ יהושיעלע קוטנערס שנור, קומט־אַרויס פֿון אַ גרויסן רבישן יחוס. איר מוטערס פֿאָטער איז געווען דער באַקאַנטער ר׳ יצחק וואָרקער און דעם פֿאָטערס פֿאָטער איז געווען ר׳ ישעיהלע פּראַגער.

ר׳ יצחק וואָרקער איז געווען איינער פֿון די אַפּאָסטאָלן פֿון פּוילישן חסידיזם. דער אַנטיפּאָד פֿון קאָצקער. דער קאָצקער האָט דאָס גאַנצע חסידות געשטעלט אויף דער יחידישער און אינדיווידועלער פּערזענלעכקייט. בײַם קאָצקער איז די גאַנצע וועלט געווען נישט מער ווי אַ שטיק חומר. די מענטשהייט איז אַ טייל פֿון דעם וועלט־חומר. נאָר אַן איינציקע יחידישע פּערזענלעכקייט קאָן זיך — נאָך גרויסע אינערלעכע קאַמפֿן — באַפֿרײַען פֿון דער וועלט־חומרדיקייט, זיך דערלייזן און אויפֿהייבן. דעם קאָצקערס אידעאַל איז געווען נישט מער ווי — „צען ייִדן וואָס זאָלן שטיין אויף אַלע דעכער און שרײַען ה׳ מלך״. די וועלט קאָן נאָר דערלייזן ווערן אין אַן איינציקן מענטש. די וועלט און די מענטשהייט אַלס אַזעלכע

קאָנען קײן מאָל נישט אַרויסגײן פֿון דעם קרײַז פֿון חומרדיקייט. זײ מוזן אײביק אין איר פֿאַרבלײַבן. אין דער מאָדערנער פֿילאָסאָפֿיע קאָן מען דעם קאָצקערס דרך פֿאַרגלײַכן מיט די אידייען פֿון ניצשע און שאָפּענהויער. זײ האָבן אויך געזען די וועלט בלויז ווי אַ דערשײַנונג פֿון אַ טעמפּן נידעריקן ווילן און נאָר דער געניע צי דער „איבערמענטש" קאָן זיך אויף אַ וווּנדערלעכן און מיזאַמען אופֿן דערהייבן איבער דעם פֿינצטערן און חיהשן שיקזאַל פֿון דער וועלט. ס'איז דער וועג צום ענדגילטיקן מיזאַנטראָפּישן פּעסימיזם. דעם וווּרקערס דרך איז געווען פּונקט אַ קאַפּויערדיקער און פֿון אַ פֿולשטענדיקן אָפּטימיסטישן שטאַנדפּונקט. נעמלעך: אַז די אורקוואַלן פֿון דער וועלט זײַנען אַ גרויסע ליבע, ד"ה, אַ גרויס געמײנזאַמקייט־געפֿיל. דאָס נידעריקע און שלעכטע איז נאָר אַ פֿאַרבלאָנדזשעניש אַרויס פֿון דער שלימותדיקער וועלט־האַרמאָניע. איטלעכער מענטש איז אין מהות זײַנעם אַ געטלעכע סובסטאַנץ. אויב דער מענטש וויל נאָר, קאָן ער לײַכט צוריקקומען צו זײַן וועלט־מקור. דעם וווּרקערס ליבשאַפֿט צו אַלע מענטשן איז נאָך הײַנט שפּריכווערטלעך בײַ די פּוילישע חסידים. אַ ליבשאַפֿט, וואָס איז באַהויכט געווען מיט וועלט־חכמה און וועלט־דערקענטעניש. דער קאָצקער האָט געזאָגט: דער וווּרקער „קריכט־אַרום מיט די שטיוול אין הימל", ד"ה, אַז ער, ר' יצחק וווּרקער, זעט דאָרט, אין די דערהויבנקייטן פֿון לעבן, אַן אָרט פֿאַר אַלע מענטשן.

די באָבע לאה איז געווען ר' יצחק וווּרקערס אַן אײניקל, אַ טאָכטער פֿון זײַן טאָכטער. דעם וווּרקערס טאָכטער, די באָבע בלימעלע, איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכע פֿרוי און אַ גרויסע פּערזענלעכקייט. איך האָב זי נאָך גוט געקענט. דער באָבע בלימעלעס ערשטער מאַן איז געווען דער זון פֿון ר' ישעיהלע פּראַגער. ר' ישעיהלע איז געווען אײנער פֿון די גרויסע פּוילישע גוטע־ייִדן און דער מחבר פֿון ספֿר הרי בשׂמים. ר' אַבֿרהמעלע, ר' ישעיהלע פּראַגערס זון, איז געווען ביאַלאָבזשיקער רבֿ. ער איז יונגערהייט געשטאָרבן אין וווּרקע בײַ ר' יצחק וווּרקערס זון ר' מענדל, דער

אַזוי גערופֿענער „יונגער רבי“. אַזוי האָבן אים חסידים גערופֿן אין קעגנזאַץ צו זײַן פֿאָטער, ר׳ יצחק, וועלכן מ׳האָט גערופֿן „דער אַלטער רבי“.

נאָכן טויט פֿון איר פֿאָטער ר׳ אַבֿרהמעלע איז די באָבע לאה פֿאַרבליבן בײַ איר זיידן ר׳ ישעיהלע פּראַגער. איר מוטער, די באָבע בלימעלע, האָט באַלד חתונה געהאַט פֿאַר ר׳ זלמן שעפּסער, אַ באַקאַנטער רבֿ און פֿון די אָנגעזעענע וואָרקער חסידים. די באָבע לאה מיט נאָך אַן עלטערער שוועסטער אירער, די מומע ראָכטשע, זײַנען דערצויגן געוואָרן בײַ ר׳ ישעיהלע פּראַגער. זייער יונג איז די באָבע לאה אַ כּלה געוואָרן פֿאַרן זיידן ר׳ משה פּנחס, ר׳ יהו־שיעלע קוטנערס בן־יחיד. די חתונה איז פֿאָרגעקומען אין פּראַגע בײַ ר׳ ישעיהלען. נאָך אַ סך צענדליקער יאָרן שפּעטער האָבן אַלטע ייִדן אין וואַרשע דערציילט פֿון דער דאָזיקער חתונה. ר׳ ישעיהלע איז שוין דעמאָלט געווען אַ ייִד בײַ די נײַנציקער. פֿון גרויס עלטער־חולשות איז ער כּסדר געלעגן צו בעט און פֿון בעט געפּראַוועט „רבישקייט“ מיט חסידים. ר׳ ישעיהלע זאָל האָבן געהאַט אַ סך הומאָר און דער הומאָר האָט אים נישט פֿאַרלאָזט אויך אין בעט. ווו ער איז געלעגן אַ שוואַכער, נאָר אַ גײַסטרײַכער זקן. אויף דער חתונה זײַנען זיך צוזאַמענגעפֿאָרן אַלע גרויסע גוטע־ייִדן און די באַרימטסטע רבנים פֿון פּוילן. אַ שפּילעכל? ר׳ יהושיעלע קוטנער מאַכט חתונה מיט ר׳ ישעיהלע פּראַגער! די חתונה איז געווען געגליכן צו די גרויסע רבישע ששׂמחות, וואָס זײַנען פֿאַרבליבן אין זכּרון פֿון די פּוילישע חסידים. נעבן חתן, אויבן אָן, איז געזעסן ר׳ יהושיעלע קוטנער. די מחותּנים פֿון כּלהס צד זײַנען געווען ר׳ ישעיהלע פּראַגער, וואָס איז קוים אײַנגעזעסן בײַם טיש מחמת זיקנה, און די פֿעטערס פֿון דער כּלה, די צוויי זין פֿון ר׳ יצחק וואָרקער, ר׳ דודל אַמשינאָווער און ר׳ מענדל דער „יונגער וואָרקער“. ווי חסידים דערציילן, האָט דער „יונגער וואָרקער“ געהאַט אַ הדרת־פּנים פֿון אַ מלכות. אַ הויכער, אַ ברייטבייניקער, מיט אַ שוואַרצער מאַיעסטעטישער באָרד. אין דער ווײַסער זשופּיצע מיט די זיל־

בערנע האַקעס האָט ער אַרויסגעשײַנט פֿון עולם ייִדן ווי אַ געשטאַלט פֿון אַ העכערער וועלט. די חסידים, וואָס זײַנען געפֿאָרן צו אים — אַ סך פֿון זיי האָב איך פּערזענלעך געקענט פֿון מײַן יוגנט — האָבן נאָך צענדליקער יאָרן נאָך זײַן טויט נישט אויפֿגעהערט פֿון אים צו ריידן מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער און רירנדיקער ליבשאַפֿט. די אויגן פֿלעגן זיך בײַ זיי אָנצינדן, ווען זיי האָבן אָנגעהויבן צו דערציילן פֿונעם „יונגן רבין".

דער „יונגער וואָרקער" איז געווען אַ גרויסער שווײַגער, האָט זעלטן גערעדט, נאָר יעדעס וואָרט, וואָס איז געקומען פֿון זײַן מויל, האָט ווירקלעך דערציילט פֿון אַ גרויסער אינערלעכער גײַסטי־קייט. ער האָט גערעדט מיט אַפֿאָריזמען און פּונקט ווי דער קאָצקער האָט ער זיך וויניק באַנוצט מיט לשון־קודשדיקע ווערטער. זײַן ליבע צו גאָט איז אַדורכגענומען געווען מיט טיפֿער התלהבֿות און זײַן שווײַגנדיקע ליבע צו מענטשן איז געקומען פֿון דעם זעלביקן התלהבֿותדיקן צושטאַנד. די וואָרקער חסידים האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן ממש קערפּערלעך געפֿילט עפּעס אַן אומבאַשרײַבלעכע ליבשאַפֿט, וואָס האָט אַרויסגעשטראַלט פֿון דעם „יונגן וואָרקער". יעדער איינער, וואָס האָט זיך נאָר דערנענטערט צום קרײַז פֿון דער דאָזיקער ליבשאַפֿט, האָט זיך געפֿילט אינערלעך דערהויבן. פֿון די נסיעות צום „יונגן וואָרקער" פֿלעגן חסידים דערציילן ווי פֿון דעם פֿריילעכן עולה־רגל־זײַן צום פֿאַרצײַטיקן ירושלים. ווען די בוידן מיט פֿאָרנדיקע חסידים האָבן זיך דערנענטערט צו די פֿעלדער פֿון וואָרקע, האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ חסידישע התלהבֿות און מען פֿלעגט פֿאַרגיין אין עקסטאַטישע טענץ. מ׳האָט געטאַנצט אין די בוידן, אין די קרעטשמעס און אויף די פֿעלדער. אין דער ערשטער קרעטשמע פֿאַר וואָרקע, אין דאָרף קינער, פֿלעגן זיך גאָר אָפּטאָן חסידישע התלהבֿותן. מ׳האָט פֿונאַנדערגעגעפֿנט פֿעסלעך בראָנפֿן, מ׳האָט זיך געפֿילט אין איין דבֿקותדיקער חסידישער צוזאַמענקייט. און מ׳האָט געטאַנצט. דער „יונגער וואָרקער" אַליין פֿלעגט זייער אָפֿט אַקעגנפֿאָרן די חסידים ביז צו דער קרעטשמע פֿון קינער.

אַזוי שטאַרק איז געווען זײַן ליבשאַפֿט און זײַן אינערלעכע בענ־קעניש צו די ייִדן, וואָס האָבן צו אים געצויגן אויף די וועגן קיין ווורקע. הגם עס איז גאָר נישט דער דרך פֿון אַ גוטן־ייִדן אָקעגנ־צופֿאָרן זײַנע חסידים, די בענקשאַפֿט אָבער פֿון ווורקער איז געווען אויסטערליש גרויס און האָט תּמיד געצויגן צו דער בענקשאַפֿט פֿון אַנדערע מענטשן, ווי קוואַלן צו קוואַלן. בכלל האָט מען דעם ווור־קערס דרך אין חסידות געקאָנט באַצייכענען ווי אַ צושטאַנד פֿון אַן אייניקער דינאַמישער ליבשאַפֿט און דינאַמישער זעעלישער אומ־געשטילטער בענקשאַפֿט.

אויף דער חתונה אין פּראָגע איז דער „יונגער ווורקער“ גע־זעסן אויבנאָן צווישן די גרויסע רבנים און גוטע־ייִדן. ווי חסידים דערציילן, האָט ער אַרויסגעשײַנט ווי אַ הימלישע געשטאַלט אין זײַן מלכותדיקער שיינקייט, אין דער ווײַסער זײַדענער זשופּיצע און מיט דער שוואַרצער מאַיעסטעטישער באָרד. ער איז געזעסן נעבן גאון ר׳ יהושי׳עלע קוטנער און האָט ווונדערלעך געשוויגן, בעת ר׳ יהושי׳עלע איז געשוועמען אין ים־התּלמוד און די גרעסטע רבנים פֿאַרבליפֿט מיט זײַנע לומדישע גאונישקייטן. פּלוצעם האָט זיך דער „יונגער ווורקער“ אָנגערופֿן צו ר׳ יהושי׳עלע קוטנער:

— קוטנער רבֿ, וואָס איז טײַטש „אחד“?

ר׳ יהושי׳עלע קוטנער איז אַליין אין זײַן יוגנט געווען אין קאָצק. פֿאַרגעטערט דעם הייליקן גאָסטינינער און געהאַט גרויס סימפּאַטיע פֿאַר חסידות, און ער האָט גוט פֿאַרשטאַנען, אַז דער ווורקער מיינט מיט דעם צו זאָגן, אַז אין אַ פּשוטן וואָרט, וואָס יעדער ייִד פֿאַרשטייט און עס ליגט בײַ יעדן ייִד אויף די ליפּן, שטעקן אַ סך מער געטלעכע טיפֿענישן ווי אין די בנינים פֿון גאונישער לומדות. ר׳ יהושי׳עלע קוטנער האָט מיט גרויס פֿאַרשטענ־דעניש פֿאַרן ווורקערס מיין געענטפֿערט דעם „יונגן ווורקער“:

— וואָס מיינט איר, איז דער טײַטש אחד, ווורקער רבי?

דער יונגער ווורקער האָט געענטפֿערט:

—אחד איז דער טײַטש איין־און־איינציק.

מיט דעם האָט ער געוואָלט אויסדריקן דאָס גרויסע פּאַנטעיִס־טישע געפֿיל, וואָס האָט תּמיד געגליט אין זײַן אינערלעכקייט און וואָס איז געווען דער מקור פֿון זײַן ליבשאַפֿט־געפֿיל. אָט די אַלע מעשׂיות און ווערטער האָבן וואַרשעווער אַלטע חסידים אַרומדער־ציילט צענדליקער יאָרן נאָך דער באָבע לאהס חתונה.

אַ קורצע צײַט נאָך דער חתונה האָט די באָבע לאה געגעסן קעסט בײַ ר׳ ישעיהלע פּראַגער. דאַן איז זי אַריבערגעפֿאָרן מיטן מאַן קיין קוטנע צום שווער, ר׳ יהושעלע. דאָס פֿאַרפֿאָלק זײַנען נאָך ממש געווען קינדער און די באָבע לאה האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט זיך מיטן זיידן משהל, מיטן מאַן הייסט עס, געשפּילט אין זאַמד אויפֿן הויף פֿון ר׳ יהושעלעס הויז אין קוטנע. דאָס פֿאַרפֿאָלק האָט זיך געשפּילט צוזאַמען מיט אַלע חדר־ייִנגלעך. דאָס האָט אַרויסגערופֿן דעם צאָרן פֿון דער שטרענגער און פֿאַנטאַזיעלאָ־זער באָבע פריווע, און זי האָט זי בייז געמוסרט.

כּמעט אין זעכצנטן יאָר פֿון איר לעבן איז די באָבע לאה פֿאַרגאַנגען אין טראָגן מיט מײַן פֿאָטער.

די באָבע לאה פֿלעגט מיר אָפֿט דערציילן פֿון יענע צײַטן. זי האָט געוווינט אין אַ קליין בוידעם־שטיבל נעבן דער קוטנער ווײַבער־שול. איר איז געווען זייער אומעטיק. דאָס חסידישע וווּרקער איניקל, די באָבע לאה, אויפֿגעצויגן אין פּראָסטער אַהבֿת־ישׂראל און צווישן פֿריילעכע חסידישע הוליאַקעס, האָט זיך שלעכט געפֿילט אין דער ערנסטער רבניש־גאונישער שטוב פֿון ר׳ יהושעלע קוטנער. דאָ האָט זיך זעלטן ווער אויסגעשמייכלט. דער איינציקער הוליאַקע אין דער משפּחה, דער פֿעטער יעקל, איז ווייניק אַרײַנגעקומען צו זײַן שווער. ר׳ יהושעלע האָט אים נישט געליטן. נאָר פּורים און שׂמחת־תּורה האָט דער פֿעטער יעקל געפֿילט, אַז זײַן פֿריילעכקייט שטייט נישט אָפּ אין חשיבֿות פֿון ר׳ יהושעלעס גאונות. פּורים און שׂמחת־תּורה האָלט זיך אַפֿילו דער רבונו של עולם אַ ביסל ווײַטער פֿון דער טרוקענער גמרא און ער וויל בעסער זײַן צוזאַמען מיט די חסידישע הוליאַקעס. דער פֿעטער יעקל פֿלעגט טאַקע אַרײַנפֿאַלן

אין דער שטויביקער ספרים־שטוב פון זײַן שווער דעם גאון מיט אַ כאַליאַסטרע בגילופינדיקע חסידים און מיט אַ ווילדן און ברייטן גוט־יום־טוב. דער פעטער יעקל איז געווען אַ ווורקער חסיד, און נאָר ער אַליין פלעגט דער באָבע לאה דערמאָנען אין אירע פאַר־שווונדענע קינדער־יאָרן. די צדקת, די מומע שׂרהל, איז נעבעך גאַנצע טעג געווען פאַרנומען מיט שווערער דאגת־פּרנסה. די שטאָל־צע קאָלישער רביצין האָט געקיניגט אין איר מלכות בײַם קאָלישער רבֿ. זי איז זעלטן געקומען קיין קוטנע. אַפילו ווען זי איז געקומען, האָט זי עפּעס געזעסן אין דעם עניוותדיקן רבישן יחוס פון דער באָבע לאה אַ קאָנקורירנדיקע מאַכט צו דעם ברייטן רבנישן יחוס פון ר׳ יהושעלען און פון קאָלישער רבֿ. די קאָלישער רביצין האָט געקוקט פון אויבן אַראָפּ אויף אַ יחוס וואָס שטאַמט נישט פון גרויסער געלערנטשאַפט און פון טיפע רבנישע לעדערנע שטולן. אויך מיר אַ יחוס, וואָס שטאַמט פון מענטשן, וואָס אַפילו פּראָסטע אַרענדאַרן פאַרשטייען זייערע ווערטער און מ׳דאַרף צו זיי גאָר נישט האָבן קיין באַזונדערע געשליפענע קעפּ! די באָבע פריוועו איז געווען אַן ערנסטע הומאָרלאָזע שוויגער, שטענדיק פאַרטאָן אין קיך אָדער אין קהלשע צדקה־זאַכן, און דער שווער, ר׳ יהושעלע, דער גאון פון דער וועלט, די באַרימטקייט, איז מאַיעסטעטיש געשווומען אין ים־התלמוד. און די באָבע לאה האָט צו אים אַרויפגעקוקט ווי אויף עפּעס אַ גרויסער אומפאַרשטענדלעכער זאַך, מיט וועלכער אַ ייִדענע האָט נישט קיין שום שײַכות. דער זיידע משהל, דער באָבע לאהס יונגער־מאַן, איז אַוועקגעגאַנגען אויף גאַנצע נעכט אין וווּר־קער שטיבל אַרײַן, ווו ער האָט געהוליעט מיט חסידים און געכאַפּט דאָרט אַ קערטל. וואָרעם שפּילן אַ קערטל האָט אויך געהערט צו די חסידישע טעטיקייטן פון די ווורקער חסידים. און ס׳האָט געהייסן, אַז דאָס קערטל דערנענטערט צווישן זיך די הערצער פון די חסי־דים און פאַרגרעסערט דעם פלאַם פון צוגעבונדנקייט און ליבשאַפט. אַזוי איז די באָבע לאה, כמעט נאָך אַ קינד און שוין אַ פאַרגאַנגענע אין טראָגן, גאַנצע נעכט געזעסן אַליין אין איר בוידעם־שטיבל,

נעבן דער אַלטער ווײַבערשול. זי האָט זיך געשראָקן. וואָרעם זי האָט געוווּסט, אַז צוועלף בײַ נאַכט זאַמלען זיך אין דער דערנעבנ־דיקער ווײַבערשול טויטע ווײַבער צו דאַווגען און צו זאָגן תּחינות.

די באָבע לאה פֿלעגט זיך מורא האָבן אויסצוטאָן און אַוועק־לייגן שלאָפֿן. בײַ אַ קליין גראָשנדיק ליכטל איז זי געזעסן און געוואַרט, אַז איר יונגער־מאַן זאָל ענדלעך אַהיימקומען פֿון שטיבל. דערווײַל, אין דער נאַכטשטילקייט, בײַם קאַרגן שײַן פֿון גראָשן־ליכטל, האָט זי זיך אָנגעהויבן אויסלערנען צו לייענען ייִדישע מעשׂה־ביכלעך. די ייִדישע מעשׂה־ביכלעך פֿון די ערשטע משׂכּילים. די דאָזיקע מעשׂה־ביכלעך האָבן געמאַכט אַ גרויסן אײַנדרוק אויף דער באָבע לאה, אַנטוויקלט איר קוק אויפֿן לעבן און זי געשטימט קריטיש צו אַ סך אָנגענומענע זאַכן. די משׂכּילישע ייִדישע מעשׂה־ביכלעך האָבן אויך באַשטימט דעם גײַסטיקן גורל פֿון די קינדער, וואָס זײַנען איר, דער באָבע לאה, שפּעטער געבוירן געוואָרן.

מײַן פֿאָטער דער עילוי. — נחת. — מײַן פֿאָטער שרײַבט שירים. — דער כתב־יד פֿון ר' יהושׁעלע קוטנער.

אין אָט די שטימונגען, כּמעט נאָך אַ קינד, האָט די באָבע לאה געבוירן מײַן פֿאָטער. די באָבע לאה פֿלעגט מיר אָפֿט דערציילן: דאָס דאָזיקע קינד איז געווען איר איינציקע טרייסט אין די לאַנגע נעכט, ווען זי איז געזעסן איינע אַליין אין בוידעם־שטיבל נעבן דער ווײַבערשול און געוואַרט אויפֿן זיידן, וואָס האָט געהוליעט אין חסידים־שטיבל. דאָ האָט זי געלייענט די ייִדישע מעשׂה־ביכלעך, וועלכע האָבן אויף איר יונג און פֿאַרבענקט מיידלש האַרץ געווירקט ווי טוי אויף אַ טריקעניש. אָדער זי האָט געקוקט אויף דעם קליינעם לעבעדיקן בפּשל אין דער וויג, וואָס איז עפּעס ווי אַ גרויס וווּנדער אַרויס פֿון איר. דאָס קינד אין דער וויג איז געווען ווי די לעבעדיקע און פֿאַרקערפּערטע געשטאַלט פֿון אירע מיידלשע בענקשאַפֿטן און

האָפּענונגען אין דער טרוקענער און כמורנער שטוב פון ר׳ יהושיעלע קוטנער. אַ שטוב, ווו די גאַנצע אַטמאָספערע איז געווען אָנגעפּולט מיט די גרויסע גאונישע אומפאַרשטענדענישן, טיפע אומפאַרשטענ־דענישן פון דער תורה, וואָס זײַנען נישט צוגענגלעך פאַר ווײַבער און פאַר פשוטע מענטשן, פונקט פאַרקערט ווי אין רבישן ווורקע.

בײַם זיידן האָבן זיך שוין דעמאָלט געמוזט אַרויסווײַזן די סימנים פון דער שפּעטערער „גײַסטיקער נאַכט". די אומהיימלעכע פינצטערע און עקשנותדיקע אַטמאָספערע, וואָס נעמט־אַרום די טונ־קעלע און געהיימענישפולע־אָפּגעשלאָסענע וועלט פון דער „גײַסטיקער נאַכט", האָט געמוזט באַזונדער אָפּשרעקן דאָס נאַיווע און אין איר נאַטור פריילעכע און טרוימערישע מיידל. ווורקע איז געווען דער קוואַל פון פרייד און ליבשאַפט. די וווּנדערלעכע גײַסטיקע אָפּנקייט פון געמיט. ווורקע איז געווען דער קעגנזאַץ צו דער וועלט, ווו די באָבע לאה האָט איצט געוווינט און ווו זי האָט פאַרברענגט די מוראדיקע און איינזאַמע נעכט בשכנות פון טויטע ווײַבער. טויטע ווײַבער, וואָס זײַנען חצות־צײַט אָנגעקומען פון בית־הקבֿרות און געזאָגט יאָמערלעכע תחינות אין דער פוסטער ווײַבערשול.

דאָס קינד אין וויגל האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן אויסצווואַקסן. שוין גאָר קינדווײַז האָט מײַן פאָטער אָנגעהויבן אַרויסצווײַזן אוי־סערגעוויינטלעכע פעיִקייטן. די באָבע לאה איז געווען גליקלעך. פּאַמעלעכל האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז אין אָט אָ דעם וווּנדערקינד וואַקסט אַ צווייטער ר׳ יהושיעלע קוטנער. ר׳ יהושיעלע קוטנער אַליין האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַראינטערעסירן מיט די פעיִקייטן פון דעם קליינעם אייניקל. שוין גאָר קינדווײַז איז גענומען אונטער זײַן השגחה. דאָס האָט דעם אַלטן תּלמודישן גאון דערנענטערט צו דער באָבע לאה.

*

עס וועט מיך אַראָפּפירן פון דער טעמע, ווען איך וועל דער־ציילן פון מײַן פאָטערס קינדער־יאָרן, אַזוי ווי זיי זײַנען מיר אײ־

בערגעגעבן געוואָרן. עס זײַנען געווען די קינדער־יאָרן פֿון אַ יידישן עילוי אין אַ רבנישער שטוב. מײַן פֿאָטער האָט אויך קינדווײַז אָנגעהויבן שרײַבן העברעיִשע שירים לויט דעם מוסטער פֿון די אַלטע משׂכּילים. ר׳ יהושיִעלע קוטנער, הגם ער האָט קנאַפּ געהאַלטן פֿון שירים, איז פֿון דעסט וועגן געווען אַזוי אײַנגעליבט אין דעם עילויִשן אייניקל, אַז ער האָט די דאָזיקע שירים געוויזן זײַן איידעם, דער מומע שפּרה־מירלס מאַן, דעם באַרימטן קאָלישער רבֿ, דעם מחבר פֿון נפֿש־חיה. דער נפֿש־חיה האָט געשעמט פֿאַר אַ וועלטלעכן רבֿ און געהאַט מחותּנים צווישן די גרעסטע יידישע גבֿירים אין פּוילן. די דאָזיקע ברייטע און גילדענע מחותּנשאַפֿט האָט געהייסן אַ טריט אין דער גרויסער וועלט אַרײַן און האָט געשמעקט מיט גבֿירישע סאַליִעס, אויסלענדישע וואַרעם־בעדער, זײַדענע פּריצישע קליידער, טײַער פּאָרצעלײַ און גלאָז, גאָלד און זילבער, און איידעלע בריסעלער שפּיצן. עס איז געווען די גרויסע וועלט אין קעגנזאַץ צו דער אַלטפֿרענקישער און רבנישער שטוב פֿון ר׳ יהושיִעלע קוטנער. דאָ האָט די קאַרגע באָבע פּריווע געגעבן דעם טאָן פֿון דער באַלע־באַטישקייט. דער קאָלישער רבֿ האָט אויך זייער ליב געהאַט דאָס איידעלע און עילויִשע ייִנגל. דער קאָלישער רבֿ אַליין איז געווען אַ גרויסער מליץ און בעל־לשון־קודש און געהאַט אַ קליין דריבנע פּערל־כּתבֿ, פּונקט אין היפּוך צום קוטנער גאון, וואָס האָט געהאַט אין זײַן שרײַבן אַ ווילדן רבנישן סטיל און מיט זײַן כּתבֿ, וואָס האָט געהאַט אַ פּנים פֿון גרויסע קאָטשערעס און לאָפּעטעס, האָט ער זײַנע חידושי־תּורה ווילקירלעך אַרומגעשריבן איבער אַלע גליונות פֿון די ספֿרים אין זײַנע ספֿרים־אַלמערס. מ׳האָט געמוזט אויסגעפֿינען קונציקע איבערשרײַבערס צווישן די לומדישע בחורים אין בית־המדרש, וועלכע זאָלן זיך קאָנען פֿונאַנדערפּלאָנטערן אין די דאָזיקע העראָגליפֿישע געשריפֿטן. דער קאָלישער רבֿ האָט פֿאַרן קוטנער גאון שטאַרק גערימט מײַן פֿאָטערס שירים, אָבער איך בין זיכער, אַז פֿון מײַן פֿאָטערס פּשטלעך איז ר׳ יהושיִעלע קוטנער אַ סך מער געווען צופֿרידן. אַ שאַרפֿע קשיא האָט בײַ ר׳ יהושיִעלען

מער אויסגענומען ווי אָט די אַלע חנען פֿון דער העברעיִשער מוזע.

אַזוי איז מײַן פֿאָטער אונטערגעוואַקסן, זיך אַנטוויקלט און באַקומען מיט זײַן עילוייִשקייט אַ שם איבער פּוילן. ר׳ יהושיִעלע קוטנער האָט נישט אויפֿגעהערט אים צו רימען און צו שעצן זײַנע פֿעיִקייטן. דאָס אָרעמע מוטערהאַרץ פֿון דער טרוימערישער און אינטעליגענטער באָבע לאה איז געוואַקסן פֿון נחת. דער זיידע ר׳ משהל איז ענדגילטיק געוואָרן שווער גײַסטיק־קראַנק. די באָבע לאה האָט אָנגעהויבן באַקומען נאָך קינדער. איר אײנזאַמקייט איז געוואָרן טיפֿער, איר בענקשאַפֿט גרעסער און ווײַטער. זי האָט נאָך אַלץ געוווינט אין איר בוידעם־שטיבל נעבן דער ווײַבערשול און געהאַט לאַנגע שלאָפֿלאָזע נעכט, אין וועלכע זי פֿלעגט וויגן אירע קינדער, לייענען ייִדישע משׂכּילישע מעשׂה־ביכלעך און קוקן ווי איר עלטסטער זון, דער עילוי, וואַקסט־אויס, באַקומט חן און לײַטזעליקייט אין אַלעמענס אויגן, ווערט דאָס שוואַרצאַפּל פֿון אויג בײַ ר׳ יהושיִעלע קוטנער און דערגרייכט פּאַמעלעכל די עלטער פֿון אַ חתן־בחור. אין דער אײנזאַמקייט פֿון דער באָבע לאהס לעבן האָט ענדלעך אָנגעהויבן אַרײַנצושײַנען די זון פֿון קינדער־נחת.

פון 2טן בוך

פאַרוואָרפענע ייִדישע ישובניקעס קומען האַלטן די הייליקע טעג אין דלוטאָוו. — ווײַסע הענער און הינער. — די קיטלען לופטערן זיך אויף דיביימער. — ווי האָט אויסגעקוקט אין טושין ?. — די נאַכט פון יום־כיפור פילדערן אַלע כפרה־עופות אונטער אַלע טישן. — די עופות קוקן־אויס ייִדלען דעם שוחט. — ייִדל הער שוחט קומט שפּעטלעך אין די פינצטערנישן. — מען שלאָגט כפרות. — ייִדל איז נאָך אַ מאָל בודק די חלפים און די עופות קאָנען זיך שוין נישט דערוואַרטן אויף דער שחיטה. — מען שעכט די עופות אין דרויסן אונטער אַ בוים בײַם שײַן פון אַן אָנגעצונדענעם לאַמטערן. — דער סאָד רוישט אין די פינצטערנישן.

ערבֿ ראש־השנה, ווי אויך ערבֿ יום־כּיפּור, זײַנען אָנגעפֿאָרן קיין דלוטאָוו עטלעכע פּויערישע פֿורן מיט פֿרעמדע ייִדישע משפּחות. דאָס זײַנען געווען ייִדן פֿון ווײַטע אָפּגעלעגענע דערפֿער. ייִדן וואָס האָבן געהאַלטן מילך־שווײַגן[1] בײַ פּריצים. אָדער גאָר אַ ייִדישער לאַטוטניק[2] פֿאַרוואָרפֿן ערגעץ אין אַ העק[3] צווישן גויִים. די דאָזיקע ייִדן האָבן טייל מאָל כּמעט במשך אַ גאַנץ יאָר נישט אָנגעזען קיין ייִד פֿאַר די אויגן. פֿאַרגרעבטע ייִדן — זיי, זייערע ווײַבער און זייערע קינדער. שטענדיק צווישן פֿעלדער און צווישן גויִים. ייִדן, וואָס האָבן מיטגעלעבט מיט די נויטן און מיט די זאָרגן פֿון גויִים. געזעסן און געטרונקען מיט גויִים אין די פּוילישע קרעטשמעס. ייִדן, וואָס האָבן מער נישט געוווּסט פֿון ייִדישקייט, סײַדן ווי אָפּצוהיטן דעם הייליקן שבת, און אין די שעהן פֿון באַגינען, ווען די הימלען האָבן זיך פֿאַרפֿאַרבט מיט טאָג, צו לייגן טלית און תּפֿילין. צו דאַוונען אין סידור איז זיי אָנגעקומען מיט נויטשווייס. אַזוי האָבן זיי געלעבט, איינצלנע ייִדן מיט זייערע משפּחות. דור־אײַן, דור־אויס — אָפּגעריסן פֿון ייִדישן שטאַם. ראש־חודש אלול האָבן עפּעס די ווינטן געברענגט צו טראָגן צו די אויערן פֿון יענע ייִדן, אַז עס קומט־אָן פֿאָרכצומע[4] טעג. און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן. אין זייער פּראָסטקייט און אויך אין זייער פֿאַרגרעבטקייט האָט אָנגעהויבן צו ציטערן דער פּחד פֿון יום־הדין. וואָס האָבן פּראָסטע ייִדן, פֿאַרוואָרפֿענע צווישן ימים מיט גויִים, געקאָנט מער טאָן ווי זיך גרייטן לויט זייערע יכולתן און לויט זייערע פֿאַרשטענדעניש? די ווײַבער האָבן אויסגעקליבן ווײַסע הענער און היגנער און זיי ספּעציעל געהאָדעוועט אויף כּפּרה שלאָגן אין דער נאַכט פֿון הייליקן ערבֿ יום־כּיפּור. מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט פֿון די קופֿערטס דעם קיטל, וואָס אַ ייִד מוז טראָגן אין הייליקן טאָג, כּדי ער זאָל

[1] (אַרענדירטע) פֿאַכטן (צו אויסאַרבעטן מילך און קעז). — [2] שנײַדער וואָס קען בלויז לאַטעס לייגן. — [3] ווו עס ווינען זעלטן מענטשן. — [4] דרך־ארץ וואָס וואַרפֿט־אָן אַ מורא.

ענלעך זײַן צו די מתים וואָס מע משפּט אין בית־דין של מעלה. וואָרעם אין דעם טאָג פֿון יום־כּיפּור משפּט מען די לעבעדיקע באַגלײַך מיט די טויטע. די הויט דאַרף ציטערן אויף אַ מענטש. מ׳האָט דעם קיטל אויפֿגעהאָנגען אויף אַ בוים, כּדי ער זאָל זיך אויסלופֿטערן. אַפֿילו פֿון בוים אַראָפּ האָט דער קיטל אַראָפּגעווייעט ווי אַ זכר פֿון טויט און געשראָקן די פּראָסטע ייִדן און זיי גערופֿן צו פֿרומקייט. די ייִדן זײַנען פֿרימער געוואָרן אין חודש אלול און נאָך זייערע השׂגות אָנגעהויבן שטרענגער אַכטונג געבן אויף ייִדישקייט אין דער משפּחה.

יאָר בײַ יאָר, ראש־השנה און יום־כּיפּור־צײַט, האָבן די ייִדן אײַנגעשפּאַנט זייערע פֿורן, דאָרט אַרויפֿגעלייגט קישנס און פּערענעס, צו קאָנען שלאָפֿן אין דער פֿרעמד, ווי אויך אויבסטן, מילכיקס און די ווײַסע כּפּרה־עופֿות. אַפֿילו טונדלעך [1] מיט לעבעדיקע פֿיש. זיי האָבן פֿאַרשלאָסן זייערע הײַזקעס און די שליסלען אָפּגעגעבן צו באַקאַנטע פּויערים. מיט דער גאַנצער משפּחה, מיט ווײַב־און־קינד, זיך אַוועקגעלאָזט אויף ימים־נוראים אין שטעטל טושין. די יונגע ייִדישע זין און טעכטער, וואָס זײַנען במשך דעם גאַנצן יאָר אויפֿגעצויגן געוואָרן צווישן גויִם, האָבן טייל מאָל כּמעט ס׳ערשטע מאָל געזען ייִדן. קיין עין־הרע אַ שטאָט מיט ייִדן! און וואָסערע ייִדן! ייִדן אין כאַלאַטלעך, אין פּיאות און אין גאַרטלען. ייִדן חסידים, וואָס האָבן שמועסנדיק שטאַרק געמאַכט מיט די הענט און צײַטנווײַז אַפֿילו זיך קעגנזײַטיק אָנגעהאַלטן פֿאַר די בערד. זיי האָבן געזען דעם טושינער רבֿ — אַ ייִד מיט ווילדע צעלאָזענע פּיאות, דעם שוחט און דעם מורה־הוראה. זיי האָבן געזען דעם קהלשן צאַפּ [3], וואָס האָט זיך אין די אלול־טעג אַרומגעדרייט צווישן ייִדן און געגעסן שמות. די פֿורן מיט די דאָרפֿלײַט זײַנען ס׳רובֿ שטיין געבליבן נישט ווײַט פֿון בית־המדרש און פֿון דער מקווה. פֿון די אָפֿענע בית־המדרש־פֿענצטער האָט זיך געהערט דאָס זינג־זאַנג־קול פֿון

---

[1] פּעסעלעך. — [2] גרויסהאַלטערישן דעה־זאָגער.

לערנען אָדער דאַווענען. די פּראָסטע ייִדן זײַנען אַראָפּגעשטיגן פֿון די פֿורן, אויסגעשפּאַנט די פּויערישע פֿערד און אַרײַנגעגאַנגען אין הייליקן בית־המדרש אַ קוש טאָן די גרויסע פּאַרמעטענע מזוזות, וואָס זײַנען דאָרט געהאַנגען אויף די בײַשטידלען פֿון די אַלטע הילצערנע טירן. די דאָרפֿייִדן, אין זייערע גראָבע שטיוואַליעס, זײַ־נען שטיין געבליבן בײַ דער טיר און מיט פֿרעמדלעכן דרך־ארץ געקוקט, ווי ייִדן זיצן בײַ לאַנגע טישן, בײַ אויפֿגעמישטע גמרות, דרייען זיך אַרום איבערן בית־המדרש אָדער דאַווענען גאָר און שאָקלען זיך צווישן די ספֿרים־אַלמערס. עס האָט זיך זיי אויסגעדוכט, די פּראָסטע ייִדן, אַז פּונקט אַזוי קוקט עס אויס אין הימל ראש־השנה און יום־כּיפּור. די דאָרפֿישע אויערן האָבן פֿאַרנומען די אומעטיקע ניגונים פֿון תּורה־לערנען. די פּראָסטע ווײַבער און די קינדער זײַנען נישט־דרייסטע געבליבן זיצן אויף די פֿורן צווישן דעם בעטגעוואַנט, צווישן די אויבסטן און די עופֿות, און מיט אָפֿענע פּויערישע אויגן געקוקט אויף דעם ייִדישן יאַריד אין שטעטל.

*

ווען מ׳האָט געמאַכט אַ „מנין" אין קאַמאַצקיס „הויף", זײַנען די עטלעכע פֿאַרגרעבטע און פֿאַרוואָרפֿענע ייִדן אַרום דלוטאָוו שוין מער נישט געפֿאָרן אויף ימים־נוראים אין דעם שטעטל טושין. זיי זײַנען געקומען אין דלוטאָוו. זיי זײַנען געקומען אויף זייערע פֿורן, מיט זייער בעטגעוואַנט און מיט די עופֿות, און זיך אַוועקגעשטעלט נישט ווײַט פֿון אונדזער סאָד. דער זיידע ברוך האָט געהייסן עפֿענען איינעם פֿון די דלוטאָווער שײַערן און די ייִדן האָבן זיך דאָרט אויסגעלייגט אין די שמעקנדיקע טונקלקייטן פֿון הויפֿנס היי און קאָניטשינע. אין דאָרף האָבן זיך די ייִדן היימישער געפֿילט ווי אין שטעטל טושין.

אין דער נאַכט פֿאַר ערבֿ יום־כּיפּור האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די פֿירכטערלעכקייט פֿון יום־הדין ווערט מיט אַ מאָל שטאַרקער. אין דער הויפֿישער קיך האָבן געשריגן די געבונדענע עופֿות, וואָס

מ׳האָט געברענגט צו כּפּרה שלאָגן. די ווײַסקייט פֿון די גרויסע הענער און הינער האָט פֿון דאָס נײַ דערמאָנט אין דער ווײַסקייט פֿון קיטלען און תּכריכים — אין טויט — הגם די געבונדענע עופֿות האָבן אונטער אַלע טישן פֿון קיך געפּילדערט, געשריגן און געקלאַפּט מיט די פֿליגלען. מ׳האָט בחוש געזען, אַז די אַלע הענער און הינער זײַנען די אויסלייזער פֿאַר ייִדנס וועגן. פֿון זייער שרײַען און קוואָקען האָט מען כּמעט ווי געהערט די יענוועלטישע פֿרומקייט פֿון יום־הדין. אויך פֿון טונקעלן שײַער, ווו עס זײַנען געזעסן די פֿרעמדע פֿאַרגרעבטע ייִדן, האָט מען געהערט ווי עס שרײַען אומברחמנותדיק געבונדענע עופֿות. קיינער האָט זיך בײַ אונדז נישט געלייגט שלאָפֿן. אין דער קיך האָבן זיך געטומלט די ווײַבער און די דינסטן. אויך לייבושל האָט געהאָלפֿן בינדן און אויסלייגן די ווײַסע כּפּרה־עופֿות.

די שעה האָט געהאַלטן בײַם שלאָגן צוועלף. אויפֿן טיש אין עס־חדר זײַנען געלעגן סידורים. פֿונעם סופֿיט אַראָפּ האָט העל און וואַרעם געפֿלאַקערט די בראָנדזענע נאַפֿטלאָמפּ. פֿון טושין האָט געזאָלט קומען ייִדל דער שוחט. ייִדל איז געווען אַ זון פֿון אַלטן טושינער שוחט און ער האָט זיך אָקערשט געהאַט אויסגעלערנט שחיטה און דערווײַל נאָך נישט געהאַט קיין שטעל. ייִדל האָט געוואָרפֿן אַן אויג אויף דלוטאָוו. ער האָט געוואָלט ווערן שוחט בײַ דעם נײַעם דלוטאָווער ישוב און אין דער נאָענטקייט פֿון ייִדישן פּריץ. אײדער וואָס און ווען, האָט ער דערווײַל זיך געקליבן צו קומען שעכטן אונדזערע כּפּרות און איבערבלײַבן איבער יום־כּיפּור אין דלוטאָוו. ייִדל האָט געהאַט נאָך אַ מעלה. ער איז געווען אַ כּהן. דלוטאָוו האָט נישט געהאַט קיין כּהן צו דוכענען יום־כּיפּור און אויך נישט וועמען צו געבן די ערשטע עליה. סטײַטש, מיר וועלן נישט האָבן קיין כּהן? די באָבע חיה האָט טאַקע אויסגעקוקט ייִדלען ווי אַן אבֿן־טובֿ. איז ווען ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צו טונקלען אין דרויסן און דער טושינער כּהן האָט זיך נאָך אַלץ נישט געוויזן, האָט די באָבע חיה כּסדר אויפֿגעזיפֿצט: וואָס וועלן מיר טאָן אָן

אַ כּהן און ווער וועט אונדז שעכטן די עופֿות? עס האָט אויסגעקוקט, אַז די געבונדענע ווײַסע עופֿות אונטער די קיכטישן ווערן אומגעדולדיק און מיד פֿון וואַרטן אויפֿן שוחט, וואָרעם זיי האָבן מיט אַ מאָל אויפֿגעהערט צו פֿילדערן און עפּעס ווי אײַנגעשלאָפֿן אונטער די טישן. פּלוצעם האָט זיך דערהערט פֿון קיך אַ געשריי: ער איז דאָ! האָבן מיר ממש פֿרײַער אָפּגעאָטעמט. אין דער טיר האָט זיך באַוויזן אַ קליין דראָבנער פֿאַרשוינדל מיט פּעטע בעקלעך און מיט אַ שפּיציק געל בערדל. ער איז געגאַנגען דעם האַלדז אַרומגעבונדן מיט אַ רויטער פֿאַטשיילע און האָט געטראָגן אויפֿן קאָפּ אַ גרויסן און ברייטן סאַמעטענעם קאַשקעט. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן הילצערנע שיידלעך מיט חלפֿים.

די הינער און די הענער האָבן פֿונאויפֿסנײַ אָנגעהויבן צו שרײַען אונטער די טישן. די באָבע חיה האָט געהייסן גרייטן פֿאַרן שוחט אויף וועטשערע. ייִדל האָט נישט לאַנג געגעסן, וואָרעם עס איז שוין געווען שפּעט אין חצות און ער האָט נאָך געמוזט שאַרפֿן און פּרוּוון די חלפֿים. אַ נײַער ערשט־אויסגעלערנטער שוחט, האָט ער זיך כּסדר געפּאָרעט בײַ די חלפֿים. איצט, ווען מ׳האָט אַרײַנגעבראַכט די עופֿות, האָט זיך ייִדל אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל און גאָר אויפֿסנײַ זיך גענומען צו די חלפֿים. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אַרום טיש. יעדער האָט גענומען אַ ווײַס עוף אין דער האַנט און אָנגעהויבן צו זאָגן אין סידור. דאָס עוף האָט געשריגן. ערשט ווען ס׳איז געקומען צו „זה כּפּרתי”, „זה חליפֿתי”, האָבן מיר געדרייט מיט די עופֿות איבער די קעפּ. די עופֿות האָבן געפּאָכעט מיט די פֿליגלען און געקוואָקעט ווי זיי וואָלטן עפּעס פֿאַרשטאַנען.

ווען די כּפּרות זײַנען שוין געווען אָפּגעשלאָגענע און די געבונדענע עופֿות זײַנען געלעגן בײַזאַמען אין אַ קופּע, האָבן די שיקסעס זיי אָנגעהויבן אַרויסצוטראָגן אין פֿינצטערן אַלולדיקן אינדרויסן. אין מיטן דער נאַכט האָט מען געהערט דאָס יאָמערלעכע שרײַען פֿון עופֿות. אַ שיקסע האָט געהאַלטן אַ גרויסן אָנגעצונדענעם לאַמטערן. ייִדל דער שוחט איז אַרויסגעקומען אין דרויסן מיט אַ חלף, האָט

זיך אַוועקגעשטעלט אונטער אַ פֿינצטערן בוים און אָנגעהויבן צו שעכטן די עופֿות, וועלכע די שיקסע האָט אים אײַנציקווײַז אונטערגעטראָגן. אין דער ווײַטער אלולדיקער נאַכט האָט גערוישט דער סאָד. מ׳האָט געהערט אויף דער ערד דאָס גוסדיקע קלאַפּן פֿון די פֿליגלען פֿון געשאָכטענע עופֿות. די וואָס האָבן נאָך געלעבט האָבן געשרי׳ען אין די הענט פֿון די שיקסעס און אין די הענט פֿון יידל דעם שוחט. דער לאַמטערן האָט טריב און אומעטיק געלויכטן. ווען אונדזערע עופֿות זײַנען שוין אַלע געווען געשאָכטן, זײַנען פֿון צווישן די פֿינצטערעביימער אַרויסגעקומען די פּראָסטע דאָרפֿיידן. אויך זיי האָבן געברענגט זייערע עופֿות צו דער שחיטה. באַלד איז שטיל געוואָרן. מ׳האָט אויפֿגעהויבן די טויטע עופֿות פֿון אויף דער ערד. דער לאַמטערן איז געוואָרן פֿאַרלאָשן. דער סאָד האָט גערוישט אין די פֿינצטערנישן. ס׳איז געווען די נאַכט פֿאַר ערבֿ יום־כּיפּור.

די צוויי גרעסטע תורה־משפּחות אין פּוילן זײַנען זיך משדך. — צדיקים אין גן־עדן טרינקען לחיים. — פּאַסטקאָטשן אין די בלאָטעס צווישן לוויוויטש און סאָכאַטשאָוו. — דעם פּעטער יעקלס נצחון. — אין אַ לוויוויטשער אַכסניה. — דער פּעטער יעקל מאַכט קולות, אַז אַלע זײַנען שלימזלען. — יידן שטופּן ירחמיאלן אַרײַן אין דער קאָטש. — דער פּעטער יעקל ווערט שטיל ווי אַ לעמעלע. — די פּעלדער פּורים־צײַט. — די פּאָטשטאַליאָנען טראָמפּייטערן אין דעם סוף־ווינטערדיקן רחבות. — גיי, פֿאָר מיט אַ נאַר אויף אַ חתונה! — דער פּעטער יעקל ווערט ווידער שטיל ווי אַ לעמעלע. — סאָכאַטשאָווער בלאָטעס און מאָכאַטשאָווער מאַרק. — ס׳פֿאָרן מחותנים!

דעם צווייטן ווינטער זײַנען מיר ווידער געווען אין לאָדזש. איך בין נאָך אַלץ געגאַנגען צו ר׳ אַהרנען אין חדר. אין די ווינטערדיקע אָוונטן בין איך אַהיימגעפֿאָרן מיט דער גרויסער סחורה־פֿור פֿון די ווישליצקיס. מ׳האָט געשמועסט: אויפֿן קומענדיקן ווינ־

טער וועט מען מיך אָפּגעבן צו אַ גמרא־מלמד. דאָס האָט מיך אָנגע־פּולט מיט שטאָלץ. אין קוטנע האָט זיך די מומע איטקע געהאַלטן ביים גטן מיט בערישן.

פּורים־צייט זיינען מיר אַלע געפֿאָרן אויף אַ חתונה. דער פֿעטער יצחק, דעם טאַטנס ברודער — דער וואָס האָט זיך האָפּערדיק געשניטן אויף אַן עילוי — האָט געהאַלטן ביים חתונה האָבן פֿון סאָכאַטשאָוו. די כּלה איז געווען אַן אייניקל פֿון באַרימטן סאָכאַ־טשאָווער גאון ר׳ אַבֿרהמעלע. ס׳האָט געהייסן: אין דעם דאָזיקן שידוך האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן צוויי פֿון די גרעסטע און באַרימטסטע תּורה־משפּחות פֿון פּוילן, ר׳ יהושיעלע קוטנער און ר׳ אַבֿרהמעלע סאָכאַטשאָווער. דערצו איז דער חתן געווען אַן אייניקל פֿון ר׳ יצחק וואָרקער און די כּלה אַן אייניקל פֿון קאָצקער. אַלע חסידים האָבן געזאָגט, אַז צוליב דעם דאָזיקן שידוך איז אַ שׂמחה אין דער פמליא של מעלה [1]. די צדיקים אין גן־עדן הייסן זיך געבן בעכערס מיט יין־המשומר [2], כּדי צו טרינקען לחיים.

מען האָט זיך טאַקע געגרייט אויף אַט אַ דער חשובֿער חתונה. אין אַלע רבישע הייף אין פּוילן האָט מען זיך מכין געווען צו פֿאָרן אויף דער „סאָכאַטשאָווער חתונה". ר׳ אַבֿרהמעלע איז דעמאָלט געווען דער גרעסטער שׂר־התּורה אין פּוילן, דעם קאָצקערס אַן איידעם און אַ רבי פֿון חסידים.

פֿון לאָדזש זיינען מיר געפֿאָרן מיט דער באַן ביז לוויוויטש. סאָכאַטשאָוו איז געווען אַ קליין אָפּגעלעגן שטעטעלע. אַ העק צווישן בלאָטעס. קיין באַן איז אַהין נישט דערגאַנגען. מ׳האָט גע־מוזט פֿאָרן מיט באַלעגאַלישע בוידן. אין יענע בלאָטעס צווישן לוויוויטש און סאָכאַטשאָוו האָט אויך קורסירט די „עקסטרע־פּאָטשט". אַ גרויסער געלער קאַסטן מיט אַן אויפֿגעמאָלטן רוסישן אָדלער און מיט משונהדיק־הויכע רעדער, וואָס האָבן פֿאַרנדיק געקלאַפּט און געאָכצט. מ׳האָט אַזש פֿון דער ווייטן געהערט, אַז דאָ גייט די

---

[1] (חגיגה יג) גאָטס סוויטע. — [2] (ברכות לד) ווײַן פֿאַר צדיקים.

„עקסטרע־פּאַטשט״. די באַלעגאָלעס פון דער „פּאַטשט״ זײַנען גע־גאַנגען אָנגעטאָן אויסטערלישע קײַלעכדיקע קאַפּעליושן און האָבן אויף זיך געטראָגן רויטע פאַלדיקע שנורן, אויף וועלכע ס׳זײַנען געהאָנגען געדרייטע מעשענע טראָמפּייטן. אין מיטן וועג אָדער אַרײַנ־פאָרנדיק קיין סאָכאַטשאָוו, האָבן זיך די פּאַטשטאַליאָנען צעבלאָזן אויף די דאָזיקע טראָמפּייטן. זיי האָבן געבלאָזן מאָדנע פאַרצײַטישע ניגונים, וואָס האָבן שאַרף און אויסטערליש אָפּגעקלונגען אויף מר־חקים. ווען די „עקסטרע־פּאַטשטן״ זײַנען גראָד אַדורכגעפאָרן אַ וואַלד און די פּאַטשטאַליאָנען האָבן געבלאָזן, האָט דער וואַלד זיך אָפּגערופן פון שאַרפע און שאַליקע ווידער־קולות. סאָכאַטשאָוו איז געווען אַזאַ פאַרוואָרפענער העק, אַז ווען מ׳האָט אָפּגעשאַפט די פּאָסטקאָטשן אין פוילן האָט מען אין גאַנצן פאַרגעסן די אַלטע געלע קאָטשן, וואָס זיי האָבן זיך געשלעפּט אין די בלאָטעס צווישן לוויוויטש און סאָכאַטשאָוו. זיי האָבן ווײַטער קורסירט ווי אין קד־מונים. איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס איז דעם פעטער יעקל אין קוטנע געראָטן איבערצוריידן אַלעמען און אויסצופועלן, אַז מ׳זאָל פאָרן קיין סאָכאַטשאָוו נישט אויף קיין פּשוטע יידישע באַלעגאָלישע בוידן, נאָר אויף אָט אָ די אויסטערלישע פאַרצײַטישע קאָטשן. געווע — דער פעטער יעקל האָט אויסגעפועלט. ווען מיר זײַנען געקומען צו פאָרן אין לוויוויטש מיט דער באַן און אַוועק ערגעץ אין אַן אַכסניה הינטער דער שטאָט, איז שוין דאָרט געווען די גאַנצע קוטנער משפּחה. דער פעטער יעקל האָט זיך שטאַרק געפרעט און זיך כּסדר געקריגט מיט זײַן איידעם ירחמיאל. אין אַ באַזונדער חדר פאַר מאַנסבילן איז אויבן אָן, בײַם טיש, געזעסן דער זיידע ר׳ משהל אָנגעטאָן אין אַ רבנישן שאָפענעם פעלץ און מיטן סויבל־נעם קאַלפּאַק אויפן קאָפּ. ער האָט געהאַלטן דעם רבנישן שטעקן אין דער האַנט און ער האָט געוואַרט מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט זיצנדיק אין דער לוויוויטשער אַכסניה שוין געווען אין סאָכאַטשאָוו אויף דער חתונה. נעבן אים איז געזעסן דער חתן יצחק מיט די צעשויבערטע פּיאות פון אַן עילוי, אין אַ גרויסן סאַמעטענעם קאַש־

קעט און אין אַ נײַעם שאַפּנפּעלץ, וואָס האָט אים צוגעגעבן די ברייטע האָפּערדיקייט פֿון רבנישער עילויִשקייט. אַלערליי לויוויטשער ייִדן — וואָס האָבן גאָר נישט געהערט פֿון די מחותּנים — האָבן זיך אין וואָכעדיקע קאַפּאָטעס געשטופּט צווישן די קוטנער מחותּנים. די ייִדן זײַנען צוגעגאַנגען צום זיידן ר׳ משהל און אים געגעבן שלום עליכם. די קוטנער ווײַבער זײַנען געזעסן אין אַן אַנדער חדר און געטרונקען טיי. צווישן זיי האָט זיך געפּאָרעט און הייזעריק געשריגן דער נײַער משמש פֿון זיידל ר׳ משהל, הירשל נאָמנס אײדעם יעקבֿ צאָמבער. ער איז געווען אַ קליין שוואַרץ ייִדל מיט אַ פּאָר ברענענדיקע און לײַדנשאַפֿטלעכע אויגן.

דערווײַל האָט מען געהערט פֿון דרויסן דאָס פּאַרצײַטישע געשאַל פֿון טראָמפּייטן און אַ קרעכצעניש און אָכצעניש פֿון רעדער. דער פֿעטער יעקל איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון זײַן אָרט, אַרײַנגעלאָפֿן צו די ווײַבער און מיט גוואַלדיקער און טריומפֿירנדיקער שׂמחה אַ געשריי געטאָן:

— די פּאָטשט!

אין דרויסן זײַנען טאַקע געשטאַנען די צוויי געלע גרויסע פּאַרצײַטישע קאַסטנס. אויפֿן הויכן באָק זײַנען געזעסן באַוואָנצעטע גוייִם אָנגעטוענע אין אויסטערלישע לעדערנע קאַפּעליושן. די טראָמפּייטן, אַרומגעבונדן אויף די סוקמאַנעס, לאַנגע בײַטשן אין די הענט. די גוייִם האָבן געקנאַלט מיט די בײַטשן און אַזוי אַרום אַרויסגערופֿן די פּאַסאַזשירן פֿון דער אַכסניה. מיר זײַנען אַלע אַרויסגעקומען. דער פֿעטער יעקל האָט זיך אַ בשׂמחהטער געפּאָרעט, גלײַך ווי די קאָטשן וואָלטן געווען זײַן אייגנטום. ער האָט זיך אַפֿילו אין דרויסן פֿאַר די קאָטשן געקריגט מיט ירחמיאלן. די טרעפּלעך צו די קאָטשן זײַנען געווען הויכע און דאָס אַרויפֿגיין אויף זיי איז נישט געווען זייער לײַכט. פֿאַר דער קאָטש, אין וועלכער עס האָבן געזאָלט פֿאָרן די ווײַבער, האָבן זיך טאַקע געהערט געשרייען און געלעכטערס. די שלימזלדיקערע ווײַבער האָבן בשום

אופֿן זיך נישט געקאָנט אַרויפֿדראַפּען אויף דער קאַטש. דער משמש יעקבֿ צאַמבער — הגם ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ סאַמעטע־נעם קאַשקעט מיט אַ יאַרמלקע און אין אַ צעדריפּעטן חסידישן גאַרטל — איז געשטאַנען נעבן די ווײַבער און אויף זײַן הויך הייזעריק קול געמאַכט אַלערליי צווײדײַטיקע וויצן אויפֿן חשבון פֿון די ווײַבער, וואָס באַווײַזן נישט אַזוי לײַכט אַרויפֿצוקומען אויף דער געלער קאַטש. אויך בײַ די מאַנסבילן האָט זיך געטאָן דאָס נעמ־לעכע. פֿאַר די עלטערע ייִדן איז עס אויסגעקומען גאָר שווערלעך, הגם דער פֿעטער יעקל איז געשטאַנען נעבן די טרעפּלעך, געשריגן און אַלעמען אָנגערופֿן שלימזל. ווען עס איז געקומען צו ירחמיאלן, האָט ער, ירחמיאל נעבעך, שטאַרק אָנגעהויבן קרעכצן, האָט זיך צוגעהאַלטן מיט די הענט בײַם בויך און האָט קיין פֿוס אַפֿילו נישט באַוויזן אַרויפֿצושטעלן אויפֿן טרעפּל. פֿון דער ווײַברישער קאַטש האָט אים געזידלט זײַן ווײַב ראַצע. דער פֿעטער יעקל האָט זיך געקאָכט און דעם אומגליקלעכן ירחמיאלן אָנגערופֿן מיט כּלערליי צונעמעניש. ס׳איז נישט געגאַנגען. ערשט עטלעכע פֿרעמדע לוי־וויטשער ייִדן האָבן ירחמיאלן גענומען אויף די הענט און אים אַרײַנ־געטראָגן אין דער קאַטש. ירחמיאל האָט שווער אָפּגעזיפֿצט און דער פֿעטער יעקל בײַ די טרעפּלעך האָט געליאַרעמט און געזידלט. ווען עס איז אָנגעקומען דערצו, אַז דער פֿעטער יעקל אַליין דאַרף ענדלעך אַרויפֿצושטײַגן אויף די טרעפּלעך, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קאָן דעם ערשטן טריט נישט אַרויפֿשטעלן. דער פֿעטער יעקל איז מיט אַ מאָל שטיל געוואָרן און זיך שטאַרק פֿונאַנדערגעהוסט. עס האָט אים גאָר נישט געהאָלפֿן. די אייגענע פֿרעמדע לויוויטשער ייִדן האָבן אים, דעם פֿעטער יעקל, געמוזט נעמען אויף די הענט און אים אַרײַנשטופּן אין דער קאַטש.

ווען אַלע מחותּנים און מחותּנתטעס זײַנען שוין געווען פֿונאַנ־דערגעזעצט, האָבן זיך די אַלטע געלע קאַטשן שווער אַ ריר געטאָן פֿון אָרט. עס האָט געגעבן אַזאַ טרייסל, אַז אַלע פּאַסאַזשירן זײַנען אַרויפֿגעפֿאַלן איינער אויפֿן אַנדערן. דער פֿעטער יעקל האָט שוין

מער נישט געשריגן. די קאַטשן האָבן זיך קרעכצנדיק צעשאָקלט און עס האָט אויסגעקוקט, אַז מיט זיי שאָקלט זיך מיט גאַנץ לוויוויטש. די פֿורמאַנעס אויפֿן באָק האָבן געשריגן „נאַ באָק[1]!" און געקנאַלט מיט די בײַטשן. ענדלעך זײַנען די קאַטשן פֿאַרבײַגעפֿאָרן די לעצטע לוויוויטשער הײַזלעך און אַרויף אויף די פֿעלדער.

ס'איז געווען פּורים־צײַט. אויף די פֿעלדער איז נאָך געלעגן טיפֿער שניי. דער וועג אָבער, וואָס פֿירט קיין סאָכאַטשאָוו, האָט נישט ליב קיין שניי. ער איז געווען איין לאַנגע גוואַלדיקע בלאָטע, פֿול מיט גריבער און גריבלעך. די בלאָטעס האָבן זיך ווי אויפֿגע־קאָכט און צעשפּריצט אונטער די הויכע קרעכצנדיקע רעדער פֿון די צוויי קאַטשן. אויף די ווײַסע פֿעלדער אַרום זײַנען געפֿלויגן שוואַר־צע קראָען און געשריגן. פֿון די מחותּנים אינעווייניק, אין די קאָטשן, איז געוואָרן אַ קנויל און זיי האָבן זיך פֿעסט געמוזט אָנ־האַלטן בײַ וואָס עס האָט זיך געלאָזט, וואָרעם עס איז געווען חיות ניט זיכער. דער זיידע ר' משהל האָט אַפֿילו געהאַט בדעה אַ שמועס צו טאָן מיטן חתן אין לערנען, נאָר עס איז ממש נישט מעגלעך געווען צו טאָן די מינדסטע זאַך — אויך ריידן איז נישט געווען מעגלעך, סײַדן צו שרײַען הויך אויפֿן קול. פּלוצעם — קיינער האָט זיך אויף דערויף נישט געריכט — האָט זיך דערהערט אַ שנײַדיקער שאַל פֿון טראָמפּייטן. די ביידע גוייִם אויפֿן באָק האָבן זיך מיט אַ מאָל שאַרף און הויך צעבלאָזן אין מיטן די ליידיקע שנייִקע פֿעלדער.

ירחמיאל, נעבעך, איז געזעסן אַרײַנגעשטופּט צווישן די מחותּנים און זיך פֿעסט אָנגעהאַלטן בײַם אייגענעם בויך. אַלע מיחושים זײַנע, אינעווייניק אין אים, האָבן אָנגעהויבן צו ריידן דיבורים. ירחמיאל האָט זיך מיט אַ מאָל שטאַרק דערשראָקן פֿאַר דעם פּלו־צעמדיקן שאַרפֿן געשאַל און האָט זיך געוואָנדן צום פֿעטער יעקל און אים אַרײַנגעשריגן אין די אויערן אַרײַן, אַז מ'זאָל — נישט מער

[1] אין אַ זײַט! (רוקט זיך אָפּ!).

און נישט ווייניקער! — אָפּשטעלן די קאָטש אין מיטן די בלאָטעס, מחמת ער באַדאַרף משתּין זײַן...

דער פֿעטער יעקל איז אַזש רויט געוואָרן פֿון גרויס כּעס.

— גיי, פֿאָר מיט אַ נאַר אויף אַ חתונה! — האָט ער אַ געשריי געטאָן אין מיטן דעם צעשאָקלטן קנויל פֿון די מחותּנים.

דער זיידע ר' משהל האָט געפּסקנט: פֿאַרפֿאַלן! מ'קאָן נישט קיין ייִד לאָזן עובֿר זײַן אויף אַזאַ שווערע עבֿירה ווי „בל תּשקצו" [2]. מיט גרויס מי און מאַטערניש איז קוים געראָטן אַרויסצוקלאַפּן צום גוי אויפֿן באָק, ער זאָל אָפּשטעלן די קאָטש. אויך די קאָטש פֿון די ווײַבער האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס האָט זיך אויסגעדוכט: די טיפֿע בלאָטעס, אין וועלכע די געלע באַשפּריצטע קאָטשן האָבן שווער געטאָפּטשעט, האָבן זיך אויך באַרויִקט. בלויז אויף די שנײיִקע פֿעלדער האָבן הפֿקרדיק געקראַקעט די קראָען. אַז מ'האָט אויפֿגעעפֿנט די טירן פֿון דער קאָטש, האָט זיך אַרײַנגעריסן דער פֿרישער סוף־ווינטערדיקער דרויסן. אַלע ייִדן אין דער קאָטש האָבן געמוזט העלפֿן ירחמיאלן זיך אַרויסצובאַקומען. ירחמיאל איז אַראָפּגעשטיגן טיף אין מיטן פֿון די בלאָטעס. ענדלעך האָט מען מיט גרויס מי און מאַטערניש צוריק אַרויפֿגעקראָגן ירחמיאלן אין קאָטש אַרײַן. ווען דער גוי האָט געטאָן אַ קנאַל מיט דער בײַטש און געוואָלט אַ יאָג טאָן די פֿערד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איצט איז דער פֿעטער יעקל אַ קאַנדידאַט אויף משתּין זײַן. מען האָט צוריק אַרויסגעקלאַפּט צום גוי, ער זאָל וואַרטן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שווערע שטיקל אַרבעט, דעם פֿעטער יעקל אַרויסצוקריגן און צוריק אַרײַנצוקריגן אין דער קאָטש. און אַזוי האָבן מיר, מידע און צעבראָכענע, ענדלעך אָנדערלאַנגט צו די ערשטע הײַזלעך פֿון סאָכאַטשאָוו. דאָ האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן די ריכטיקע בלאָטעס. דאָס שטעטל איז ממש געשווומען אין בלאָטע. ווען אונדזערע קאָטשן זײַנען מיט רעש און געקרעכצעניש אַרײַנגעפֿאָרן צווישן די קליינע

[2] נישט צו פֿאַרמיאוסן.

הילצערנע הײַזלעך, האָט זיך אויסגעדוכט, ווי סאָכאַטשאָוו וועקט זיך פֿון הינערפּלעט. אַלע פֿענצטער האָבן זיך געעפֿנט. פּלערליי קעפּ פֿון ייִדענעס אין שלאָפֿהויבן און ייִדן אין יאַרמלקעס האָבן זיך אַרויסגעבויגן פֿון די פֿענצטער צו קוקן. פֿון טייל פֿענצטער האָבן זיך ווײַבער איבערגעשריגן, אַז דאָ פֿאָרן די קוטנער מחותּנים. די גויִים אויפֿן באָק האָבן זיך פֿון דאָס נײַ פֿונאַנדערגעבלאָזן מיט די טראָמפּייטן. אַזוי זײַנען מיר מיט געשאַל און געפּילדער אַרויפֿגעפֿאָרן אויפֿן סאָכאַטשאָווער מאַרק.

דער מאַרקפּלאַץ איז געווען איין גרויסע בלאָטע, אין וועלכער עס האָבן אַרומגעטאָפּטשעט ייִדן און גויִים. פֿאַר די קרעמלעך זײַנען געשטאַנען ייִדן צוזאַמען מיט פּויערים און געשמועסט. אַלע האָבן געקוקט אויף די קוטנער מחותּנים. אונדזערע קאָטשן זײַנען דערווײַל אַרײַנגעפֿאָרן צווישן אויסגעשפּאַנטע פּויערישע פֿורלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען כּמעט ווי פֿאַרטרונקען אין דער סאָכאַטשאָווער בלאָטע. אָנגעבונדענע בײַ די פֿורלעך האָבן פּויערישע פֿערדלעך געשמאַק געקײַט היי און שעטשקע [3]. קי זײַנען געשטאַנען אין מיטן די בלאָטעס, נאַריש געקוקט אויף די אָנפֿאָרנדיקע קאָטשן און גע־מעלה־גרהט. איינצלנע ציגן האָבן זיך אַרומגעדרייט אין די בלאָטעס פֿון סאָכאַטשאָווער מאַרק, אַלע מאָל אַרײַנגעשטעקט די באַבערדלטע קעפּ אין דער טיר פֿון אַ ייִדיש קרעמל, ווי זיי וואָלטן דאָרט עמעצן געזוכט. ענדלעך האָבן זיך אונדזערע קאָטשן אָפּגעשטעלט. פֿרעמדע סאָכאַטשאָווער ייִדן האָבן אונדז געהאָלפֿן בײַם אויסשטײַגן. מ׳האָט אונדז אַלעמען ביסלעכווײַז „אײַנגעשטעלט” בײַ פֿאַרשיידענע ייִדן. מיד און מאַט פֿון דער גרויסער און שווערער נסיעה פֿון לוויוויטש קיין סאָכאַטשאָוו, בין איך ערגעץ אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ בעט און אײַנגעשלאָפֿן ווי אַ טויטער.

[3] צעריבענע שטרוי פֿאַרמישט מיט מעקענע (פֿאַר בהמות).

דער סאָכאַטשאָווער „הויף". — דער גאון ר' אַברהמעלע און זײַנע התנהגותן. — קאָצקער גוואַרדיע אין סאָכאַטשאָוו. — די רביצין צינה. — ר' שמואל און אסתרל. — מאיר באָרנשטיין ברענט אַ וועלט. — די פעסטע האַנט. — דער קינצקער רב. — ר' יואב יהושע פסקנט שאלות. — לאָז מען שיקן נאָך ליבען !

דער סאָכאַטשאָווער „הויף" האָט געשמט איבער פּוילן. נאָך ר' יהושעלעס טויט איז דער סאָכאַטשאָווער רבי, ר' אַבֿרהמעלע, געבליבן די איינציקע תּורה־אויטאָריטעט. אַלע ייִדן פֿון פּוילן און מחוץ פּוילן האָבן צו אים אַרויפֿגעקוקט, ווי צום לעצטן פּוסק. ר' אַבֿרהמעלע איז געווען אַ קליינער און זייער אַ פֿלינקער, הגם ער איז געווען אַ חלוש און כּל־ימיו אַ לונגען־קראַנקער. ער האָט אין זיך געהאַט אַלע תּנועות און העוויות פֿון אַ פּויליש־ייִדישן גאון: האָט גערעדט שנעל און נאָר גרויסע לומדים זײַנען אין שטאַנד געווען אים גוט צו פֿאַרשטיין. דערצו האָט ר' אַבֿרהמעלע געפּראַוועט רביסטווע און אַ טייל פֿון רבישער התנהגות איז געווען צו דערציילן מעשׂיות פֿון קאָצק. אין נאָמען און אין דער פּערזאָן פֿונעם קאָצקער האָט ר' אַבֿרהמעלע געזען די העכסטע שלימות פֿון אַ הייליקן ייִד. בײַ ר' אַבֿרהמעלען אין בית־המדרש האָבן זיך געזען די גרעסטע לומדים און רבנים פֿון פּוילן, וואָס זײַנען געקומען קיין סאָכאַטשאָוו צו שמועסן מיט ר' אַבֿרהמעלען אין לערנען. אַחוץ זיי האָבן זיך דאָרטן אויך אומגעדרייט אַלטע קאָצקער חסידים — איבערבלײַבענישן פֿון דער אַמאָליקער חסידישער גוואַרדיע פֿון דעם גרויסן רבישן מיזאַנטראָפּ. מיט די דאָזיקע אַלטע חסידים האָט ר' אַבֿרהמעלע ליב געהאַט צו פֿאַרברענגען, צו הערן זייער שאַרפֿן קאָצקער דיבור און זייער סאַטירישן ביטול לגבי אַלע און אַלעמען. איינעם פֿון זיי — חזקיהו לוויטשער — האָט אַבֿרהמעלע אַמאָל געפֿרעגט, צי ער רעדט נאָך אויס אויף גוטע־ייִדן. קאָצקער חסידים האָבן פֿון אַלע אַנדערע גוטע־ייִדן געמאַכט אַש און בלאָטע. חזקיהו האָט אים געענטפֿערט, אַז אויף אַלע הײַנטיקע גוטע־ייִדן לוינט זיך צו מאָל נישט אויסצורײדן. איין גוטער־ייִד איז פֿאַראַן אין פּוילן, וואָס

אויף אים לווינט זיך שוין יאָ אויסצורײדן, איז ער גראָד מײַן רבי, ד״ה, דער סאָכאַטשאָווער. וויפֿל קאָצקער נוסח! וואָס עס האָט געשמעקט מיט קאָצק, אַפֿילו פּשוטע גלײַכווערטלעך, איז פֿאַר ר׳ אַבֿרהמעלען גלײַך געווען צו די גאונותן פֿון דער תּורה. אויך די סאָכאַטשאָווער רביצין, ר׳ אַבֿרהמעלעס ווײַב, דעם קאָצקערס לײַבלעכע טאָכטער צינע, איז מיט די עלטערע יאָרן געוואָרן אַ ווײַבערישער קאָצקער חסיד. די גאַנצע סאַטירישע שאַרפֿקייט, אין וועלכער זי האָט פֿאַרבראַכט אירע קינדער־יאָרן, די לופֿט און די אַטמאָספֿערע, וואָס האָט געהערשט אַרום דעם קאָצקער, האָט זיך אין איר אָנגענומען. זי האָט אויך גערעדט שאַרף און בײַסיק, געזאָגט אָפֿן אירע מיינונגען וועגן נאָענטע און געיאָגט פֿון זיך די יעניקע, וואָס זײַנען איר נישט געווען סימפּאַטיש. איר מאַן האָט זי באַטראַכט ווי מע באַטראַכט אַ ספֿר. זי האָט פֿאַר אים אויסטערליש געזאָרגט און אָפּגעהיטן. אָבער זי האָט אין אים געהיטן מער די תּורה ווי דעם מאַן. אַגבֿ איז זי געווען די איינציקע פֿרוי, וואָס דער גאון ר׳ אַבֿרהמעלע האָט במשך לאַנגע, לאַנגע יאָרן געזען פֿאַר די אויגן. אין סאָכאַטשאָוו איז שטרענג פֿאַרבאָטן געווען אַרײַנצולאָזן צו ר׳ אַבֿרהמעלען ווײַבער. אַפֿילו זײַנע אייגענע שוועסטערן האָבן נישט געטאָרט איבערטרעטן די שוועל פֿון ר׳ אַבֿרהמעלעס חדר. אַלע ענינים און עצות פֿון ר׳ אַבֿרהמעלעס ווײַבערישער משפּחה האָט באַזאָרגט די רביצין. זי האָט עס באַזאָרגט אויפֿן קאָצקער אופֿן, שאַרף און אָן סענטימענטן. פֿאַר וואָס בײַ ר׳ אַבֿרהמעלען אין הויז איז געווען אַזאַ חרם אויף ווײַבער — וועגן דעם זײַנען צווישן פּוילישע חסידים אַרומגעגאַנגען פֿאַרשיידענע מעשׂיות.

ר׳ אַבֿרהמעלע האָט געהאַט צוויי קינדער, אַ זון מיט אַ טאָכטער. ביידע זײַנען געבוירן געוואָרן אין קאָצק, די ערשטע יאָרן נאָך ר׳ אַבֿרהמעלעס חתונה. נאָך דעם ווי ר׳ אַבֿרהמעלע האָט מקיים געווען די מצווה פֿון פּריה ורבֿיה — זכר ונקבֿה ברא אותם [1] — האָט

[1] (בראשית א, כ״ז) אַ זכר און אַ נקבֿה האָט ער זיי באַשאַפֿן.

זיך דעם קאָצקערס טאָכטערס טראַכט פֿאַרמאַכט. געַנוג! אַ ייִד באַדאַרף נישט מער. קוים האָט ער מקיים געווען דעם עול, וואָס די תּורה האָט אויף אים אַרויפֿגעלייגט, איז דאָס איבעריקע נישט מער ווי מעשׂה־יצר, און אין קאָצק האָט מען קנאַפּ געהאַלטן פֿון יצר־הרע. פֿאַר דער טאָכטער האָט ר׳ אַבֿרהמעלע גענומען פֿאַר אַן איידעם אַן אייגענעם ברודער, מאיר באָרנשטיין. ס׳האָט געהייסן, אַז מאיר באָרנשטיין האָט נאָך געהאַט אַן עילויִשערן קאָפּ ווי ר׳ אַבֿרהמעלע, נאָר ער האָט דעם עילויִשן קאָפּ ניט געוואָלט אַרײַנלייגן אין תּורה, נײַערט אין מסחר. מאיר באָרנשטיין האָט פֿאַרברענט פּוילן מיט מסחרים. אין זײַנע געשעפֿטן האָט ער זיך תּמיד פֿאַרגאַלאָפּירט מיט עילויִשקייט און זיך אין זיי פֿאַרדרייט מיט סוחרישע פּשטלעך. בײַ דער תּורה וואָלט עס אפֿשר אָנגעגאַנגען. די האַרטע ווירקלעכקייט האָט אָבער אַ גראָבן קאָפּ און זי איז נישט געווען קיין מבֿין אויף מאיר באָרנשטיינס קאָמבינאַציעס. מאיר באָרנשטיין איז פֿון אַלע זײַנע גאָלדענע פּלענער תּמיד אַרויסגעגאַנגען בשן ועין. רײַכע סאָכאַטשאָווער חסידים האָבן אים געמוזט אַרויסשלעפּן פֿון די בלאָטעס, אין וועלכע ער האָט זיך אַרײַנגעעילויִשט. מ׳האָט מאיר באָרנשטיינען גענומען אויסצוגלײַכן פֿאַרפּלאָנטערטע בורורתן. זײַן שאַרפֿער קאָפּ האָט געהאַט אַ שם אַפֿילו אויף יענער זײַט גרענעץ, אין קירה. קירהשע גבֿירים האָט זיך אַמאָל פֿאַרגלוסט מאיר באָרנשטיינען אַהין צו ברענגען אויף אויסצוגלײַכן בוררותן. דער סוף איז געווען, אַז די ייִדן האָבן זיך פֿאַרשאָלטן די יאָרן. מיט זײַן שאַרפֿן פּשטלדיקן קאָפּ האָט מאיר באָרנשטיין די שוין געַנוג פֿאַרפּלאָנטערטע סכסוכים נאָך מער פֿאַרוויקלט. די סכסוכים האָבן זיך געצויגן יאָרן. מאיר באָרנשטיין האָט גענומען געלט און די צדדים זײַנען גרוי און אַלט געוואָרן און נאָך נישט געהאַלטן בײַם אָנהייב פֿון אָנהייב. אַגבֿ, האָבן קירהשע ייִדן מאיר באָרנשטיינען אַזוי ווײַט פֿאַרשמעקט, אַז ווען אסתּרל, ר׳ אַבֿרהמעלעס טאָכטער, מאיר באָרנשטיינס ווײַב, איז אַוועקגעגאַנגען אויפֿן עולם־האמת און דער שאַרפֿער קאָפּ איז אין מיטן דערינען געבליבן אַ קײַלעכדיקער

אַלמן, האָט ער זיך מיישבֿ געווען און גאָר חתונה געהאַט מיט אַן עלטערער גאַליציאַנער ייִדענע פֿון קראָקע, אַ פּיפּיקע סוחרטע. ער האָט זיך באַזעצט אין קירה אונטערן מלכות פֿון קייסער פֿראַנץ־יאָזעף, געטראָגן סאַמעטענע קירהשע קאַפּעלאַטשן, די פּיאות האָבן זיך אים פֿון זיך אַליין אויסגעדרייט ווי פּראָפּן־ציִערס. קירהשע פּיאות. מאיר באָרנשטיין האָט אָנגענומען אַלע תּנועות און העוויות פֿון אַ גאַליציאַנער ייִד, און אַפֿילו אָנגעהויבן ריידן אַ קאַפּיטשקעלע דײַטשמעריש. דער שאַרפֿער קאָפּ האָט אָנגעהויבן פֿון דאָס נײַ ברענען אין גאַליציע.

ר' אַבֿרהמעלעס בן־יחיד, ר' שמואל, דער מחותן פֿון זיידן ר' משהל, איז גאָר געווען אַן אַנדערער טיפּ. אסתּרל איז געווען אַ קליינע. אין חולשות איז זי געווען געראָטן אין איר פֿאָטער דעם גאון. ר' שמואל איז געווען אַ הויכער, אַ ברייטבייניקער, מיט אַ פֿליישיקער סלאַווישער נאָז און געשפּראָצט פֿון געזונטקייט. גאָר נישט ווי אַ צורבא מדרבנן[2]. זײַן גויִשע געזונטקייט האָט זיך אויך געלייגט אויף זײַן פּסיכיק. ער איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך רויִקער. די קאָצקער שאַרפֿקייט האָט זיך בײַ אים נישט אויסגעדריקט אין נערוועזער אומרויִקייט, נאָר אין שטאָלצער און זעלבסט־באַוווסטער געלאַסנקייט. ער האָט אין זיך געהאַט אַ סך פֿון אַ סלאַווישן דעספּאָט. געהאַלטן זײַן הויזגעזינד מיט אַ פֿעסטער האַנט, הגם אַ סך פֿון זײַנע קינדער — פּונקט אַזעלכע פֿעסטע און עקשנות־דיקע כאַראַקטערס ווי ער — זײַנען שפּעטער „קאַליע" געוואָרן, אַריבערגעגאַנגען צו דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, צום ציוניזם און איינער פֿון זיי איז אַפֿילו געוואָרן אַ ייִדישער שריפֿטשטעלער (מ. ב שטיין).

ר' שמואל האָט געהאַט דרײַ אויפֿגאַבעס אין זײַן לעבן. אַלע דרײַ אויפֿגאַבעס האָט ער אויסגעפֿירט מיט אויסערגעוויינטלעכער געלאַסנקייט און עקשנות. קודם־כּל, זײַן פֿאָטער דעם גאון. אַזוי

[2] אַ יונגער תּלמיד־חכם, וואָס הערט תּורה פֿון זײַנע רבֿיים.

ווי ר׳ אַבֿרהמעלע איז געווען אַ חלוש, אַחוץ אין די טיפֿענישן פֿון ים־התלמוד איז ער געווען נאַיִוו און אומבאַהאָלפֿן ווי אַ קינד, איז דער געלאַסענער און דער געזונטער ר׳ שמואל זיך מיט אים אומ־געגאַנגען ווי מיט אַ טײַער און ציטערדיק קינד. ער האָט זיך גע־זאָרגט פֿאַר ר׳ אַבֿרהמעלעס רום און כּבֿוד, פֿאַר זײַנע מאַנוסקריפּטן, פֿאַר זײַנע באַקאַנטשאַפֿטן און באַציִונגען. דער חלוש ר׳ אַבֿרהמעלע האָט זיך געפֿילט זיכער אונטער דער השגחה פֿון דעם ברייטביייניקן און סלאַווישן בן־יחיד. ר׳ אַבֿרהמעלע האָט אים, ר׳ שמואלן, כּסדר דערמאָנט אין זײַנע „שאלות ותשובות" און אַפֿילו אין זײַנע ספֿרים. ר׳ שמואלס אַ געלונגענע תּלמודישע סבֿרא האָט ר׳ אַבֿרהמעלע מיט פֿיל זאָרגפֿעליקייט אַרײַנגענומען אין דעם געוועב פֿון זײַנע גאונותן און וועגן אים געשריבן „בני הגאון ר׳ שמואל". אין דעם ליכט פֿון זײַן פֿאָטער, דעם גאון, האָט ר׳ שמואל געשפּילט אין פּוילן די ראָלע פֿון אַ ייִד וואָס שמעקט מיט דער ברייטקייט פֿון גאונות.

ר׳ שמואלס תּקיפֿות, זײַן קאָלטבלוטיקע און געלאַסענע דעס־פּאָטיע, זײַן כּסדרדיק אויפֿטרעטן כּמעט ווי די לײַבלעכע פֿאַרקער־פּערונג פֿון זײַן גאונישן פֿאָטער, האָט גורם געווען, אַז ר׳ שמואל האָט ר׳ אַבֿרהמעלען פֿאַרשאַפֿט אַ סך שונאים. אַרום ר׳ אַבֿרהמעלען האָבן זיך צעברענט אַלערליי מחלוקתן. דער דאָזיקער גאון איז געווען נאַיִוו ווי אַ קינד, שטענדיק פֿאַרטאָן געווען אין תּורה און נישט געטשעפּעט קיין פֿליג אויף דער וואַנט. ר׳ שמואל אָבער האָט ליב געהאַט אַלעמען צו ווײַזן אַ שטאַרקע האַנט. די שטאַרקע האַנט האָט ער אָנגערופֿן — גאון ר׳ אַבֿרהמעלע. די קעגנערישע צדדים, וואָס ר׳ שמואל האָט אומזיסט און אומנישט פֿאַרשאַפֿט זײַן פֿאָטער, זײַנען טייל מאָל אַזוי פֿאַרביטערט געוואָרן, אַז זיי זײַנען נישט אָפּגעשטאַנען אַפֿילו ר׳ אַבֿרהמעלען צו מסרן פֿאַרן גובערנאַטאָר. אָט אַ דער בטלנישער ייִד איז אַ מאָל אַרויסגערופֿן געוואָרן צום וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר אויף אַן אויספֿאָרשונג. די מסירות האָבן — ווי קאָמיש! — געטראָגן דעם כאַראַקטער, אַז ר׳ אַבֿרהמע־לע האָט אַנטי־מלוכהשע עסקים. חושד צו זײַן אַזאַ ייִד אין אַזעלכע

אויסטערלישע חטאים! ביי פוילישע חסידים זיינען מסירות געווען אַן אויסגעפּרווט וואָפן. דער גרויסער גאון איז געפאַלן אַ קרבן פאַר דעם שאָטן פון זיין רום, ד״ה, פאַר זיין האָפערדיקן בן־יחיד.

אַחוץ ר׳ שמואלן איז נאָך געווען אַ פּערזאָן אין פוילן, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ צווייטע האַנט פון ר׳ אַבֿרהמעלען. נישט די צווייטע האַנט פון ר׳ אַבֿרהמעלעס כּבֿוד, נייערט פון ר׳ אַבֿרהמע־לעס תּורה. עס איז געווען דער קינצקער רבֿ ר׳ יואָבֿ יהושע.

ר׳ יואָבֿ יהושע האָט זיך גערעכנט פון די ערשטע גדולים אין פוילן. פון זיין כּסא־רבנות אין קינצק פלעגט ער ספּעציעל אַראָפּ־קומען אין סאָכאַטשאָוו, כּדי צו שמועסן מיט ר׳ אַבֿרהמעלען אין לערנען. זיין קומען אין סאָכאַטשאָוו האָט ר׳ אַבֿרהמעלע געהאַלטן פאַר אַ יום־טובֿ, מחמת מיט קיינעם פון די פוילישע לומדים האָט זיך ר׳ אַבֿרהמעלע נישט געקאָנט אַזוי טיף פונאַנדערשמועסן ווי מיטן קינצקער רבֿ. ר׳ יואָבֿ יהושע איז געווען אַ ווילדער בעל־מפּלפּל, האָט געקאָנט צוזאַמענפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט און ער מיטן סאָכאַטשאָווער גאון האָבן זיך פאַרשטאַנען אויפן ווונק. ווען אָט דיביידע יידן האָבן זיך צעשמועסט אין לערנען, האָט טאַקע קיין שום פּשוט לומדיש אויער נישט געקאָנט כאַפּן קיין וואָרט. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די וועלט האָט זיך אונטערגעצונדן פון דער שאַרפקייט פון זייער פּילפּול. דער דאָזיקער ר׳ יואָבֿ יהושע, וואָס איז געווען אַזאַ מייסטער אין געפעכט מיטן סאָכאַטשאָווער גאון, איז אויך פונקט ווי ר׳ אַבֿרהמעלע אויף די שטחים פון ווירק־לעכן לעבן געווען נאַיוו און אומבאַהאָלפן ווי אַ קינד. ר׳ אַבֿרהמעלע האָט געהאַט אַ זון, ר׳ שמואל, וועלכער האָט אים געהאַלטן ביי דער האַנט און אַדורכגעפירט דורכן לעבן. הגם ער האָט אים נישט איין מאָל היפּשלעך אַריינגעפירט אין אַלערליי מחלוקתן, אין וועלכע ר׳ אַבֿרהמעלע איז געווען גאָט די נשמה שולדיק. דאָך איז פאַר ר׳ אַבֿרהמעלען אַלץ געטאָן געוואָרן און ער האָט געקאָנט בלייבן אַ רויִקער אויף די צעוויגטע וואַסערן פון ים־התּלמוד. ר׳ יואָבֿ יהושע, להיפּוך, איז געווען אַ ייִד אַן אָרעמאַן, אַ רבֿ ערגעץ אין אַ פאַר־

וואָרפֿן שטעטל קינצק. אַחוץ פּילפּלען זיך האָט ער אויך געמוזט עוסק זײַן אין זײַן רבנישער פּרנסה. מילא, שאלות פּסקענען איז נאָך אָנגעגאַנגען. די ווײַבער, וואָס זײַנען געקומען צו אים מיט זייערע פֿאַרזינדיקטע עופֿות, האָבן געמוזט שטיין ווײַט אָפּגערוקט פֿון אים. ער אַליין, אַ פֿאַרטועגער, האָט אַרומגעגראַבלט אין די אויפֿגעמאַכטע הינער, גערעדט פֿון דער ווײַטנס צו די ווײַבער אויף אַ פֿאַרפּלאָנטערטן גמרא־לשון, ווי זיי וואָלטן געווען ייִדן־לומדים. די ווײַבער האָבן מורא געהאַט דאָס מויל אויפֿצועפֿענען, זײַנען געשטאַנען בײַ דער טיר און געוואַרט אויפֿן פּסק, וואָס ר׳ יואָבֿ יהושע האָט געזאָגט מיט אַ גמרא־ניגון און געהאַלטן אין דער הויך די פֿאַרפֿעצטע און פֿאַרבלוטיקטע רבנישע פֿינגער, וואָס האָבן געהאַט געגראַבלט אין די אינגעווייִדן פֿון די עופֿות. אַזוי ווײַט בײַ שאלות. בײַ די דין־תּורהס איז אים געווען, נעבעך, גאָר שווערלעך. ער האָט נישט געהאַט די מינדסטע אָנונג אין הײַנטצײַטיקן מסחר. אויף די צדדים האָט ער געקוקט ווי אויף תּנאים ואמוראים פֿון דער גמרא, האָט זייערע לאָדענישן פֿאַרפּשטלט מיט שאַרפֿע שנײַדיקע חילוקים און סבֿרות. די ייִדן האָבן נישט געקאָנט דערגייִן קיין טאָלק און נישט פֿאַרשטאַנען ר׳ יואָבֿ יהושעס לשון. קינצקער סוחרים האָבן טאַקע געמיטן זיך צו לאָדענען בײַ ר׳ יואָבֿ יהושען — און ער האָט, נעבעך, געהאַט גאָר קנאַפּ פּרנסה. ווי ווײַט זײַן פֿרעמדקייט צום לעבן איז דערגאַנגען, זאָל דינען דער פֿאָלגנדיקער פֿאַקט: צו ר׳ יואָבֿ יהושען אין בית־דין־שטוב אין קינצק זײַנען אַמאָל אַרײַנגעקומען אַ בחור מיט אַ בתולה אָפּצולאָזן אַ שידוך. ס׳איז אָבער בײַ זיי געווען אַ סכסוך וועגן נדן. ר׳ יואָבֿ יהושע האָט געזאָגט, אַז מ׳זאָל רופֿן דעם שדכן פֿאַר אַן עדות, וואָרעם ער ווייסט דאָך מן־הסתּם די תּנאים, נאָך וועלכע דער שידוך איז געשלאָסן געוואָרן. „ס׳איז נישט געווען צווישן אונדז קיין שדכן, ס׳איז געווען אַ ליבע", האָט דער בחור פֿאַרשעמט געזאָגט צום שאַרפֿן רבֿ. וועגן ליבע האָט ר׳ יואָבֿ יהושע קיין מאָל נישט געהערט זינט ער לעבט. ער האָט אָבער געוווּסט פֿון דעם ווײַבערישן נאָמען ליבע און איז זיכער

געוועןֹ, אַז דער בחור מיינט אַ ייִדענע אַ שדכנטע מיטן נאָמען ליבע.
„נו, זאָל מען רופֿן ליבען", האָט ר' יואָב יהושע אַן אומגעדולדיקער געזאָגט אין זײַן פֿולער נאַיִוויטעט.

פֿון צטן בוך

מחלוקתן צווישן גער און אַלעקסאַנדער — דער אַלעקסאַנדרער רבי. — בײַ ר' יאַנקעלע ראַדזימינער אויפֿן בוידעם. — באַלוטער גערער חסידים מוזן צוקוקן, ווי פֿון אַלע עקן פֿוילן פֿאָרן חסידים קיין אַלעקסאַנדער.

ראש־חודש אלול־צײַט, ווען די בלעטער האָבן אָנגעהויבן פֿאַלן און ר' נח בראָט האָט זיך אַלע אינדערפֿרי צעבלאָזן אויפֿן שופֿר, האָבן אַלע געוווּסט, אַז סוף־כּל־סוף וועט דער יתום באַפֿרײַט ווערן פֿון גויִישע הענט און מ'וועט אים נישט נעמען פֿאַר קיין זעלנער. ווײַל צו זײַן מאַמען, דער וויסטער אַלמנה אין קינצק, לייבושל האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ שאָטן און געזופֿט די וואַסערן, וואָס די באָבע חיה האָט פֿאַר אים געקאָכט. ער האָט געזופֿט מיט אַ פּאַסיווער גלײַכגילטיקייט און צו מאָל זיך נישט פֿאַרקרימט פֿון דער עקל־האַפֿטער ביטערניש. דעם יתומס גוף האָט שוין אויסגעהערט צו רעאַגירן ווי אַ לעבעדיקער גוף. ער איז געוואָרן געל און דאַר, ווי דער שופֿר וואָס ר' נח בראָט האָט אַרויסגענומען פֿון די טונקלקייטן פֿון אָרון־קודש און זיך אויף אים צעבלאָזן. אַלע זאַפֿטן זײַנען אויסגעטריקנט געוואָרן אין לייבושלס גוף. ער האָט שוין מער גאָר נישט פֿאַרלאַנגט פֿון דער זינדיקער וועלט, סײַדן ווי טעפּלעך מיט „צעניס".

פֿאַר ראש־השנה האָט זיך מײַן פֿאָטער אָנגעהויבן גרייטן צו פֿאָרן צום רבין קיין אַלעקסאַנדער. לייבושל האָט געזאָלט מיטפֿאָרן.

מחמת אין אַלעקסאַנדער האָבן זיך געזאַמלט אַלע יונגע לײַט, אַלעק־סאַנדרער חסידים, וועלכע האָבן נאָך סוכּות באַדאַרפֿט זיך צושטעלן צו די מיליטערישע קאָמיסיעס און האָבן זיך איבערן זומער „געפּײַ־ניקט". זיי זײַנען געקומען קיין אַלעקסאַנדער זיך „מזכּיר זײַן" פֿאַרן רבין און ענדלעך באַקומען די זיכערקייט, אַז זיי וועלן באַפֿרײַט ווערן פֿון „גוייִשע הענט".

די אַלעקסאַנדרער רבישע דינאַסטיע האָט געצויגן איר גאָל־דענע קייט פֿון וואורקע. נאָך ר' בעריש ביאַלער איז כּמעט דער גאַנצער עולם אַוועקגעפֿאָרן צו ר' יחיאלן דעם פּילצער רבֿ. חסידים האָבן שפּעטער אָפּגעקויפֿט דאָס אַלעקסאַנדרער בית־המדרש און דאָס רבישע הויז בײַ אַ קאָצקער דינאַסטיע (ר' הענעך אַלעק־סאַנדרער), וואָס האָט דאָרט „געפֿירט" צווישן דעם „חידושי הרים" און דעם „שפֿת אמת". ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס מלכות פֿון אַלעק־סאַנדרער חסידות.

נאָך גער זײַנען אַלעקסאַנדרער חסידים געווען דער שטאַרקסטער און צאָלרײַכסטער חסידישער קיבוץ אין פּוילן. דעריבער טאַקע האָבן צווישן די דאָזיקע צוויי חסידישע קאָלעקטיוון געהערשט שטאַרקע אַנטאַגאָניזמען און מאַכט־אַמביציעס, וועלכע האָבן צײַטנ־ווײַז, אין אַ סך ייִדישע שטעטלעך, אָנגענומען דעם כאַראַקטער פֿון שאַרפֿע מחלוקתן. עס זײַנען אָנגעגאַנגען מחלוקתן וועגן אַ רבֿ, וועגן אַ שוחט און אַנדערע קהלשע פּאָזיציעס, אין וועלכע די גערער חסידים האָבן געוויינטלעך שטענדיק געזיגט. אָבער געזיגט נאָך שאַרפֿע קאַמפֿן מיט אַלעקסאַנדרער חסידים. ווארשע האָבן אַלעק־סאַנדרער חסידים אויפֿגעגעבן פֿאַר דער גערער מאַכט, מחמת די אַלעקסאַנדרער צאָל אין ווארשע איז געווען אַ נישטיקע. אָבער לאָדזש האָבן זיי באַטראַכט פֿאַר אַן אַלעקסאַנדרער טעריטאָריע און געהאַט די אַמביציע דאָרט צו האָבן די העגעמאָניע. געוויינטלעך רעדט זיך אַלץ אויפֿן באָדן פֿון פֿרומקייט און קהלישקייט. גערער חסידים זײַנען נישט געווען אַזעלכע נעבעכלעך, וואָס זאָלן וועלן דאָס מינדסטע אָפּטרעטן. דעריבער האָבן געהערשט פּערמאַנענטע

מחלוקתן צווישן גער און אַלעקסאַנדער. זיי האָבן זיך איינע די אַנדערע מבטל געווען און נישט געזשאַלעוועט קיין שטעכווערטלעך. די גערער האָפערדיקייט האָבן אַלעקסאַנדרער חסידים אָנגערופן עזות און שקאָצערײַ און דעריבער געהאַט כמעט ווי אַן אומהיימלעכן פחד פאַר דעם זעלבסטזיכערן און העגעמאָנישן אויפטרעטן פון גערער חסידים, וועלכע פלעגן תמיד און אומעטום אויפטרעטן מיט שאַרפער ברייטקייט, מיט זעלבסט־זיכערקייט און איגנאָרירנדיקן ביטול לגבי אַנדערע חסידים. זיי האָבן געהאַט זייער באַזונדערס פלינקן לומדישן לשון, געשלונגען האַלבע ווערטער, געדאַוונט און גערעדט מיט אַ ספעציעלן ניגון און געהאַט זייערע ספעציעלע העוויות. מכלומרשט העוויות פון עניוות. געהאַלטן די קעפלעך אין אַ זײַט. אָבער אין דער דאָזיקער עניוות האָט געשטעקט ביטול און איגנאָרירונג לגבי אַלע און אַלעמען. אַגבֿ האָבן זיי געהאַט די טבֿע נאָכצוקאָפירן די העוויות פון גערער רבין. יענער איז געווען אַ ביסל טויבלעך, געהאַלטן דעם קאָפּ אין דער זײַט און אָפט געזאָגט: „יאַך הער נישט". פלעגן עס שאַרפע גערער חסידים נאָכטאָן. אַלע קלענערע רבילעך אין פוילן האָבן אין דער שטיל גערעדט מיט קנאה און פאַרביטערטקייט, אָבער זיך פאָרט געפילט ווי די וואַסאַלן פון גער און געקראָכן אין די לעכער. אַלעקסאַנדרער חסידים זײַנען געווען צו־צאָלרײַך, אַז זיי זאָלן זיך אַראָפּלאָזן צו דער מדרגה פון גערער וואַסאַלן, און צו־שוואַך, זיי זאָלן זיך שטעלן מיט גערער חסידים אויף איין פאָזיציע אָדער גאָר אַ מאָל קעגן זיי געווינען אַ שלאַכט. שטענדיק האָבן זיך די אַלעקסאַנדרער געשטעלט קעגן די גערער און שטענדיק האָבן זיי פאַרשפילט. דעריבער האָבן אַלעקסאַנדרער חסידים כסדר געבײַלט די פויסטן קעגן די גערער. געוויזן זיי ציינער. זיי באַשולדיקט אין עזות־פנימדיקייט און אין דער שטיל געזאָגט אַ מאָל אַ הלצהלע אויפן גערער רבין צוליב זײַן טויבקייט. אָבער מער ווי די דאָזיקע אוממעכטיקע נקמה־זשעסטן האָבן זיי נישט באַוויזן צו טאָן אַקעגן די גערער. די גערער זײַנען כסדר געבליבן אין זאָטל. די באַציִונג פון גערער חסידים צו אַלעק־

סאַנדער איז, ווי געזאָגט, געווען אַ גוואַלדיק מבֿטלדיקע. זיי האָבן די אַלעקסאַנדרער געהאַלטן פֿאַר לײדיקגייערס, בטלנים, ייִדן וואָס האָבן ליב דעם ביטערן טראָפּן, זײַנען קנאַפּ עוסק אין תּורה און בכלל ווי דאָס פֿינפֿטע ראָד אין פּוילישן חסידות און פּלאָנטערן זיך גלאַט פֿאַר די פֿיס. אַחוץ דעם האָבן גערער חסידים ליב געהאַט אָנצוגרײַפֿן דעם שוואַכסטן פּונקט פֿון אַלעקסאַנדרער חסידים, נעמלעך, די פּערזאָן פֿון זייער רבין.

דער זון פֿון ר׳ יחיאל — דעם גרינדער פֿון דער אַלעקסאַנדרער דינאַסטיע — דער בכור, וואָס האָט אָנגעהויבן צו „פֿירן" נאָך ר׳ יחיאלן, איז געווען (דער ערשטער פֿאַל אין דער גאַנצער געשיכטע פֿון חסידות) אַ ייִד אַ סריס, אָן שום סימן פֿון באָרד און וואָנצעס. ער איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעכע פּערזענלעכקייט. פֿיזאָנאָמיש איז ער געווען אַן אומהיימלעך־העסלעכער מענטש. די גאַנצע מאַנסבילשע העסלעכקייט פֿון אַ סריס. די הויט אַ טרוקענע, אַ טונקל־געלע, וואָס איז אַזש אַרײַנגעפֿאַלן אין שוואַרצקייט, אַן אויסטערליש לאַנגע נאָז פֿון אַ רויבפֿויגל האָט אים באַשאָטנט דאָס ברייטע, ווייכע און פֿאַרעמלאָזע מויל, וואָס האָט זיך בײַם ריידן באַוועגט מיט צעגאָסענע העוויות און זיך אָפּגעהויבן איבער אַ שורה פֿוילע, גרויסע און שוואַרצע ציינער. אין בײדע זײַטן פֿון דעם דאָזיקן שאַרפֿן סריסישן פּנים האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן צוויי לאַנגע, דיקע, שוואַרצע פּיאות, ווי צוויי שוואַרצע צעפּלאָשעטע צעפּ, און זיי האָבן דאָס פּנים געמאַכט נאָך אומהיימלעכער און שאַרפֿער. דער רבי האָט אין זיך געהאַט עפּעס פֿון די געטער פֿון אַלטע מעקסיקאַנישע אַצטעקן. פֿון דעם דאָזיקן טרוקענעם סריסישן פּנים האָבן אַרויסגעקוקט צוויי טונקעלע לעבעדיקע און קלוגע אויגן.

דער אַלעקסאַנדרער רבי איז געווען אַ גרויסער למדן און אַן אומהיימלעך קלוגער מענטש. דערצו אַ פֿאַרביסענער פֿאַנאַטישער פֿרומאַק, וואָס האָט זיך גאָר נישט געפּאָרט מיט דעם ליבהאַרציקן און גוטמוטיקן וווּרקער חסידות. אַזוי ווי ער איז געווען אַ חשוד־

בנים[1], האָט אים יונגערהייט זײַן פֿאָטער ר׳ יחיאל געהייסן „פֿאָרן" צו ר׳ יענקעלע ראַדזימינער. ר׳ יענקעלע האָט געשמט פֿאַר אַ ווילדן בעל־מופֿת, אַן אַרויסטרײַבער פֿון גילגולים און דיבוקים, און אַ פּוקד־עקרות[2]. חסידים האָבן געזאָגט, אַז בײַ אים אויפֿן בוידעם ווימלט פֿון מתים וואָס קומען, פּונקט ווי די לעבעדיקע, צו ר׳ יענקעלען קיין ראַדזימין און בעטן בײַ אים תּיקון. ר׳ יענקעלע האָט אויף די מתים זיך הויך געבייזערט, אַקוראַט ווי ער האָט זיך געבייזערט אויף זײַנע לעבעדיקע חסידים. טייל מאָל פֿלעגט ער זײַן משמש, ר׳ אַזשעלען, אַרויסשיקן צוועלף בײַ נאַכט אויפֿן בית־עולם, דאָרט אָנצוקלאַפּן מיט ר׳ יענקעלעס שטעקן אַ קבֿר און אַרײַנשרײַען צום מת־טהור עפּעס אַ באַפֿעל פֿון ר׳ יענקעלען. אין דער דאָזיקער אַטמאָספֿערע פֿון ווילדער פֿרומקייט און וויסטער אומהיימלעכער פֿאַנטאַזיע איז דערצויגן געוואָרן דער רבישער סריס. דאָס האָט געלייגט אַ חותם אויף זײַנע רבישע פּירעכצן. ווײַל ער איז געווען זייער אַ קלוגער מענטש, האָט די דאָזיקע קלוגשאַפֿט, אין מיטן די פֿינצטערע געשלעכטלאָזע בילדער פֿון זײַן פּערזאָן, נאָך מער געוועקט דעם שוידער פֿון אומהיימלעכקייט. דער עולם האָט פֿאַר אים געציטערט און אים מיסטיש פֿאַרערט. זײַן אויסטערלישע פֿיזיאָנאָמיע, דער טונקעלער און פֿרעמדאַרטיקער סוד פֿון געשלעכטלאָזיקייט, די געל־טונקעלע נאַקעטקייט און שאַרפֿע קלוגשאַפֿט, וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסן אויף זײַן פּנים, האָט געמאַכט אַ מין מעטאַפֿיזישע און איבערגלייבערישע מחיצה צווישן דעם רבישן סריס און זײַנע חסידים. זײַנע רבישע תּורות זײַנען געווען פֿינצטערע און אַסקעטישע. דער אַלעקסאַנדרער רבי האָט נאָר גע־רעדט דערפֿון, אַז דער גוף דאַרף זײַן פֿאַראַכט און צעבראָכן. ווען ער האָט גערעדט פֿון שׂמחה — וואָרעם דער יסוד פֿון וווּרקער חסידות איז געווען שׂמחה — האָט דאָס וואָרט שׂמחה מאָדנע מרה־

---

[1] קינדערלאָזער. — [2] (ברכות לא) דערמאָנט „בעזדיעטניצעס" (בראשית כא, א׳).

שחורהדיק־פּרום און „יענע־וועלטיש" אַרויסגעקלונגען פֿון זײַן מויל. ער האָט זײַנע תּורות געזאָגט שטיל מיט אַ געקרעכצעניש און געאָכ־צעניש און דערבײַ — סאָנאַמבוליש — צוגעהאַלטן די אויגן גלײַך ווי אַ טויטנקאָפּ וואָלט גערעדט אין מיטן פֿון לעבעדיקע מענטשן. דערפֿאַר האָט ער בײַם דאַוונען געשריגן מיט אַ הויך יאָמערלעך קול. ער האָט כּמעט ווי איבערגעשריגן דעם גאַנצן עולם. זײַן יאָ־מערלעך קול איז אויך עפּעס געקומען ווי פֿון די טונקעלע פֿרעמד־אַרטיקע תּהומות פֿון דער קרעאַטור.

גערער חסידים האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין וויצן און צוויי־טײַטיקע שטעכווערטלעך אויפֿן חשבון פֿון אַלעקסאַנדרער חסידים און זייער אויסטערלישן רבין. צו דער גאַנצער אומהיימלעכקייט פֿון זײַן פֿיזיאָנאָמיע האָט דער אַלעקסאַנדרער רבי אַזש געהאַט דרײַ נעמען: ירחמיאל־ישׂראל־יצחק". גערער חסידים האָבן דערצו צוגע־טשעפּעט אַ פּסוק „ולבֿני ישׂראל לא היה ברד" (באָרד) — עס האָט זיי גאָר נישט געפֿעלט. אַלעקסאַנדרער חסידים זײַנען וואָס מער געוואָרן אײַנגעגלייבט אין זייער רבין, געוואָרן האָפֿערדיקער בײַ זיך, גערופֿן די גערער חסידים „שקצים" און „עזות־פּנימער" און כּסדר געזוכט מיט זיי מחלוקת, כּדי צו ווײַזן די פּויסט. הגם זיי האָבן די קאַמפֿן אין די שטעטלעך כּסדר פֿאַרשפּילט, האָבן די אַלעק־סאַנדרער חסידים פֿון דעסט וועגן נישט אָפּגעלאָזט פֿון זייער אַגרע־סיווקייט און געהאָפֿט, ווען עס איז, דאָך צו באַזיגן די גערער. די גערער חסידים אין לאָדזש, איבער הויפּט די יעניקע וואָס האָבן געוווינט אין באַלוט, האָבן צו זייער גרויסן האַרצווייטיק געמוזט צוזען, ווי ערבֿ ראש־השנה, למשל, איז דער וועג קיין אַלעקסאַנדער פֿול מיט פֿורלעך און דראָזשקעס, און אַלטע און יונגע חסידים פֿון אַלע עקן פּוילן פֿאָרן קיין אַלעקסאַנדער צום רבין.

אַנדערע לאַנדשאַפֿטן און אַנדערע ייִדן. — דובעלן. — די וועלט אין די געשטאַלטן פֿון איר כאַאָס. — ליטוואַקעס און ליטוואַטשקעס. — קעלטערע ייִדן צו ייִדישקייט. — אין מײַן פֿאָטער וועקן זיך אַלטע

משכילישע רעמיניסצענצן. — אויפן ברעג ים. — ים־רויש און דאָס שפּיל פון די וואָלקנס אויפן הימל. — האָפענונגלאָזער טרוים פון דער פאַרגענגלעכקייט. — גאָטגעפיל. — סע נעמט זיך אויף שטורעם. — דער שטורעם האָט זיך געפּענטעט איבערן ים און איבערן שטעטל. — ס׳ווערט שטילער. — אין וועלכן הימל וווינט גאָט? — די הימלען זײַנען נישט מער ווי לופט און אַטמאָספערע.

דער ים־ברעג פֿון דובעלן איז סײַ פֿאַר מיר און סײַ פֿאַר מײַן פֿאָטער געווען אַ גרויסע אַנטשיידונג־תּקופֿה אין לעבן. קודם־כּל זײַנען מיר דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעקומען פֿון די פּוילישע פּליינען און מיר האָבן געזען אַנדערע לאַנדשאַפֿטן און אַנדערע ייִדן. נאָך הײַנט קען איך נישט פֿאַרגעסן דעם אויסערגעוויינטלעכן און אויסטערלישן רושם, וואָס עס האָבן אויף מיר געמאַכט די וואַסערווײַטקייטן פֿון באַלטישן ים, נאָך די פֿאַרביקע און אידילישע פּוילישע פֿעלדער. כ׳האָב ס׳ערשטע מאָל געזען די וועלט אין איר אורשפּרינגלעכקייט און אין די געשטאַלטן פֿון איר כאַאָס. הגם איך האָב מיך טאָגטעגלעך אָנגעהערט אין חדר פֿון גאָט, איז ער פֿאָרט בײַ מיר אויסגעקומען ווי אײנער פֿון די ייִדן, וועלכע איך קאָן, אַ מין אַלעקסאַנדרער רבי, וואָס וווינט אין זיבעטן הימל און איז אַרומגערינגלט מיט מלאָכים ווי אַ גוטער־ייִד מיט חסידים. אין אָנגעזיכט פֿון דעם כאַאָס, אין דער געשטאַלט פֿון דער אומגעבנדיקער און הפֿקרדיקער וואַסערוועלט, האָב איך דאָס ערשטע מאָל אינערלעך דערפֿילט דאָס קאָסמישע גאָטגעפֿיל.

אויך מײַן פֿאָטער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געפֿונען צווישן ראַדיקאַלערע און ראַציאָנעלערע ייִדן ווי עס זײַנען געווען די פּוילישע ייִדן. די ליטווישע און רוסישע ייִדן זײַנען געווען פֿיל נײַמאָדישער ווי די פּוילישע. ס׳האָט זיך שוין היפּש אָנגעזען דער ריס צווישן דעם אַלטן און יונגן דור. לערנען וועלטלעכע לימודים און קליידן זיך אייראָפּעיִש איז בײַ דעם יונגן דור פֿון די ליטווישע און רוסישע ייִדן אַבסאָלוט געווען פֿון די נאַטירלעכע זאַכן, בעת אין פּוילן איז עס נאָך געווען אַ חטא קדמון און מ׳האָט אַרויסגעוואָרפֿן

פֿון די שטיבלעך מענטשן, וואָס האָבן אויף דאָס מינדסטע משנה געווען די טראַדיציאָנעלע ייִדישע הלבשה. פֿאַר לאַנגע הויזן צי אַ געפּרעסט קעלנערל האָט זיך געקאָנט אָפּטאָן אין אַ חסידישער שטוב די גרעסטע טראַגעדיע. די מינדסטע „דײַטשישקייטן" האָבן בײַ פּוילישע פֿרומע ייִדן אויסגעקוקט ווי זײַן אָפּגעריסן פֿון כּלל־ישׂראל. אין רוסלאַנד איז עס געווען לחלוטין אַנדערש. דער אַלטער ייִדישער דור האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעהויבן צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז דער נײַער ייִדישער דור פֿאַרנעמט זיך אויף אַנדערע וועגן.

דער דאָזיקער ליבעראַליזם האָט אויסערגעוויינטלעך אימפּאָנירט מײַן פֿאָטער. איז ער דאָך אין דער קוטנער שטוב געוווינט געווען צו די השׂכּלה־ווינטן, וועלכע עס האָט אַרײַנגעברענגט די באָבע לאה און שפּעטער די מומע איטקע. בײַ ר' יהושׁ:עלעס לעבן האָט בכלל דער פֿרומער פֿאַנאַטיזם נישט געשפּילט די הויפּטראָלע אין דער קוטנער שטוב. ר' יהושׁ:עלע איז געווען, אַזוי צו זאָגן, פֿון די הומאַניסטישע ייִדיש־פּוילישע גאונים. דער שטאָטדאָקטער ד"ר האַנדעלסמאַן פֿלעגט אַ מאָל צו אים אַרײַנקומען און ר' יהושׁ:עלע האָט זיך בײַ אים אויסגעפֿרעגט אויף אַלערליי חכמות־הטבֿע. דער ליבעראַלער גבֿיר פֿון קוטנע, ר' ישׂראל־וואָלף גליקסמאַן — דער אַבאָנענט פֿון דער „הצפֿירה" און פֿון „המגיד" — פֿלעגט אים, ר' יהושׁ:עלען, דערציילן וועלטנײַסן, ווי אויך פֿון די פּאָליטישע מאמרים פֿון נחום סאָקאָלאָוו. מײַן פֿאָטער האָט אַ מאָל געהאַט אין קוטנע אַ ליטווישן מלמד, אַן אַסקעט און אַ גוואַלדיקן למדן, דערבײַ אַ מליץ. ער פֿלעגט שרײַבן לשון־קודשדיקע עפּיגראַמען און אונטערגעגעבן מײַן פֿאָטער חשק אויך צו פּרוּוון מיט דער העברעיִשער מוזע. ליטע איז פֿאַר מײַן פֿאָטער געווען דאָס אָפֿענע פֿענצטער, פֿון וועלכן די גרויסע וועלט בלאָזט אַרײַן צו ייִדן. נאָר פּוילן ליגט ווײַט פֿון דעם דאָזיקן פֿענצטער און די פֿרישע וועלטווינטלעך דערגרייכן שווער אַהין. סײַדן דורך אַ פֿאַרבאָטן השׂכּלה־ביכל אָדער דורך אַ נומער „הצפֿירה". מיט אַ מאָל האָט זיך מײַן פֿאָטער געפֿונען גאָר האַרט בײַ דעם דאָזיקן פֿענצטער. די ליטוואַקעס זײַנען שאַרפֿע

פּקחותדיקע ייִדן, וואָס האָבן נישט קיין מורא פֿאַר קיין אַפּיקורסיש גלײַכוווערטל, זײַנען מיט אַלע גמרות נאָענטע שמעלקעס, אַנטלויפֿן נישט פֿאַר ווײַבער ווי די פּוילישע חסידים. אויך זייער ליטוויש ייִדיש איז אַ דיאַלעקט פֿון קלוגע פּיפּיקע ייִדן, ייִדן וואָס האָבן אַ סך וועלט־דערפֿאַרונג און מען דאַרף זיי ניט אַרײַנלייגן קיין פֿינגער אין מויל. ער האָט געזען, ווי טאַטעס מאַכן נישט קיין טראַגעדיע, ווען זייערע קינדער זײַנען נישט אַזוי פֿרום און זײַנען נישט צו־פֿיל מקפּיד אויף ייִדישקייט. ייִדן וואָס מאַכן זיך אַוועקקוקן, ווען זייערע קינדער זײַנען אַ קאַפּיטשקע מחלל־שבת. ייִדן וואָס קאָנען זאָגן אָן אַ היטל אַ גמרא־ווערטל און קאָנען אַפֿילו מיט אַ ייִדענע מאַכן אַ וויץ אויף אַ מאמר־חז״ל. די ליטווישע ייִדענעס פֿאַרשטייען עפּעס, וואָס די גמרא מיינט. די דאָזיקע שׂכלדיקע ייִדן האָבן צײַט. די וועלט גייט זיי נישט אונטער בײַ יעדער קלייניקייט.

אַלע אַלטע משׂכּילישע רעמיניסצענצן האָבן אויפֿגעוואַכט אין מײַן פֿאָטער. ער האָט אויפֿגעאָטעמט מיט דעם ראַציאָנעלן ראַדיקאַליזם, וואָס איז אים טיף געלעגן אין געמיט נאָך פֿון דער קוטנער שטוב און פֿון די השׂכּלה־ספֿרים, וועלכע עס האָט אים מיט אַזאַ משׂכּילישער פֿאַרביטערטקייט אונטערגעטראָגן די מומע איטקע. ס'איז דאָ עפּעס אַן אַנדערע, האַרטערע און סאַטירישערע, ייִדישע וועלט ווי יענע אַלט־פֿרענקישע סטאַטישע און אידילישע וועלט פֿון די ייִדן אין פּוילן. דער שׂכל — פֿאַר וועלכן מײַן פֿאָטער האָט שטענדיק געהאַט מער פֿאַרשטענדעניש ווי פֿאַר דעם ווייכן ראָמאַנטישן געפֿיל — האָט אים דאָ געוויזן זײַנע פּליינעץ אין אַ ייִדישערווירקלעכקייט. און עס האָט זיך מײַן פֿאָטער באַשײַמפּערלעך אויסגעדוכט גלײַך ווי ער איז מיט אַ מאָל אַרויסגעקומען פֿון אַן אַלטער פֿאַרחלומטער ייִדישער פֿאַרצײַטישקייט און אַרײַן אין אַ מאָדערנער און וואַכערער וועלט פֿון ייִדן. אויך אין די ליטווישע חסידים — איבער הויפּט אין די חבדניקעס — האָט מײַן פֿאָטער געזען אַן אַנדערן מין חסידים ווי די בטלנישע און פֿאַרשלומפּערטע חסידים פֿון אַלעקסאַנדער. גראָד איז געווען אַ חבדישער רבי אין דובעלן

— דוכט זיך דער רבי פֿון ליאַדי — און מײַן פֿאָטער האָט געזען, ווי עס קומען צו אים אײראָפּעיִש־געקליידטע ייִדן, ייִדן מיט אונ־טערגעשוירענע בערדלעך און האַרטע קאָפּעליושן, און די דאָזיקע ייִדן זײַנען אויסגעבונדן אין דעם חסידישן ראַציאָנאַליזם פֿון חב״ד[1] און קאָנען אויף אויסנווייניק גאַנצע מאמרים פֿון זייער רבין. אויך דער רבי זאָגט זײַן מאמר אָן די קרעכצעכישן און אָכצענישן פֿון פּוילישע גוטע־ייִדן, אָן דעם גאַנצן פֿאַרצײַטיקן און בטלנישן טיש־צערעמאָניאַל ווי עס איז דער מנהג בײַ די גוטע־ייִדן אין פּוילן. פֿרײַטיק־צו־נאַכטס שטייט דער חבדישער רבי בײַ דער טיר אין מיטן דעם עולם און זאָגט אַ קונציקן חבדישן מאמר מיט דער גאַנ־צער שאַרפֿער שׂכלדיקייט פֿון ליטווישן חסידות. עס האָט מײַן פֿאָ־טער אויסערגעוויינטלעך אימפּאָנירט צו זען אַזאַ אופֿן פֿון חסידות און אָזעלכע וועלטלעכע און דענקעריש־אויסגעשולטע חסידים. די טעג זײַנען אים, מײַן פֿאָטער, פֿאַרפֿלויגן אין דובעלן ווי אַ חלום אויף דער וואָר.

צו מיר האָט מײַן פֿאָטער געהאַט ווייניק צײַט, מחמת עס איז אים אַ שאָד געווען אויף אַ מינוט צו פֿאַרלאָזן די געזעלשאַפֿט פֿון ליטווישע ייִדן און זייערע שמועסן. אַ נײַע ראַציאָנאַליסטישע יו־גנטלעכקייט האָט אויף אים אָנגעהויבט. דערפֿאַר בין איך כמעט אַ גאַנצן טאָג געווען אויפֿן ים־ברעג. איך האָב פֿאַרגעסן דאָס חדר. איך בין געלעגן אַ האַלב־נאַקעטער אויפֿן זאַמד און פֿאַרנומען דאָס מאָנאָטאָנע רוישן פֿון ים. ליגנדיק אַזוי בײַם ים, טייל מאָל גאַנץ אַליין מיטן בליק אין דער הויך, האָב איך דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן, אָנגעהויבן אויפֿמערקזאַם צו ווערן אויף די זיך באַ־וועגנדיקע וואָלקן־לאַנדשאַפֿטן אין הימל. עס איז מיר אויסגעקומען, אַז אין פּוילן האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געהאַט אויפֿגעהויבן מײַנע אויגן אין דער הויך. איך האָב געהאַט געזען די ראָמאַנטישע פֿאַרבן־שפּילן פֿון דער ערד. עס איז מיר אויסגעקומען: דאָ, נעבן

[1] (ראָשי־תיבות) חכמה, בינה, דעה.

די ליכטיקע אָפּגקייטן פֿון ים, האָב איך ערשט דערזען דעם הימל ווי אַ טייל צי ווי אַן אַנטיטעזע צום ים. איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערפֿילט די „אַנדערע וועלטישקייט" פֿון הימל, און אַז אויפֿן הימל גייט־אָן אַ כּסדרדיק באַוועגלעך לעבן פֿון לופֿט, ליכט און וואָלקנס: אַז דער הימל האָט לאַנדשאַפֿטן און פּליינען און עס גייט אויף זיי אָן אַ טיף און ווונדערלעך געשען און ווערן אין די פֿרעמדאַרטיקע פֿאָרמען און געשטאַלטן פֿון ליכט און וואָלקן. איך האָב מיך דער־מאָנט אין די אינערלעכע און פֿרומע הימל־בילדער, וואָס האָבן אין מיר געדרימלט פֿון די ימים־נוראים — די הימלען, צו וועלכע פֿרומע דערשראָקענע ייִדן אין טלתים בלאָזן שופֿר און די באָבע חיה צינדט פֿאַר זיי אָן גרויסע וואַקסענע ליכט און זאָגט פֿאַר זיי תּחינות. איך געדענק: טייל מאָל האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך הער אין די ימים־נוראים ווי טיף אינעווייניק אין די בלוי־גאָלדענע הימלישע הייכענישן רוקן זיך די טישן פֿון בית־דין של מעלה און עס מישן זיך די ביכער פֿון ייִדישע מצוות און עבֿירות, און עס וויגן זיך דאָרט די אומהיימלעכע וואָגשאָלן פֿון ייִדישע לעבנס... אָבער די הימלען דאָ, צו וועלכע איך בין שעהנווײַז געלעגן מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ, האָבן אַבסאָלוט נישט אין זיך געהאַט פֿון יענע שטילע און אומעטיקע ייִדישן פֿרומקייטן. פֿאַר־קערט: איך האָב אויף זיי געזען פֿרעמדאַרטיקע און אויסטערלישע וואַנדערנדיקע שטעט און פּאַלאַצן, וואָס אָט בויען זיי זיך אויף און אָט צעפֿליסן זיי אין דעם גאָלד און בלוי פֿון די מרחקים. עס איז אויסגעקומען: אָט פֿאַרוואַנדלט זיך אַלצדינג אויבן אין סטאַ־דעס פֿון ווײַסע אומגעהײַערע באַשעפֿענישן, וואָס שווימען אין די בלויקייטן, אָדער אין שיפֿן, וואָס שוועבן ערגעץ אין די הימלדיקע אומבאַקאַנטקייטן. אָבער אַלץ נאָר אויף אַ צײַט און אויף אַ רגע. אַלץ האָט זיך כּסדר פֿאַרוואַנדלט. אין די בלויע אויסגעשפּרייטע הייכענישן האָט זיך אומאויפֿהערלעך געשטאַלטיקט דער גאַנצער האָפֿנונגלאָזער טרויער פֿון דער פֿאַרגענגלעכקייט און פֿון דער אייביקייט.

איך גלייב: דעמאָלט איז אין מיר אויפֿגעקומען — אפֿשר גע־שטאַלטיקט זיך אין די קינדער־יאָרן אונדזער גאַנצער שפּעטערדי־קער וועלטקוק — דאָס געפֿיל פֿון אַ באַשײַמפּערלעך טרויעריק סיזיפֿשפּיל פֿון אַ וועלטגאָט, וואָס קיין שום דאַוונען, קיין יום־כּיפּור־ליכט און קיין שופֿר־בלאָזן קאָן אים ניט טרייסטן אין זײַנע אויס־זיכטלאָזע מעשׂים און געשטאַלטונגען. איך האָב ליב געהאַט לאַנג צו קוקן אין די הימלען און צו פֿאַרגעמען מיט די אויערן דאָס רוישן פֿון ים, גלײַך ווי ער וואָלט מיט אַן אומאויפֿהערלעך ברומען באַגלייט דאָס אומאויפֿהערלעכע געשטאַלטן־שפּיל אויבן. ניין. איך האָב בײַ זיך נישט געקאָנט פֿועלן צו וויסן, צי דער דאָזיקער וועלט־גאָט, וואָס שפּילט זיך אויבן אין די הימלען, איז אַ גוטער צי אַ שלעכטער.

...פֿאַרנאַכטלעך־צו איז געוואָרן שטילער. מײַן פֿאָטער איז מיט מיר אַרויסגעגאַנגען צום ים־ברעג. ס'איז געוואָרן וואַרעמער. די ווינטן האָבן אויפֿגעהערט. די זון איז אונטערגעגאַנגען אַ מילדע. בלויז דער ים האָט זיך נאָך הויך געשוימט אין זײַנע וואַסערן און דער צעוויגטער שוים האָט זיך לײַכט פֿאַרפֿאַרבט מיט שקיעה־ליכט. עס זײַנען געווען ווייניק מענטשן אויפֿן ברעג. עטלעכע פֿישערס זײַנען געשטאַנען אויף די זאַמדן און געוויזן אין די ווײַטקייטן.

ס'איז געוואָרן טונקעלער. שטערן זײַנען אויפֿגעגאַנגען אויפֿן הימל.

איך און מײַן פֿאָטער זײַנען געגאַנגען פּאַזע די ים־שוימען. פֿאַר אונדזערע פֿיס האָבן זיך צעגאָסן די פֿאַליעס. דער ים האָט כּסדר געברומט אין דער טונקלקייט. אויף די צעהויבענע שוימענ־דיקע וואַסערן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די נאַכט.

איך האָב אויפֿגעהויבן מײַנע אויגן צו די שטערן, צו די שטי־לע הימלען, און געפֿרעגט בײַ מײַן פֿאָטער:

— אין וועלכן פֿון די זיבן הימלען וווינט גאָט?

— די הימלען זײַנען נישט מער ווי לופֿט און אַטמאָספֿערעס...
— האָט מײַן פֿאָטער מיר געענטפֿערט מיט אַ משׂכּילישן ראַדיקאַליזם.

איך בין אַנטשוויגן געוואָרן. עפּעס אַ טיפֿער גלויבן האָט זיך אָפּגעריסן אין מײַן האַרצן.

## פון 4טן בוך

ד״ר מאַקסימיליאַן הערץ. — בײַם גערער רבין און בײַ די פּריוועסעס. — די קנאה אויף ד״ר הערצן צווישן וואַרשעווער דאָקטוירים. — רכילותן. — ד״ר הערץ שטייט פֿאַרן גערער רבין אין אַ צעריסענער יאַרמלקע. — אומעטום אויף אַ באַזונדערן אופֿן. — „אויף אַ רפֿואה שלימה". — הכנעהדיק לגבי ר' ישעיהן און פֿאַרשטײַפֿט לגבי די זין. — ד״ר הערץ זאָרגט זיך פֿאַרן געזונט פֿון די פּריוועסעס. — צו די ווײַבלעך און צו די איידעמס. — ד״ר הערצס באַציִונג צו אָרעמע ייִדן. — בײַ ד״ר הערצן אויף די טרעפּ. — ער הייסט זיך ווײַזן די צונג און נעמט אַ האַרטן זעקסער.

ד״ר מאַקסימיליאַן הערץ האָט געוווינט סאַמע אין מיטן פֿון ייִדישן געדיכטעניש אויף דער קרולעווסקע גאַס האַרט נעבן גזשי־באָוו. זײַן נאָמען האָט אויך געקלונגען איבער קרוינפּוילן. עס איז נישט קיין וווּנדער. ד״ר הערץ איז געווען דער הויפּטדאָקטער בײַם רבין אין גער און דער הויפּטדאָקטער בײַ די פּריוועסעס. טאָמער האָט אין יענע צוויי געהויבענע רעזידענצן עמעצן אַ פֿינגער וויי געטאָן — צי, חס־ושלום, מען איז שווער קראַנק געוואָרן — האָט מען נאָר געוווּסט איין דאָקטער: דאָקטער הערץ. אַחוץ אַ גוואַלדיקער מומחה, וואָס ווען ער טוט נאָר אַ קוק אויפֿן חולה, ווייסט ער מער פֿון אַלע דאָקטוירים, האָט מען אים, ד״ר הערצן, געהאַלטן אויך פֿאַר אַ גוואַלדיקן בעל־מוצלח. אַ גרויסער גוטער־ייִד האָט אים אַמאָל מיטגעגעבן אַ ברכה אויף זײַן פּראַקטיק. אַלע חולאתן אַנט־

לויפֿן ווו דער פֿעפֿער וואַקסט, ווען ד״ר הערץ גיט זיך נאָר אַ ריר צו צו זיי מיט אַ פֿינגער.

צווישן וואַרשעווער דאָקטוירים איז די קנאה אויף ד״ר הערצן געווען אויסערגעוויינטלעך. דאָקטוירים האָבן אויף אים דערציילט אַלערליי מעשׂיות. נעמלעך: אַז איין אויג האָט ער אַ גלעזערנס און אויפֿן אַנדערן איז ער קורצזיכטיק און ער זעט בכלל נישט, וואָס עס טוט זיך אויפֿן פּאַציענטס פּנים. דערצו איז ער היפּש טויבלעך. אויב ער שטעקט־צו זײַן אויער צו אַ קראַנקן, איז עס נישט מער ווי האָקוס־פּאָקוס. ער הערט דאָרט ווי די וואַנט. די אַלע מעשׂיות האָבן אויף דאָס מינדסטע נישט געמינערט ד״ר הערצס גוואַלדיקע פּאָפּולאַריטעט צווישן חסידים אין פּוילן. גערער חסידים האָבן געזען ווי בײַ דער מינדסטער קלייניקייט אין גערער הויף קומט ד״ר הערץ צו פֿאָרן מיט גרויסן פּאַראַד, פֿאַרמאַכט זיך מיטן גערער רבין און באָרגט זיך אויס בײַ אַ משמש אַ צעריסענע יאַרמלקע, כּדי מיטן רבין נישט צו ריידן בגילוי־ראש. נאָך ד״ר הערצס אַוועק־פֿאָרן הייסט דער רבי אויף דאָס שטרענגסטע אָפּהיטן אַלע פֿאַר־שריפֿטן פֿון ד״ר הערץ און נעמען אַלע זײַנע פּילן און רעצעפּטן. בכלל, טאָמער קומט אַ חסיד צום גערער רבין און איז זיך מזכּיר וועגן אַ שווערער קראַנקייט בײַ זיך צי בײַ זײַן הויזגעזינד, פֿרעגט אים דער רבי, צי ער איז שוין געווען בײַם ד״ר הערץ אין וואַרשע און וואָס ד״ר הערץ האָט געזאָגט. מחמת ד״ר הערץ איז אַ גרויסער מומחה און דערצו אַ גוואַלדיקער בעל־מוצלח.

דאָס צווייטע הויז, וואָס האָט דער פּאָפּולאַריטעט פֿון ד״ר הערץ צוגעגעבן דאָס גרויסע אָנזען, זײַנען געווען די פּריוועסעס. אויב אין גערער הויף האָט מען דעם ד״ר הערץ צוגעגעבן די גלאָריע פֿון הצלחה און רבישקייט, האָט ער פֿון די פּריוועסעס אַרויסגעטראָגן איבער פּוילן דעם גרויסן רום פֿון וועלטלעכקייט. מען האָט געוווּסט, אַז די פּריוועסעס זײַנען געקניפּט און געבונדן מיט אויסלענדישע וואַרעם־בעדער און מיט ווינער און בערלינער פּראָפֿעסאָרן — אויב

זיי רופֿן בײַ יעדער קליינינקייט און בײַ יעדער גרויסקייט דעם ד״ר הערץ, מן־הסתּם ווייסן זיי, וואָס זיי טוען. ד״ר הערץ האָט דורך די פּריוועסעס עפּעס אַזוינס ווי באַקומען די סמיכה פֿון דער גרויסער וועלט אין אויסלאַנד.

ד״ר הערץ אַליין האָט אין דיביידע קעניגרײַכן פֿון זײַן פּאָפּו־לאַריטעט, אין גער און בײַ די פּריוועסעס, זיך אײַנגעאָרדנט אוי־מעטום אויף אַ באַזונדערן אופֿן. קיין גער איז ער געקומען מיט גרויסער הכנעה. פֿאַר דעם רבין איז ער געשטאַנען אין דער אויס־געבאָרגטער יאַרמלקע און געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז אייגנטלעך ווייסט דער רבי מער וועגן קראַנקע און קראַנקייטן ווי ער, ד״ר הערץ אַליין. צום ווײַבערשן טייל פֿון גערער הויף האָט ער גערעדט אויף אַ ברייט־קלינגענדיקן וואַרשעווער ייִדיש און האָט צו זײַנע רעצעפּטן שטענדיק מינדלעך צוגעגעבן אַ פֿרומע ברכה „אויף אַ רפֿואה שלימה״. ער האָט זיי אַלעמען גערופֿן „רביצין״ און אָפּגע־געבן גרויס כּבֿוד. בײַ די פּריוועסעס האָט ער בלויז צו ר׳ ישעיהן אַליין זיך באַצויגן מיט הכנעה און אים מיט פֿיל ווערדע גערופֿן ר׳ ישעיה. בײַ די זין אָבער האָט זיך הערצס באַציִונג אין גאַנצן איבערגעביטן. צי האָט ער ר׳ ישעיהן געוואָלט ווײַזן, אַז ער ווייסט אָפּצושאַצן די דיסטאַנץ צווישן אים און זײַנע זין און מיט דעם ר׳ ישעיהן אונטערצוחנפֿענען — געגנוג, אַז צו ר׳ ישעיהס זין, אַפֿילו צו אלעזר פּריוועסן אַליין, האָט ער זיך באַצויגן מיט דער גרעסטער האָפֿערדיקייט. ער האָט זיי אַלעמען געזאָגט „דו״, ווי זיי וואָלטן געווען חדר־ייִנגלעך, הגם ער האָט אויפֿן שטאַרקסטן אופֿן אַרויס־געוויזן גרויס זאָרג וועגן דער מינדסטער קלייניקייט, וואָס שייך זייער געזונט. צו די פּריוועסעס איז ער געקומען אויף וויזיטן, הגם מען האָט נאָך נישט באַוויזן אים צו רופֿן. ער איז געקומען אויפֿן בלויזן הערן, אַז עמעצער בײַ זיי איז נישט מיט אַלעמען. ד״ר מאַק־סימיליאַן הערץ האָט געוווּסט, אַז וויפֿל ער זאָל נישט אָנשרײַען אויף די פּריוועסעס מיט זײַן ברייטלעכן וואַרשעווער ייִדיש, וועט קיין שום אַנדערער וואַרשעווער דאָקטער נישט פֿאַרנעמען זײַן אָרט

בײַ זיי. ער איז געווען זיכער. הינטער זײַנע פּלייצעס איז געשטאַנען דער גערער הויף און ר׳ ישעיה פּריוועס.

צו דעם ווײַבערישן געשלעכט בײַ די פּריוועסעס, אַחוץ צו ר׳ ישעיהס שנורן, האָט ער זיך באַצויגן מיט דער זעלביקער רחבֿותדיקער האָפֿערדיקייט און האָט זיי אַלעמען געזאָגט „דו״, נאָר ער האָט מיט זיי גערעדט אויף אַן אַלטן שליאַכטישן פּויליש. די מיידלעך בײַ די פּריוועסעס, אַפֿילו די כּלה־מיידלעך, האָט ער געקנײַפּט אין די באַקן. די חתונה־געהאַטע ווײַבלעך האָט ער נישט געקנײַפּט, אָבער אַחוץ דעם האָט ער זיך צו זיי באַצויגן מיט דער זעלביקער פֿאַרשײַטקייט. די איידעמס, וואָס האָבן אַרײַן־חתונה־געהאַט צו די פּריוועסעס, האָט ער אויך געזאָגט „דו״, הגם זיי זײַנען געווען פֿון ווילדפֿרעמדע משפּחות. זיי זײַנען געוואָרן זײַנע פּאַציענטן און ער האָט זיך אָנגעהויבן צו זאָרגן פֿאַר זייער געזונט, אַזוי ווי פֿאַר אַלע פּריוועסעס. ער האָט זיך אָבער נישט אָפּגעהאַלטן מיט זיי צו טרײַבן צווייטײַטיקע קאַטאָוועסלעך אויפֿן חשבון פֿון זייערע ווײַבער. מיט די איידעמס האָט ער גערעדט האַלב אויף ייִדיש און האַלב אויף פּויליש. סע האָט זיך געוואָנדן אין דעם גוטן געמיט. צו אָרעמע ייִדן האָט ער געהאַט אַ באַציִונג פֿון טיפֿסטן ביטול און ער האָט נישט געוואָלט האָבן מיט זיי קיין מחזקות. זיי זײַנען אים געווען צו לאַסט. דאָס געזונט פֿון אַן אָרעמאַן איז בײַ אים ווערט געווען אַזוי פֿיל, ווי פֿיל אַ שמעק טאַבאַק. דער איינציקער אָרעמאַן, וועלכער האָט בײַ אים געהאַט אַ שטיקל אָנזען, איז געווען לייבקע זאַקאָן. אָרעמע ייִדן האָט ער בכלל געזאָגט „דו״ און מיט דעם געוואָלט ווײַזן זייער מינערוועריקייט. דער קלאַנג פֿון ד״ר מאַקסימיליאַן הערצס נאָמען האָט אָבער נישקשהדיק אָפּגעקלונגען אויך אין די אויערן בײַ די אָרעמע ייִדן אין פּוילן. און זיי זײַנען צו אים געלאָפֿן. אַרײַנגעלאָזט צו זיך אין וואַרטצימער האָט ער זיי נישט. זיי האָבן פֿול געמאַכט די טרעפּ פֿון הויז צו זײַן גבֿירישער דירה אויף דער קרולעווסקע האַרט נעבן גזשיבאָוו. נאָך דעם ווי ד״ר הערץ האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט די חשובֿע פּאַציענטן און ער

האָט זיך פֿאַרנומען אַוועקצופֿאָרן אויף זײַן קאָטש צו די שטאָטישע וויזיטן האָט ער זיך מיט אַ מאָל דערמאָנט אין די אָרעמע ייִדן, וואָס האָבן פֿול געמאַכט זײַנע טרעפּ. ער האָט זיך אָנגעטאָן דעם פּאַלטן און דעם קאַפּעליוש אויף אַוועקצוגיין. אין געאײַלעניש האָט ער גענומען אין דער האַנט אַרײַן עטלעכע בויגן פּאַפּיר און אַ בלײַפֿעדער און אַרויסגעגאַנגען אין טרעפּנהויז.

אַלע אָרעמע ייִדן אויף די טרעפּ האָבן מיט אַ מאָל אַ כאַפּ געטאָן די היטלען.

— וואָס מאַכט איר, ייִדעלעך ? — האָט ד״ר מאַקסימיליאַן הערץ אַ געשריי געטאָן אויף ייִדיש, אָבער מיט אַ רחבֿותדיקן פּריצישן ביטול — די בײַכעלעך טוען אײַך וויי ? ווײַזט נאָר אויף טשיקאַוועס די צונגען און איך וועל אײַך פֿאַרשרײַבן רעצעפּטלעך.

די אָרעמע ייִדן אויף די טרעפּ האָבן אַלע צוזאַמען אַרויסגע־שטעקט די צונגען.

ד״ר הערץ, אין פּאַלטן און קאַפּעליוש, איז אַרומגעגאַנגען צווישן די ייִדן מיט די אַרויסגעשטעקטע צונגען, אַ קוק געטאָן אויף אַ צונג און פֿאַרשריבן אַ רעצעפּט. בײַ די דאָזיקע ייִדן האָט ער נישט קיין סך גענומען, נישט מער ווי אַ האַרטן זעקסער פֿון אַ פּאַציענט.

פֿון פֿטן בוך

העברעיִש — די שפּראַך פֿון די טרונקס, ייִדיש — די שפּראַך פֿון די גזשיוואַטשעס. — דאָס צווייטע מאָל צו פּרצן. — יעקב דינעזאָן. — איך זע דאָס ערשטע מאָל די ייִנגערע ייִדישע שריפֿטשטעלערס.

צו גלײַך מיט העברעיִש האָב איך אויך געשריבן ייִדיש. נישט מער, וואָס מײַנע ייִדישע שריפֿטן האָב איך נישט באַטראַכט ווי די אייגנטלעכע זאַכן פֿון מײַן אינערלעכן יום־טובֿ. אין העברעיִש האָב

איך געגלויבט אויסצודריקן מײַנע געדאַנקלעכע שטימונגען, מײַנע חשבון־הנפֿש און דעם טעמפּעראַמענט פֿון מײַנע באַטראַכטענישן. אין ייִדיש האָב איך גיכער געשריבן זאַכן פֿון מײַן סבֿיבֿה און איבער הויפּט פֿון דעם נאַטור־געפֿיל, וואָס איז אין מיר פֿון תּמיד וואַך געווען, מחמת איך האָב מײַנע קינדער־יאָרן פֿאַרבראַכט אויפֿן דאָרף און שפּעטער האָב איך דאָרט פֿאַרבראַכט גאַנצע חדשים פֿון מײַן לעבן. מיט ייִדיש — האָט זיך מיר אויסגעדוכט — קומען־אַרויס פֿון מײַן נשמה אָט די אַלע שמעקנדיקע פֿעלדער, לאָנקעס און סעדער, צווישן וועלכע איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. אין העברעיִש שווימט אין מיר צוריק אויף די גמרא און דער אינטעלעקט פֿון מײַן פֿאָטערס משפּחה. העברעיִש איז געווען די שפּראַך פֿון די טרונקס, ייִדיש — די שפּראַך פֿון גזשיוואַטשעס און פֿון זיידע ברוך.

גייענדיק מיטן פֿעטער יאָסל צו פּרצן איז מיר דעריבער אויסגעקומען דאָס ריכטיקסטע דווקא זיך צו ווײַזן פֿאַר אים פֿון דער זײַט פֿון מײַן אינטעלעקט. כ׳האָב מיטגענומען בלויז מײַנע העברעיִשע כּתבֿים. דער פֿעטער יאָסל, וויפֿל ער האָט פֿײַנט געהאַט רבנים און גמרא, וויפֿל עס האָט אים געזאָלט אימפּאָנירן די האָווערישע פּראָסטקייט פֿון די לאָמס — אין תּוך איז ער פֿאַרבליבן אַן אינטעלעקטועלער טרונק און ר׳ יהושיִעלע קוטנערס אַן אייניקל. ער האָט זיך נאָר גערעכנט מיט מײַנע העברעיִשע דערגרייכונגען. ייִדיש האָט ער געהאַלטן פֿאַר אַן ענין פֿון דער עם־האַרצישער מאַסע. ער איז געווען משׂכּיל דורך און דורך. וואָס וועל איך דאָ קומען צו פּרצן מיט ייִדיש, ווען איך שרײַב אַזאַ פֿײַנעם העברעיִש און קאָן מיך דאָרט אויסדריקן געדאַנקלעך און אינטעלעקטועל? וואָס וועל איך פּרצן דערציילן פֿון פֿעלדער און סעדער, ווען איך קאָן אים ווײַזן עפּעס בעסערס און עפּעס העכערס?

דאָס צווייטע מאָל גיין צו פּרצן און אים ברענגען, ווי ער האָט מיר געהייסן, מײַנע כּתבֿים אויף ייִדיש, האָב איך שוין געמוזט טאָן אַליין און אויפֿן חשבון פֿון מײַן אייגענעם מוט. עס איז מיר שווער

אָנגעקומען און איך האָב עס פֿאַרצויגן פֿון טאָג צו טאָג. נאָך אַ מאָל שרײַבן קיין לובלין צום פֿעטער יאָסל, אַז ער זאָל קומען און מיט מיר ווידער אַ מאָל גיין צו פּרצן, האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב מיך געשעמט פֿאַר מיר אַליין צו זײַן אַזוי אומבאַהאָלפֿן און איך האָב מורא געהאַט אויסצוקומען לעכערלעך פֿאַר פּרצן. אָבער וואָס מער איך האָב אָפּגעלייגט מײַן אַרויפֿגיין צו פּרצן, אַלץ מער האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז ער האָט מיך שוין פֿאַרגעסן און ער וועט מיך נישט דערקענען און אָפּפֿאַרטיקן בײַ דער טיר. איך האָב פֿאָרט געמוזט מנצח זײַן אין מיר אַלע שרעקן און מוטלאָזיקייטן. ענדלעך באַשלאָסן, וואָס עס זאָל נישט געשען: איך מוז אַליין נעמען מײַן גורל אין דער האַנט און מאַכן דעם דעצידירנדיקן שריט.

אַרויפֿגייענדיק צו פּרצן, האָבן זיך אין מײַן געמיט נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט די אַלע בילדער פֿון דעם ערשטן וויזיט. די שטיינער און די הײַזער אויף דער גאַס זײַנען מיר געקראָכן אין די אויגן אַרײַן. צוקומענדיק צו עק צעגלאַנע און געזען דעם פֿאַבריק־קוימען און דאָס גרויסע קאַזאַרמע־הויז, וווּ פּרץ וווינט, האָט מיר אָנגעהויבן צו פֿאַרפֿעלן מוט און אָטעם. כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט. כ'האָב געוווּסט, אַז אויב נישט איצט, איז שוין קיין מאָל נישט. כ'האָב צונויפֿגענומען מײַן גאַנצע ענערגיע. און אָט בין איך שוין געשטאַנען פֿאַר פּרצעס טיר און אַ צי געטאָן פֿאַרן גלאָק. כ'האָב ווידער געהערט, ווי עס שליסט זיך די טיר פֿון אינעווייניק. די טיר האָט זיך געעפֿנט. אויף דער שוועל איז ווידער געשטאַנען י. ל. פּרץ אין דער סאַמעטענער קורטקע און אין די אויף דער העלפֿט איבערגעשניטענע בינאָקליעס. איך האָב מן הסתם געמוזט זײַן זייער ווײַס אויפֿן פּנים. פּרץ האָט זיכער באַמערקט מײַן גרויסע אינערלעכע דערשראָקנקייט. ער האָט זיך צו מיר זייער פֿרײַנדלעך אויסגעשמייכלט:

— פֿאַר וואָס האָט מען אײַך נישט געזען ביז איצט, טרונק?

— האָט ער געזאָגט — קומט־אַרײַן און טוט זיך אויס דעם פּאַלטן. איר האָט עפּעס געברענגט אויף ייִדיש?

דערזעענדיק, אַז פּרץ האָט מיך דערקאַנט און ער האָט גע־דענקט אַפילו מײַן נאָמען, זײַנען אַלע שווערע שטיינער מיר אַראָפּ־געפֿאַלן פֿון האַרץ. פּרץ האָט געוואַרט ביז איך האָב מיר אויסגעטאָן דעם פּאַלטן. דאַן האָט ער מיך אַרײַנגעפֿירט אין זײַן קאַבינעט. דער שרײַבטיש איז ווידער פֿול געווען מיט בלומען און געוויקסן. נישט מער, וואָס בײַם טיש איז געזעסן אַ דריבנע מענטשעלע מיט אַ גרויען קאָפּ און מיט אַ גרוי בערדל. ער איז געווען זייער פֿאַר־טיפֿט אין מאַכן פּאַפּיראָסן.

— דאָס איז יעקבֿ דינעזאָן! — האָט פּרץ געזאָגט — שטעלט זיך פֿאָר!

יעקבֿ דינעזאָן האָט אויפֿגעהערט מאַכן פּאַפּיראָסן און זיך אויף מיר אומגעקוקט. איך בין געווען בײַ אים אַ פּנים־חדשות, אַ יונגער־מאַן אין לאַנגער ייִדישער קאַפּאָטע. איך האָב מיט גרויס ערפֿאַרכטי־קייט אָנגעקוקט יעקבֿ דינעזאָנען. אָט דאָס דריבנע מענטשעלע איז דער באַרימטער מחבר פֿון „שוואַרצן יונגן־מאַנטשיק" און פֿון „יאָסעלע", אַ ביכל בײַ וועלכן איך האָב פֿאַרגאָסן טײַכן מיט טרערן. מײַן מאַמע האָט זיך דערבײַ צעוויינט אויפֿן הויכן קול. דער האַרטער זיידע ברוך, לייענענדיק, האָט זיך צעהעשעט אין בעט און געזוכט אַ שטעקן צו דערלאַנגען בערלען, דעם אַכזריותדיקן מלמד. פּרצעס שטוב האָט בײַ מיר אָנגעהויבן אויסצוזען ווי אַ לעגענדע, אין וועל־כער עס דרייען זיך אַרום די פּערזאָנען פֿון מײַנע העכסטע פֿאַר־שטעלונגען. פּרץ האָט באַלד צו אים געזאָגט:

— דאָס איז דער יונגער־מאַן, פֿון וועלכן איך האָב דיר דער־ציילט, אַלטער. ס'וועט אפֿשר פֿון אים עפּעס זײַן.

דאָ האָט ער זיך ווידער געוואַנדן צו מיר:

— זעצט זיך אַוועק צום טיש און ווײַזט, וואָס איר האָט.

איך האָב אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע אַ קליינע נאָוועלע און אים דערלאַנגט. ס'איז געווען אַ דערציילונג פֿון אונדזער דאָרף דלוטאָוו. די דערציילערישע פֿאַבולע איז נאָך געווען אַ צעשוווּמענע און שלעכט־קאָנסטרויִרטע. דער עיקר זײַנען דאָרט געווען די לאַנד־

שאַפֿטלעכע מאָטיוון. אויף אַ סענטימענטאַלן אופֿן האָב איך געשילדערט די דלוטאָווער לאָנקעס. פּרץ האָט געלייענט און געמישט די בלעטער. ער האָט מיר געזאָגט עטלעכע קאָמפּלימענטן און, אַז הגם די זאַך האָט אַ סך חסרונות, פֿון דעסט וועגן געפֿעלט זי אים זייער. ער ראָט מיך דווקא פּרווון שרײַבן ענלעכע זאַכן. ער גלייבט, אַז דאָס איז מײַן וועג, אויף וועלכן איך וועל עפּעס דערגרייכן.

— פֿון אײַך וואַקסט אַ שעפֿער״ (פּאַסטעך) דיכטער! — אַזוי, געדענק איך, האָט זיך פּרץ דעמאָלט אויסגעדריקט און דערבײַ גענומען אַ פֿעדער, געפּרוווט קאָרעגירן אַ סך זאַצן, אויסצוטײַטשן אַ סך ווערטער און אויסדרוקן.

פּרץ האָט דאַן געהאַלטן, אַז אין ייִדיש דאַרף מען אויסבײַטן די סלאַווישע ווערטער אויף דײַטשישע. וווּ איך האָב געשריבן „לאָנקע״, האָט עס פּרץ איבערגעמאַכט אויף „וויזע״. מיט פֿיל דערמונטערונג האָט פּרץ מיר צוריקגעגעבן דעם מאַנוסקריפּט און געזאָגט צו יעקבֿ דינעזאָנען — וועלכער איז געזעסן און כּסדר געמאַכט פּאַפּיראָסן — אַז ער האָפֿט, פֿון מיר וועט עפּעס ווערן. (יעקבֿ דינעזאָן האָט די פּאַפּיראָסן געמאַכט פֿאַר פּרצן, מחמת דינעזאָן אַליין האָט קיין מאָל נישט גערויכערט).

— שרײַבט ווײַטער און ברענגט מיר אַרויף צו ווײַזן! — האָט פּרץ צו מיר זיך געוואָנדן. דאָס פּנים האָט מיר געשטראַלט פֿון גליק. איך האָב געמיינט, אַז מײַן אוידיענץ האָט זיך פֿאַרענדיקט. האָב איך מיך אויפֿגעהויבן פֿון דער שטול זיך צו געזעגענען מיט פּרצן און אַוועקצוגיין. פּרץ האָט אָבער געזאָגט, אַז איך זאָל נאָך נישט אַוועקגיין און בלײַבן בײַ אים און טרינקען צוזאַמען קאַווע. איך האָב געמיינט, אַז מען וועט די קאַווע אַרײַנברענגען אין פּרצעס קאַבינעט. נאָר פּרץ און דינעזאָן האָבן זיך אויפֿגעשטעלט און מיר זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין דער קיך. אויפֿן וועג האָט דינעזאָן צו מיר שוין גערעדט מיט אַ היימישקייט, ווי איך וואָלט געווען פֿון דער משפּחה, און מיר צוגעגעבן מוט און דערמונטערונג ווײַטער צו שרײַבן און ווײַזן מײַנע זאַכן פּרצן.

פרצעס קיך איז געווען אַ טונקעלע. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש. פּרץ האָט היימישלעך און וויציק געזאָגט צו דער דינסט — אַ דיקע עלטערע גויע, וואָס האָט בײַ פּרצן שוין געהאַט געדינט פֿון כּמה יאָרן, און זי האָט זיך געפֿילט ווי פֿון דער שרײַבערישער משפּחה — אַז זי זאָל דערלאַנגען קאַווע, אָנגעוויזן אויף מיר און געזאָגט, אַז דער דאָזיקער יונגער־מאַן איז אַ נײַער מענטש, וואָס וועט פֿון איצט אָן אַלע מאָל קומען. זי מוז לכּבֿוד מיר מאַכן ספּעציעל גוטע קאַווע.

איך בין מודה, עס איז מיר אויסגעקומען מיט נויטשוויס צו טרינקען די גוטע און שמעקעדיקע קאַווע בײַ פּרצן. איך האָב געוווּסט, אַז די מילך איז נישט קיין כּשרע.

באַלד האָבן זיך געהערט עטלעכע שאַרפֿע קלונגען בײַ דער טיר. פּרץ איז געגאַנגען עפֿענען. אין קאָרידאָר האָבן זיך דערהערט צוויי נײַע שטימען. איינע איז געווען אַ הויכע און אַ זינגענדיקע און האָט צו פּרצן גערעדט מיט פֿיל היימישקייט. די אַנדערע איז געווען אַ שטילע און אַ פּישטשענדיקע. פּרץ איז באַלד צוריקגעקומען אין קיך צוזאַמען מיט צוויי יונגע מענטשן. ער האָט זיי פֿאַר מיר פֿאָרגעשטעלט. איינער איז געווען מנחם און דער אַנדערער ש. ל. קאַווע. זיי האָבן זיך צוגעזעצט צום טיש. דערבײַ האָט מנחם כּסדר גערעדט אויף אַ זינגענדיקן און לײַכטן ליטווישן דיאַלעקט. זײַן סוף־זאַץ האָט זיך ווי עפּעס תּמיד אויסגעלאָזט אויף אַרויף. די דיקע גויע, פּרצעס דינסט, האָט דערלאַנגט נײַע גלעזער מיט קאַווע. איך האָב מיך געפֿילט אין זיבעטן הימל, צו זיצן ס'ערשטע מאָל אין מײַן לעבן אין אַ סבֿיבֿה פֿון ייִדישע שרײַבערס.

מנחם דער פּיאָנער. — פֿאָלקסלידער. — קאַווע. — אַ סך פּסעוודאָנימען. — אַ וואָלקנקראַצער. — קאַווע שפּילט שאַך מיט פּרצן. — ווי צו די פֿאַקטן.

דער נאָמען פֿון מנחמען איז מיר געווען גוט באַקאַנט. ער האָט געהייסן דאָס מיזיניקל פֿון דער ייִדישער שרײַבער־משפּחה. אַלע האָבן זיך מיט אים געצאַצקעט. אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָט מנחם דער ערשטער אַרײַנגעבערענגט די פֿאָרעם פֿון מאָדערנער דעקאַדענטישער דיכטונג. ער איז געווען דער פּיאָנער פֿון יענער מאָדערנער ייִדישער פּאָעזיע, וואָס איז שפּעטער אַזוי אויסגעוואַקסן אין אַמעריקע. זײַנע פּאָעמעס „קדוש“ און „שוואַרצע רויזן“ זײַנען פֿאַר דעם ייִדיש־לייענער געווען אַ גרויסע רעוועלאַציע. דער לייענער האָט דערזען נײַע בילדער און געשטאַלטונגען אויף די פּליינען פֿון דער ייִדישער שפּראַך. דיכטונג־פֿאָרמען, צו וועלכע ער איז גאָר נישט געוווינט געווען. מנחם האָט געפּרוּווט געבן דער ייִדישער שפּראַך אַן איראַציאָנעלע וויזיע, אַ וויזיע בלויז אין די קלאַנגען פֿון אירע שפּראַך־מעגלעכקייטן. עס איז געווען אַ גוואַלדיקער אויפֿטו. ווען מנחם האָט זיך באַוויזן אין דער ייִדישער ליטעראַטור, איז די ייִדישע פּאָעזיע נאָך ווײַט געווען פֿון אַלע געוואַגטע פֿאָרעם־עקספּערימענטן, הגם זי האָט שוין געהאַט אַזעלכע גרויסע דיכטערס ווי אַבֿרהם רייזען, מאָריס ראָזנפֿעלד און יהואָש. די מאָטיוון און פֿאָרמען פֿון דער ייִדישער דיכטונג האָבן נאָך באַלאַנגט צו דער קלאַסישער שול. אַפֿילו יהואָש — הגם נײַער און געוואַגטער אין מאָטיוון — האָט זיך דאַן נאָך היפּש געהאַלטן אין דער קלאַסישער פֿאָרעם. אין דעם פּרט פֿון וואַגן מיט פֿאָרעם און בילד האָט מנחם בשעתו געמאַכט אַ גרויסע רעוואָלוציע. אין יעדער רעוואָלוציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָט פּרץ געזען, ווי עס עפֿענען זיך פֿאַר איר נײַע פּערספּעקטיוון און נײַע מעגלעכקייטן. די וואַסערן פֿון ייִדישן שאַפֿן וועלן גרעסער און מעכטיקער ווערן מיט דעם, וואָס אין זיי וועלן זיך אַרײַנגיסן וואָס אַ מאָל נײַערע און פֿרעמדערע קוואַלן. פּרץ האָט אויף מנחמען אַ סך געהאָפֿט. יעדע האָפֿענונג אויף אַ שרײַבער האָט זיך בײַ פּרצן באַלד פֿאַרוואַנדלט אין אַ ליב־שאַפֿט. ער האָט מנחמען זייער ליב געהאַט. מנחמס יוגנטלעכקייט איז געווען אַ לעבעדיקע, אַ לוסטיקע און אַ פֿריילעכע. ער איז

געווען אַ שיינער טונקעלער בחור מיט אַ שטענדיקן שמייכל אויפֿן פּנים. ער איז געווען אַ שטיק באָהעם און גאָר אַן אַנדערער ווי איך האָב אים מיט עטלעכע און דרײַסיק יאָר שפּעטער געטראָפֿן אין אַמעריקע. אין אַמעריקע איז ער געוואָרן באַלעבאַטישער. אין יענע צײַטן, אין וואַרשע, בײַ פּרצן, האָט מנחם אין זיך גאָר נישט געהאַט פֿון מיושבֿדיקער סטאַטעטשנעקייט. ער איז געווען דאָס צעבאַלעוועטע מיזיניקל אין דער שרײַבערישער משפּחה, פּונקט ווי ער האָט אין דער דיכטונג געטאָן קאַפּויער קעגן אַלע אָנגענומענע נוסחאות. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ געזונגען פֿאָלקסלידער און געוויזן די חנען פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־פּאָעזיע — הגם אַזעלכע לידער האָבן דעמאָלט נאָר געזונגען שנײַדער־יונגען און דינסטמיידן. ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל געהערט ווי אַ חשובֿער ייִדישער שרײַבער זינגט די זעלביקע לידלעך, וואָס די דינסמיידן בײַ אונדז אין קיך, האָב איך מײַנע אויערן נישט צוגעגלויבט. ווי קומען אַזעלכע פּראָסטע גראַמען און מאָטיוון אַרײַן אין דעם היכל פֿון דער פּאָעזיע? דאָס זײַנען זיכער געווען די פֿאַרדינסטן פֿון דער רעוואָלוציאָנערער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו דערהייבן די ייִדישע פֿאָלקסמאַסע און זי געוואָלט אַוועקשטעלן אויף די פֿאָדערגרונטן פֿון דער געשיכטע. איך ווייס נישט, צי מנחם האָט דאַן געהערט צו אַ פּאַרטיי. ווען ער וואָלט אַפֿילו יאָ באַלאַנגט צו אַן אַרבעטער־פּאַרטיי, וואָלט איך עס אויך נישט געוועזן געוווּסט. פּאַרטיי־מיטגלידער פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג זײַנען געווען שטאַרק פֿאַרקאָנספּירירט. מנחם איז אין אַ סך זאַכן געווען דער ערשטער און איך גלייב, אַז זײַנע פּיאָנערישע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער ייִדישער קולטור זײַנען נאָך ווייניק אָפּגעשאַצט געוואָרן. ער איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין דער ייִדישער פּרעסע אַרײַנגעפֿירט די טעאַטער־רעצענזיע און מיט דעם געשאַפֿן דעם גײַסטיקן קאָנטאַקט צווישן דער וואַקסנדיקער ייִדישער קולטור מיטן ייִדישן טעאַטער. דאָס איז געווען מצד מנחמען אַ באַדײַטנדיקע קולטורטאַט.

ערשט שפּעטער איז געקומען ד״ר אַ. מוקדוני, וועלכער האָט דאָס דאָזיקע קולטור־ווינקל ברייטער און אויספירלעכער אויסגעבויט.

ש. ל. קאַווע, וועלכער איז אַרײַנגעקומען צו פּרצן צוזאַמען מיט מנחמען, איז געווען גאָר אַן אַנדער טיפּ. ער איז געווען אַ קליינער און אַ דראָבנער און זייער אַ מיאוסער. דערצו האָט אַן אומגליקלעכע אָפּעראַציע אים היפּשלעך אויסגעקרימט די גאָמבע, און איינע פון זײַנע באַקן איז געווען אַ צעשניטענע און אַ פאַרלאַטעטע. פון קאַווען האָב איך נאָך קיין מאָל נישט געהאַט געהערט. קודם־כּל האָט ער דעמאָלט נאָך געהאַט זייער ווייניק פאַרעפנטלעכט. אויך דאָס ווייניקע האָט ער פאַרעפנטלעכט אונטער פאַרשיידענע פסעוודאָנימען. דאָס שפּילן זיך מיט פסעוודאָנימען האָט געהערט צו זײַן טבֿע. ער האָט געהאַט וועגן זיך גוואַלדיק־גרויסע מיינונגען און איז געווען זיכער ווי דער טאָג, אַז אויף יעדער קלייניקייט, וואָס ער שענקט דער וועלט פון זײַן וויסן און זײַן טראַכטן, וואַרט זי, די וועלט, מיט דער גרעסטער אומגעדולד. די וועלט איז נישט קראַנק צו וויסן ווער עס איז די פּערזאָן, וואָס שטייט הינטער די אַלע פסעוודאָנימען. אָט אָ די געהויבענע מיינונג וועגן זיך האָט זיך אויסגעדריקט אין אַלע זײַנע באַוועגונגען, אין אַלע זײַנע תּנועות, און אין דעם גאַנצן אופן פון זײַן באַנעמען זיך. קאַוועס אויטאָריטעט־מאַניע האָט זיך נישט באַגרענעצט אויף ספּעציעלע געביטן. זי איז ממש געווען אַלוועלטלעך. ס׳איז נישט געווען קיין געביט, אויף וועלכן קאַווע האָט זיך נישט געהאַלטן פאַר קיין מומחה און אַלעמען באַלערנט און געוויזן זייער אומוויסנקייט. אַפילו וועגן גייעגפערד און דועלן האָט קאַווע געוויזן זײַן בקיאות, הגם ער האָט געשטאַמט פון דעם קליינעם שטעטל קאָצק און געווינט צווישן דער יידישער אָרעמקייט אויף קראָכמאַלנע, און הגם ער איז געווען אַ ווינציקער און נישט קיין שיינער, האָט ער אַפילו וואָס שייך מענלעכקייט און דערפאָלג בײַ פרויען געהאַלטן אַלעמען פאַר מלופּם־קינדער און געהייסן זיי בײַ אים, קאַווען, זיך לערנען. הכּלל, ער איז געווען אַ לעבעדיקע אַרומגייענדיקע ענציקלאָפּעדיע,

אַ מוסטערמענטש, צו וועלכן אַלע — אויב זיי האָבן נאָר שׂכל — דאַרפֿן אַרויפֿקוקן ווי צו אַ גײַסטיקן ריז.

עס איז נישט צו פֿאַרלייקענען: קאַווע איז געווען אַ מענטש מיט אַ סך ליטעראַרישן געשמאַק און געהאַט אייגענע אָריגינעלע געדאַנקען. אָבער ער האָט כּסדר איבערגעטריבן וועגן זיך, וועגן זײַן וויסן און געהאַלטן אַלעמען פֿאַר האַלבע עמי־הארצים. קיינער קומט נישט צו זײַן מינדסטן נאָגעלע. און דאָס — אויף אַלע גע־ביטן. דאָס האָט אים אַליין אַרונטערגעריסן און געמאַכט קאָמיש. די דאָזיקע גרויסקייט־מאַניע זײַנע האָט אויך גורם געווען, וואָס ער האָט זיך תּמיד אַרומגעטראָגן מיט גוואַלדיקע ליטעראַרישע פּלענער. און דאָס אויך — אויף אַלע געביטן. קיין קלענערע, אויב נישט רעוואָלוציע־אַרבעטן, זײַנען אים גאָר נישט אָנגעשטאַנען צום כּבֿוד. קאַווע האָט זיך כּסדר געגרייט צו עפּאָכע־מאַכנדיקע ווערק, וואָס דאַרפֿן אַלצדינג אין דער געדאַנקען־וועלט איבערדרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פֿיס אַרויף, און ווײַזן דער וועלט ווער עס טראַכט וועגן איר. די גרויסע „פּלענער" האָבן אויפֿגעפֿרעסן זײַנע פֿעיִקייטן און אַלע זײַנע מעגלעכקייטן עפּעס צו דערגרייכן. צו טאָן דאָס, צו וואָס קאַווע האָט זיך „פֿאַרנומען", האָט מען געדאַרפֿט זײַן אַ שעקספּיר, אַ קאַנט און נאָך עטלעכע וועלט־גאונים צוזאַמען. דער בנין, וואָס איז געגוג ווערדיק, אַז קאַווע זאָל זיך דאָרט אַרויפֿ־שטעלן אויפֿן דאַך, האָט געמוזט האָבן אַזאַ מאָנומענטאַליטעט, וואָס דערוויַל, אַחוץ דעם באַרימטן טורעם פֿון בבֿל, האָט עס נאָך קיינער נישט געקאָנט. אַ פּסיכאָאַנאַליטיקער וואָלט גרײַלעך דערקלערט די שײַכות צווישן די קנאַפּע מאַנסבילשע רייצן פֿון קאַוועס פֿיזיאָנאָ־מיע און פֿיגור מיט דער גוואַלדיקער מיינונג וועגן זיך און זײַנע פֿעיִקייטן, וואָס קאַווע האָט מיט דער גרעסטער האָפֿערדיקייט אַלע־מען געטראָגן אין די אויגן אַרײַן. איבער זײַן פֿיזישער מינדער־ווערטיקייט האָט זײַן געקרענקטקייט אויפֿגעשטעלט אַן אמתן וואָל־קנקראַצער פֿון קאָמפּענסאַטאָרישע אַמביציעס. וועגן זײַנע צוקונפֿ־טיקע ווערק האָט ער גערעדט ווי וועגן זאַכן, וואָס זײַנען שוין

אָנגעשריבן געוואָרן און װעלכע האָבן שוין אַלע פֿילאָסאָפֿישע, עסטעטישע און געזעלשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען פֿון דער וועלט געשטעלט אויפֿן קאָפּ — און די וועלט רײַבט זיך די אויגן און קאָן גאָר נישט קומען צו זיך פֿון גרויס איבעררעשונג. עס איז אינטערעסאַנט איבערצולייענען די זעלבסט־ביאָגראַפֿיע, וואָס קאַווע האָט אָנגעשריבן אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן. דאָרט רעדט ער וועגן די גרויסע ווערק, וואָס באַדאַרפֿן פֿון אים אָנגעשריבן ווערן. פֿאַר אַלע פֿון די דאָזיקע ווערק האָט שוין קאַווע געהאַט פֿאַרטיקע נעמען. דער דעמאָלטיקער קולטור־צושטאַנד פֿון די ייִדישע שריפֿטשטעלערס איז נאָך געווען זייער אַ פּראָווינצערישער. זיי זײַנען כמעט אַלע געקומען פֿון קליינע שטעטלעך, פֿון בית־מדרש און פֿון ייִדישער אָרעמקייט. מען האָט נאָך צווישן די ייִדישע שריפֿטשטעלערס ווייניק געקאָנט די שפּראַכן פֿון די גרויסע וועלט־ליטעראַטורן. ווען קאַווע האָט געטאָן אַ שיט מיט נעמען און ווערק פֿון דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור — דערצו האָט ער געהאַט אַ טבֿע צו ברענגען נעמען און ווערק, וואָס זײַנען געווען ווייניק פּאָפּולער — זײַנען אַלע טאַקע געבליבן זיצן מיט אָפֿענע מײַלער און באַוווּנדערט אָט אָ דאָס קליינע ווינציקע בחורל, וואָס הייסט אַזוי פֿיל פּסעוודאָנימען, שטאַמט פֿון קאָצק, וווינט אויף קראָכמאַלנע און איז אַזאַ נאָענטער שמעלקע מיט אַלע גײַסטיקע דערגרייכונגען פֿון דער גרויסער וועלט. קאַווע האָט אַלעמען אימפּאָנירט. אַפֿילו פּרצן האָט ער סוף־כל־סוף אימפּאָנירט. אויך צו פּרצן האָט קאַווע גערעדט היפּשלעך מיט אַ טאָן פֿון אַן אויטאָריטעט. אַז קאַווע איז געווען אַ שאַכשפּילער, דאָס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך. און נישט סתּם אַ שאַכשפּילער, נאָר אַ מײַסטער — דאָס איז אויך זעלבסטפֿאַרשטענדלעך. פּרץ האָט ליב געהאַט צו שפּילן אַ מאָל אַ שאַך. ווען פּרץ האָט קאַווען אויפֿגעפֿאָדערט צו אַ שאַך, האָט קאַווע געטאָן אַן איבערגעלעגענעם שמייכל. מיט איין פֿינגער פֿון זײַן קלײנער האַנט האָט ער זיך פֿילאָסאָפֿיש געטאָן אַ קראַץ אין קאָפּ און פֿון פֿאָרויס אַ זאָג געטאָן צו פּרצן: „מילא, אויב איר ווילט דווקא

פֿון מיר קריגן אַ „מאַט“, איז ביטע זייער“. טאָמער האָט קאַווע געווונען, האָט ער הויך דערציילט פֿון זײַנע געניאַלע גענג, געזאָגט שאַך־טערמינען, וועלכע קיינער האָט נישט פֿאַרשטאַנען, און אָנגערופֿן די נעמען פֿון די גרעסטע וועלטמײַסטערס, וואָס בײַ ענלעכע סיטואַציעס זײַנען זיי געגאַנגען פּונקט די זעלביקע גענג ווי ער, קאַווע. גאָר, גאָר אָפּט — און דוכט זיך מיר ס׳רובֿ — האָט פּרץ געווונען די פּאַרטיע. קאַווע האָט נישט צוגעגעבן, אַז פּרץ האָט בעסער געשפּילט פֿון אים. די געניאַלע צוגן האָט גאָר געמאַכט קאַווע. פּרץ האָט געשפּילט ווי אַ „פֿושער“. נישט מער, וואָס איין מאָל האָט ער, קאַווע, געוואָלט נאָכטאָן עפּעס אַ געניאַלע קאָמבינאַציע (און דאָ קומט ווידער אַ פֿאַכאויסדרוק) פֿון אַ וועלטמײַסטער. ער האָט זיך צופֿעליק פֿאַרזען און פּרץ האָט בלינדערהייט אויסגענוצט דעם שאַנס. אַפֿילו אין די זייער אָפּט פֿון אים פֿאַרשפּילטע שאַכן איז קאַווע געבליבן דער גײַסטיקער זיגער. אײַ, די פֿאַקטן אויפֿן שאַכברעט? איז ווײ צו די פֿאַקטן!

פרישמאַן און פּרץ. — פרישמאַן שיסט פײַלן פון זײַן טינטער — און פּרץ וואַקסט־אויס צו דער גרויסער פּערזענלעכקייט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. — בית־צייטלין.

איידער כ׳וועל ווײַטער דערציילן פֿון פּרצעס „שטוב“, וואָס האָט געהאַט אַזאַ גרויסע היסטאָרישע באַדײַטונג פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, וויל איך נאָך דערמאָנען צוויי „ליטעראַרישע שטובן“, וואָס זײַנען אין יענער צײַט געווען אין וואַרשע. דאָס הויז פֿון דוד פֿרישמאַן און דאָס הויז פֿון הלל צייטלין.

אויב מ׳קען אַזוי זאָגן, איז די „ליטעראַרישע שטוב“ פֿון פֿרישמאַנען געווען די אייגנטלעכע אָפּאָזיציע צו פּרצן און צו זײַנע השפּעות. עס וואָלט געווען איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז די גאַנצע

„שטוב“ פֿון דוד פֿרישמאַן איז געווען קעגנעריש צו פּרצן. די אמתע אָפּאָזיציע איז געווען דוד פֿרישמאַן פּערזענלעך. זײַן פֿאַרבי־טערטער קאַמף קעגן פּרצן האָט זיך געצויגן כּמעט פֿון די ערשטע שריט, וואָס פּרץ האָט געמאַכט אין דער ליטעראַטור.

פֿרישמאַן איז געווען דער קלאַסישער טיפּ פֿון אַ שריפֿטשטע־לערישן עפּיגאָן. ער איז געקומען סײַ פֿון דער השׂכּלה און סײַ פֿון דער דײַטשישער אויפֿקלערונג. די דײַטשישע ליטעראַטור, און איבער הויפּט די דײַטשישע אויפֿקלערונג־ליטעראַטור, איז בײַ אים געווען דער העכסטער מוסטער פֿון שריפֿטשטעלערישער קונסט. ער האָט געקעמפֿט קעגן דער העברעיִשער מליצה מיטן וואָפֿן פֿון דער אויפֿ־קלערונג־מליצה. ער האָט געקעמפֿט אָן ווירקלעכער טיפֿער איבער־לעבעניש פֿאַר פֿאָרעם און געשטאַלטונג. פֿרישמאַן איז געווען דער „בטלן אין צילינדער“, ווי נאָמבערג האָט אים פֿאָרטרעפֿלעך באַ־צייכנט, און ער האָט אין זיך געהאַט פֿון אַ קליינעם און בייזן דאָן קישאָט פֿון פֿאַרנונפֿט, וואָס האָט געקעמפֿט קעגן שאַבלאָן, און אַליין געווען דער ריטער פֿון שאַבלאָן. פֿרישמאַנס פֿאַרדינסטן סיי פֿאַר דער ייִדישער און סײַ פֿאַר דער העברעיִשער ליטעראַטור זײַנען דורכויס די פֿאַרדינסטן פֿון אַן עפּיגאָן. דאָס, וואָס האָט זיך שוין אַרויסגעוואַלגערט אויף דער גאַס פֿון אַלע ליטעראַטורן ווי „אי־בערגעלעגענע“ סחורה — מיט דעם האָט פֿרישמאַן געפּאַכעט אין די בײדע ייִדישע ליטעראַטורן און געשריגן תּרבות! ווען איר שרײַבט נישט לויט מײַן געשמאַק, זײַט איר אַלע טויגעניכטסן. איך בין דאָס דער מדריך און דער בעסער־ווייסער...

ווי נאָר פּרץ האָט זיך געהאַט באַוויזן אין בײדע ייִדישע לי־טעראַטורן, האָט פֿרישמאַן אויף אים אָנגעשטעלט דעם „איראָפּעיִשן“ האַרמאַט, וואָס ער האָט געהאַט ליגן בײַ זיך אין טינטער. סתּם שרײַען אויף אים „בטלן“ — האָט פֿרישמאַן עפּעס בײַ זיך נישט געקאָנט כּוועלן. בײַ פּרצן האָבן זיך באַלד געוויזן נײַסן, וואָס הגם זיי האָבן גענוג געגרילצט אין פֿרישמאַנס „איראָפּעיִשן“ געשמאַק, פֿון דעסט וועגן האָט פֿרישמאַן פֿאַרט געמוזט דערפֿילן אין פּרצן

אַ כּוח, וואָס לאָזט זיך נישט „אַוועקלייגן“ מיט שהיה־פּיה. פֿרישמאַנס פֿעדער האָט דעריבער קעגן פּרצן אָנגעהויבן צו שפּריצן מיט גאַל אַנשטאָט מיט ביטול. דאָ איז פּרץ געווען אַ פּלאַגיאַטאָר, דאָ אַ „פֿלוי“ און דאָ אַן אַנדער באַשעפֿעניש. פֿרישמאַן האָט פּרצן נישט געקאָנט איינבײַסן. פֿאַר אַן עפּיגאָן איז דאָס נײַע און שעפֿערישע תּמיד עפּעס אַזוינס ווי אַ שטיין אויפֿן מאָגן. פֿרישמאַן האָט דעריבער במשך זײַן גאַנץ לעבן פֿאַרקאַטשעט די פּאָלעס פּרצן צו פֿאַרניכטן. נאָר פּרץ איז פּאַמעלעך געוואַקסן. ער איז געוואַקסן סײַ אין די דימענסיעס פֿון געשטאַלטונג סײַ אין די דימענסיעס פֿון זײַן פּערזענלעכקייט. און ער האָט אָנגעהויבן צו ווערן דער גײַסטיקער צענטער פֿון אַ נײַעם שאַפֿן אויף ייִדיש. די איינפֿלוסן זײַנע האָבן אויסגעשטראַלט. און זיי האָבן באַשאַפֿן אַ דור, אַ טאַט און אַ פֿאָרעם. די ייִדישע מאַסן — וואָס זייער שפּראַך פּרץ האָט אויפֿגעהויבן צו דער העכסטער מדרגה — האָבן אים געענטפֿערט מיט דער טיפֿסטער ליבשאַפֿט און טיפֿסטער פֿאַרערונג. פֿרישמאַן האָט נישט אָפּגעלאָזט פֿון דעם חלום פּרצן צו פֿאַרניכטן. וואָס גרעסער ס'איז געוואָרן פּרץ, אַלץ קלענער איז געוואָרן דער „בטלן אין צילינדער“. ער האָט כּסדר אויף זיך געטראָגן די טאָרבע, פֿון וועלכער ער האָט געשליידערט זײַנע פֿײַלן אויף פּרצן. נאָר די פֿײַלן זײַנען וואָס אַ מאָל געוואָרן ווינציקער און אָפּגעטעמפּטער.

פֿרישמאַן — אויף זײַן אופֿן אַ קלוגער גײַסטרײַכער ייִד — האָט זיך אָנגעהויבן צו מאַכן לעכערלעך אין זײַן דאָן קישאָטישן קאַמף מיט פּרצן. ווען פּרצעס רום האָט פֿרישמאַנען ענדלעך אָנגעהויבן צו וואַקסן איבערן קאָפּ און ער האָט געזען, אַז צו „ליקווידירן“ פּרצן איז שוין מער נישט פֿאַר זײַנע כּוחות, האָט ער זיך גענומען צו אַן אַנדער טאַקטיק. אויך דאָ האָט ער נישט אָפּגעשאַצט די גײַסטיקע קראַפֿט פֿון פּרצן און דאָס טיפֿע זעלבסטבאַוווסטזײַן פֿון פּרצעס פּערזענלעכקייט, ווי אויך דאָס אידעאַליסטישע געפֿיל, וואָס פּרץ האָט געהאַט צו דער ייִדישער ליטעראַטור און צו אירע שרײַבער. פֿרישמאַן האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו לויבן אַ סך

אַנדערע ייִדישע שריפֿטשטעלערס און געמיינט, אַז ער טוט עס אויף פּרצעס חשבון, און פּרץ וועט ווערן אײַפֿערזיכטיק. האָט ער מיט דעם נאָר געוויזן, אַז ער קאָן נישט פּרצן. פֿרישמאַן האָט מיט גאַל געזאָגט, אַז אַפֿילו ווען ער זאָל שוין צוגעבן, אַז דער „העראָ פּרץ" האָט אַ שטיקל ווערט — שטײַגן אָבער אַ סך פֿון פּרצעס תּלמידים מיט פֿיל קעפּ אַריבער דעם כּלומרשטן רבין. אין אָט אַ דעם נײַעם געיעג צו מינערן פּרצעס חשיבות האָט זיך פֿרישמאַן אַפֿילו נישט אָפּגעשטעלט צו לויבן זאַכן פֿון שריפֿטשטעלערס, וואָס איז געווען אַבסאָלוט נאַריש זיי צו שטעלן אין איין רײ מיט פּרצן. נקמה מאַכט בלינד. ווען ס'זײַנען דערשינען פּרצעס „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן" און פּרצעס רום האָט אָנגעהויבן צו שײַנען פֿאַר אַלעמענס אויגן, און אַפֿילו שלום־עליכם — וואָס האָט נישט געהאַלטן פֿון פּרצן — האָט געמוזט מודה זײַן, אַז ער האָט „נישט געוווּסט אָפּצושאַצן פּרצעס ווערט" — דאָ האָט פֿרישמאַן מיט גרויס פֿאַרביטערטקייט אָנגעזאָגט זײַן פּעגאַזוס און עפּנטלעך געשריבן, אַז אויב די שפּעטערע דורות וועלן לייענען פּרצן און אים דערמאָנען, וועט ער אויך, ייִד פֿרישמאַן, נישקשה שטיין פּרצן בײַ דער זײַט און טיילן מיט אים דעם רום פֿון די הענט פֿון דער צוקונפֿט. עס איז געווען אַ פֿאַרמעסטעניש פֿון אַן עפּיגאָן קעגן אַ שעפֿער.

דוד פֿרישמאַן האָט אויך געזאַמלט אַרום זיך ייִדישע שריפֿטשטעלערס מיט דער דײַטלעכער כּוונה, אַז אויך — וואָס שייך אַ „ליטעראַרישער שטוב" קען ער ווײַזן פּרצן ווער עס איז עלטער. כ'קאָן מיך נישט דערמאָנען ווער אייגנטלעך פֿון פֿרישמאַנס מקורבֿים האָט דעמאָלט געהאַט דעם מוט עפּעס צו זאָגן קעגן פּרצן. סײַדן אפֿשר אַזעלכע, וועגן וועלכע מען האָט געזאָגט, אַז פּרץ האַלט נישט פֿון זיי. זיי האָבן כּסדר אפֿשר נאָכגעזאָגט פֿרישמאַנס אַ שטאָכווערטל קעגן פּרצן און געהאַט הנאה פֿון די הויכע קנאַלן, וואָס דער האַרמאַט אין פֿרישמאַנס טינטער שיסט־אויס קעגן פּרצן. אָבער אויך דאָ האָט זיך פֿרישמאַן ביטער טועה געווען. וואָרעם ער איז געבליבן אַליין אין זײַן אייגענער „ליטעראַרישער שטוב". דער גרעס־

טער טייל פֿון זײַנע „זעלנער“ זײַנען אַרײַנגעקומען צו פּרצן און אים אַרויסגעוויזן די זעלביקע טיפֿע פֿאַרערונג, ווי אַלע געשווירענע פּרציאַנער. מען האָט געזאָגט, אַז פֿרישמאַן ווייסט נישט פֿון דעם „פֿאַרראָט“ און ער גלייבט ווײַטער, אַז אים גערעאָט צו זאַמלען אַ מחנה אויף ענדגילטיק צו ליקווידירן פּרצן.

פּרצעס באַציִונג צו פֿרישמאַנען איז געווען אַ זעלטן לאָיאַלע און גרויסמוטיקע. איך האָב פֿון אים קיין מאָל נישט געהערט אַ שלעכט וואָרט קעגן פֿרישמאַנען און אַפֿילו נישט קיין וויץ אויף פֿרישמאַנס חשבון. פֿאַרקערט: אויב עמעצער פֿון פּרצעס פֿאַרערערס האָט זיך (אין אַ שמועס) צו־פֿיל געוואָלט אײַנשטעלן פֿאַר פּרצעס כּבֿוד און פֿרישמאַנען אַרונטעררײַסן, האָט פּרץ תּמיד געוווסט אָפּ־צושאַצן פֿרישמאַנס פֿאַרדינסטן. כ'געדענק: איין מאָל האָט מיך פּרץ געפֿרעגט, צי איך האָב הײַנט געלייענט פֿרישמאַנס אַ ליד, וואָס איז געווען אָפּגעדרוקט אין אַ צײַטונג צי אין אַ זשורנאַל. ווען איך האָב געענטפֿערט, אַז ניין, האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך זאָל עס דורכויס לייענען. עס איז אַ גוט ליד.

אין די גאָר שפּעטערע יאָרן, ווען פּרץ איז געווען פֿאָרזיצער פֿון וואַרשעווער „הזמיר“, האָט מען געפֿײַערט פֿרישמאַנס יובילײ. פּרץ איז געווען פֿון די הויפּט־אָרגאַניזירער פֿון דעם דאָזיקן יובילײ. ער האָט געעפֿנט דעם יובילײ־אָוונט מיט זייער אַ וואַרעמער רעדע וועגן פֿרישמאַנען.

די דריטע „ליטעראַרישע שטוב“ אין וואַרשע איז געווען בײַ הלל צייטלין. דאָרטן האָט מען געהאַלטן פֿון פּרצן. הלל צייטלין האָט אין דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור אַרײַנגעפֿירט דעם פֿרומען רעליגיעזן געדאַנק. און ער האָט עס געטאָן אויף אַן אַנדער אופֿן ווי פּרץ. פּרצן איז עס נישט געווען צום האַרצן, אָבער ער האָט פֿון הלל צייטלינען געהאַלטן. הלל צייטלין איז געווען פֿון פֿרישמאַנס גוטע־פֿרײַנד, אָבער ער האָט געהערט צו די פֿאַרערערס פֿון פּרצן, הגם ער האָט אַמאָל געשריבן, אַז „אין פּרצעס הימל איז נישטאָ קיין „גאָט“. אַ שיינע, אָבער נישט קיין ריכטיקע פֿראַזע.

אין דער יידישער ליטעראַטור קוקט מען אויס דעם נאַטוראַליזם. — ווײַסנבערג, די ערשטע טויב. — ווײַסנבערגס „שטעטל”. — ה. ד נאָמבערג און ווײַסנבערג.

די ערשטע טויב, וואָס איז פֿון דער פּשוטער יידישער מאַסע אַנגעקומען אין דער יידישער ליטעראַטור אַרײַן — און געקומען ווי די גרויסע איבערראַשנדיקע אַטראַקציע פֿון חי־וקימדיקער גע־זונטקייט און אוממיטלבאַרן יידישן נאַטוראַליזם — איז געווען אי־טשע־מאיר ווײַסנבערג. געשטאַמט פֿון שטעטל זשעליכאָוו, נישט ווײַט פֿון וואַרשע. אַ קינד פֿון פּראָסטן יידישן פֿאָלק און דערצו אַן אַרבעטער. מיר דוכט, אַז ער איז געווען אַ שאַכטל־מאַכער. ער האָט זיך באַוויזן מיט אַ ווערק, וואָס האָט געהייסן „אַ שטעטל”. דער אייגענער נאָמען, וואָס דאָס באַרימטע ווערק פֿון שלום אַש. נאָר ווײַסנבערגס „שטעטל” איז געווען פֿון גאָר אַן אַנדערן כאַ־ראַקטער. ס׳איז געווען דאָס שטעטל אין זײַן אמתן לעבנס־נאַטו־ראַליזם, אויסגעטאָן פֿון יעדן הויך פֿון אַבסטראַקטן אידעאַליזם און ראָמאַנטיק. צווייטנס: דאָס שטעטל אין ווירבלשטראָם פֿון דער אַר־בעטער־רעוואָלוציע. צוויי אייגנשאַפֿטן, אויף וועלכע מען האָט שוין לאַנג אויסגעקוקט אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי אויף אַ טיר צו פֿאַרבינדן זיך מיטן האַרעפּאַשנעם און רעוואָלוציאָנערן יידישן המון.

איטשע־מאיר ווײַסנבערג איז מיט זײַן „שטעטל” געקומען קיין וואַרשע עס צו ווײַזן פּרצן. ווער עס האָט נאָר ערגעץ געהאַלטן אַ פּעדער אין האַנט, צי אין וואַרשע, צי אויף דער יידישער פּראָווינץ אין פּוילן, האָט עס באַטראַכט פֿאַר דעם גרעסטן אידעאַל, צו קומען צו פּרצן און פֿון אים צו הערן דאָס דעצידירנדיקע וואָרט. עס איז געווען דאָס גורל־וואָרט פֿאַר די אַלע, וואָס האָבן זיך געגרייט אַרײַנצוקומען אין דער נײַער אויפֿוואַכנדיקער יידישער ליטעראַטור. ווײַסנבערג איז פֿאַר פּרצן געווען די גוואַלדיקסטע אַטראַקציע. אָט אויף דעם האָט מען געוואַרט! פּרץ איז גראָד דעמאָלט געווען דער

ליטעראַרישער רעדאַקטאָר פֿון „וועג“. אין זײַן גרויסן בויערישן טעמפּעראַמענט האָט ער באַלד ווײַסנבערגן אויסגערופֿן ווי דאָס יום־טובֿדיקע געשעעניש אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי דעם עפֿענער פֿון נײַע פּערספּעקטיוון אין ייִדישן שאַפֿן. פּרצעס באַגײַסטערונג פֿאַר ווײַסנבערגן האָט אַלעמען אָנגעצונדן. גראָד די אינטעליגענטסטע און אינטעלעקטועלסטע פֿון די ייִדישע שריפֿטשטעלערס, ווי ה. ד. נאָמבערג למשל, האָבן אין ווײַסנבערגס פּראָסטלעכן און קערנדיקן נאַטוראַליזם געזען דעם פֿרישן און געזונטן וואַסערקוואַל וואָס וועט אַלעמען אָנטרינקען, פֿירן צו אַ נײַ לעבנסגעפֿיל און אַרויספֿירן אַלעמען צו דעם אמתן גענוס פֿון לעבן און ווירקלעכקייט. די שאַפֿונגען פֿון ייִדישע שריפֿטשטעלערס האָבן זיך דעמאָלט בלויז געדרוקט אין צײַטונגען און זשורנאַלן, און זעלטן־ווער האָט געזאַמלט זײַנע זאַכן אין אַ ביכל. ווײַסנבערגס „שטעטל“ איז אָבער באַלד אָפּגעדרוקט געוואָרן אין אַ ביכל און צוגעגעבן געוואָרן ווי אַ ליטעראַרישע פּרעמיע צום „וועג“. און אין דער ייִדישער ליטעראַטור, ווי אויך צווישן ייִדישע ליטעראַטן, האָט מען זיך גאָר ניִשט געקאָנט אָפּפֿרייען מיט דער דאָזיקער אומגעריכטער מתּנה, וואָס איז געקומען פֿון דער ייִדישער מאַסע. ווײַסנבערג אַליין — איך גלייב, עס איז אים ווייניק צוגעקומען צום קינסטלערישן געזונט — האָט אָט אָ דעם קולט אויפֿגענומען מיט בײדע הענט און האָט אָנגעהויבן צו פּראַווען אין דער ליטעראַטור דעם המונישן רעאַליזם פֿון זײַן שטעטל זשעליכאָוו. די זאַכן, וואָס זײַנען געקומען פֿון דער ערשטער פֿרישקייט פֿון זײַן געמיט, זײַנען טאַקע געווען איבעראַשנדיקע. דער וועג פֿון אַ וואַקסנדיקן שריפֿטשטעלער גייט אָבער ניִשט פֿון די ערשטע פֿולע עמערס פֿון זײַן געפֿיל, נײַערט זיי מוזן זיך פֿאַרטיפֿערן אין קינסטלערישן זעלבסט־ און וועלט־דערקענטעניש. שאַפֿן — איז אַ דערגרונטעווען זיך אין זײַנע, דעם קינסטלערס, באַציִונגען צו דער וועלט און אין זײַנע זעלישע שײַכותן צו איר. אַפֿילו דער רעאַלסטער נאַטוראַליזם קאָן ניִשט אַוועקגיין פֿון דעם דאָזיקן וועג, ווען ער וויל עפּעס דערגרייכן.

עס איז זייער אינטערעסאַנט צו מאַכן אין אָט דעם פּרט אַן אַנאַלאָגיע צווישן מאַקסים גאָרקי און איטשע־מאיר ווײַסנבערגן. גראָד ווײַל ווײַסנבערג האָט ווירקלעך געהאַט אַ גרויסן אוממיטלבאַרן טאַלאַנט, וועט — גלייב איך — די דאָזיקע אַנאַלאָגיע זײַן אַ טרעפֿלעכע. מאַקסים גאָרקי איז געקומען פֿון די אונטערשטע שיכטן פֿון דער רוסישער געזעלשאַפֿט. ער האָט באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז זײַנע מאָטיוון וועלן ערשט דעמאָלט באַקומען דעם גרויסן ווערט, ווען זיי וועלן באַלויכטן ווערן מיטן טיפֿסטן וועלטוויסן. ער האָט די סאַמע המונישסטע רעאַלקייטן פֿון לעבן געוואָלט אַוועקשטעלן אין אָרגאַנישער שײַכות מיט דער דערקענענדיקער מענטשלעכער טראַגיק, ד״ה, מיט דער קולטור פֿון מענטשלעכן גײַסט, און אין דער דאָזיקער טיפֿער שײַכות איז גאָרקי אויסגעוואַקסן צו איינעם פֿון די גרעסטע און הומאַנישסטע רוסישע שריפֿטשטעלערס. אָבער איטשע־מאיר ווײַסנבערג האָט דעם דאָזיקן וועג נישט באַנומען. ער האָט זיך געלאָזט באַרוישן פֿון זײַן ערשטן דערפֿאָלג און געגלויבט, אַז ער איז מיט אַ מאָל אָנגעקומען צום שפּיץ פֿון זײַן קינסטלערישן וועג. ער האָט נישט געוווסט, אַז טאַלאַנט און מיליע זײַנען ערשט די אָנהייבן פֿון אַלע שריפֿטשטעלערישע מעשׂים און נאָר אין אַן אײַנערלעכן גײַסטיקן קולטורעלן אויסוואַקסן וואַקסן אויך אויס די דערגרייכונגען. ער האָט נישט געוואָלט לערנען און אַרבעטן אויף זיך, נאָר געהאַלטן אין איין צערטלען זיך מיט זײַן טאַלאַנט און מיט דער פּראָסטער הומאַנישקייט פֿון זײַנע געפֿילן. ער האָט געקוקט מיט פּויערישע כיטרע אייגעלעך אויף אַלע אינטעליגענטן און אויף יעדער אינטעליגענץ. ער האָט געמיינט, אַז אין אַ כמאַל אין פּיסק, אין גראָבע רייד און אין פֿעטע טעפּ מיט צימעס ליגט די גאַנצע חכמה און דערגרייכונג פֿון דער קונסט.

ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין פּרצעס שטוב, האָט שוין ווײַסנבערגס שטערן בײַ פּרצן געהאַלטן בײַם אונטערגיין. פּרץ איז גראָד געווען דער קינסטלער, וואָס האָט אומעטום געזוכט דעם אויסוועג צו דער העכערער מדרגה. ווען ער האָט געזען, אַז ווײַסנ־

בערג בלײַבט שטיין אין זײַנע דערגרייכונגען און באַווײַזט נישט צו טאָן דעם מינדסטן שריט צו אינערלעכער פּאַרטיפּטקייט, האָט פּרץ באַלד אָנגעהויבן אַנטוישט צו ווערן אין דעם דאָזיקן גרויסן געווינס ווײַסנבערג. אַגבֿ, האָט זיך טאַקע אויסגעלאָזט — און דאָס איז די לאָגיק פֿון יעדער אַנטוויקלונג — אַז ווי באַלד ווײַסנבערג האָט אויסגעגאָסן דעם ערשטן פֿרישן עמער, זײַנען די ווײַטערע עמערס געווען מוטנער און מאָגערער, און ווײַסנבערג האָט פּאַמע־לעכל אָנגעהויבן צוריקצוגיין. צוריקצוגיין איז פֿאַר פּרצן געווען דער גרעסטער חסרון פֿון אַ שרײַבטשטעלער. פּרץ איז געווען — און דאָס איז געווען זײַן גרעסטע אייגנשאַפֿט — דער מענטש פֿונעם פֿאָרויס און פֿון דער ווײַטערער אינערלעכער אַנטוויקלונג. דער איינציקער גרויסער חסיד ווײַסנבערגס אין פּרצעס סבֿיבֿה איז געבליבן ה. ד. נאָמבערג. און ער איז עס פֿאַרבליבן אַפֿילו ביז צום סוף, ווען עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פּרצעס נבֿיאותן וועגן ווײַסנ־בערגן זײַנען מקוים געוואָרן אויף טויזנט פּראָצענט. דער קרענקלע־כער סקעפּטישער אינטעליגענט, דער מחבר פֿון „פֿליגלמאַן“ און „שײַקער און שלימזל“, האָט נישט אויפֿגעהערט צו זען אין ווײַ־סנבערגס נאַטוראַליזם דעם איינציקן גײַסטיקן רעצעפּט פֿאַר פֿליגל־מאַנען, דעם אינטעליגענט פֿון אַ ייִדישן בין־השמשות.

צום סוף וויל איך דערמאָנען די כאַראַקטעריסטישע סצענע פֿון ווײַסנבערגס חתונה. געטרײַ זײַן קולט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, האָט ווײַסנבערג אין וואַרשע חתונה געהאַט מיט אַ קצבֿס אַ טאָכ־טער. אויף דער דאָזיקער חתונה זײַנען זיך — ווי סימבאָליש — צוזאַמענגעקומען ייִדישע שרײַבטשטעלערס מיט ייִדישע קצבֿים. ס'איז געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ פֿאַרברידערונגס־אַקט צווישן דער ליטעראַ־טור מיטן פּראָסטן המון. די קצבֿים האָבן געקוקט אויפֿן גאַנצן ליטעראַרישן געזינדל ווי אויף כניאָקעס. אָבער די ייִדישע שרײַבט־שטעלערס פֿון וואַרשע זײַנען געווען אויפֿן זיבעטן הימל און גע־שעפּט נחת. ס'איז געקומען די גאַנצע סמעטענע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, ובתוכם דוד פֿרישמאַן און י. ל. פּרץ. די קצבֿים האָבן

געקלאַפּט אויף די פּלייצעס און געטרונקען לחיים מיט ייִדישע שרײַפֿטשטעלערס. מען האָט פֿאַרבראַכט אין גרויס פֿרײלעכקייט ביזן כאור.

דעם נאָענטסטן שבת אין דער פֿרי — פּרץ פֿלעגט דעמאָלט נישט גיין אין דער גמינע — איז ווײַסנבערג מיטן יונגן ווײַבל אַרויפֿגעקומען צו פּרצן אָפּצוגעבן דעם אָפֿיציעלן וויזיט. פּרץ האָט זיי גאָר פֿײַן אויפֿגענומען. עס איז געווען די צײַט, ווען פּרץ האָט זיך מיט אַ באַזונדערן אינטערעס אָנגעהויבן צו פֿאַרנעמען מיט דעם נײַעם דור פֿון ייִדישע מאָלערס און סקולפּטאָרן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו דער נײַער ייִדישער קולטור און צו דער ייִדישער ליטעראַטור. קיין וואַרשע איז דעמאָלט דירעקט פֿון ארץ־ישׂראל געקומען דער סקולפּטאָר שמעון קראַטקע. אַ ליכ־טיקע קינסטלערישע פּערזענלעכקייט. אַחוץ „די שטוב״ פֿון ייִדישער ליטעראַטור האָט אויך צעגלאַנצט בײַ פּרצן אויך אָנגעהויבן צו ווערן „די שטוב״ פֿון דער אויפֿוואַכנדיקער ייִדישער קונסט בכלל. אַלע מאָלערס האָבן זיך געפֿלײַסט צו מאָלן פּרצעס פּאָרטרעטן און שמעון קראַטקע האָט פֿון אים געמאַכט אַ קאָפּ. שמעון קראַטקעס „קאָפּ״ איז געשטאַנען אויף פּרצעס שרײַבטיש צווישן דער שפּע פֿון וואַזאָנען מיט בלומען. אַלע האָבן די דאָזיקע אַרבעט קראַטקעס שטאַרק געלויבט. אויך פּרצן איז זי געפֿעלן געוואָרן. פּרץ האָט געהאַט אַ טבֿע צו פֿאַרשענקען גראָד יענע זאַכן, וואָס זײַנען אים געווען צום ליבסטן. פּרץ האָט ווײַסנבערגן מיטן יונגן ווײַבל אויפֿגענומען האַר־ציק. שבת אין דער פֿרי איז פּרץ געווען תּמיד באַזונדערס גוט אויפֿגעלייגט. ער איז נאָר־וואָס געהאַט צוריקגעקומען פֿון אַ שפּאַציר אין זאַקסישן גאָרטן און ער האָט געוווּסט, אַז הײַנט, שבת, וועט ער נישט גיין צו זײַן זשמודנער אַרבעט אין דער גמינע.

— נעמט אײַך, ווײַסנבערג, קראַטקעס „קאָפּ״ אַלס דרשה־געשאַנק! — האָט פּרץ געזאָגט מיט אַ באַזונדערער פֿרײַנדלעכקייט.

דאָס יונגע ווײַבל, וואָס איז געווען געוווינט צו יאַטקע און צו די „ווילע יונגען״ אויף וואָלינסקע, האָט מיט אויפֿגעריסענע אויגן

געקוקט אויף דעם אויסטערלישן דרשה־געשאַנק, וואָס פּרץ גיט איר אין דער באַלעבאַטישקייט אַרײַן. זי האָט נישט געוווּסט מיט וואָס מען עסט דאָס.

— וואָס טויג דיר, איטשע־מאיר, אַ ליימענער גולם? — האָט זי געזאָגט מיט אַ פּאָלקסטימלעכער אָפּנהאַרציקייט.

— ביסט אַ בהמה, ביילטשע! — האָט ווײַסנבערג געטאָן אַ הוק אויפֿן יונגן ווײַבל. ער האָט פֿאַרזשמורעט די אייגעלעך, זײַנע פֿויעריש־אַרויסגעשטאַרצטע קינבאַקן האָבן געציטערט פֿון כּעס. ער האָט זיך געשעמט פֿאַר פּרצן — וואָסער ליימענער גולם? ס'איז דאָך אַ סקולפּטורע!

דאָס ווײַבל איז אַנטשוויגן געוואָרן. זי האָט מיט גרויס אומצופֿרידנקייט באַקוקט דאָס „ליכטיקע" דרשה־געשאַנק.

שמעון קראַטקע דערציילט פֿון קונסט און פֿון ארץ־ישראל. — ייִדישע פֿאָלקסקונסט. — טאַטשע, אַ לעבעדיקע שרה בת־טובים. — די ליפּסקיס און די אַלטערס. — טאַטשעס טאַטע. — טאַטשע שפּילט אין שפּיגל. — פּרײַטיק־צו־נאַכטס. — ליבע און טעאַטער־שפּיל. — טאַטשע און קראַטקע שטעלן אַ חופּה אין דער חורבה פֿון ר' יהודה החסיד.

שמעון קראַטקע האָט זיך באַוויזן אין פּרצעס שטוב איין מאָל אין אַ נאָכמיטאָג. ווער עס האָט אים אַרײַנגעפֿירט צו פּרצן, ווייס איך נישט, נאָר ער איז באַלד געקומען ווי די גרויסע אַטראַקציע, און דאָס איבער צוויי טעמים. שמעון קראַטקע, הגם ער איז געווען אַ וואַרשעווער און גערעדט אַ געשמאַקן וואַרשעווער ייִדיש, איז אָבער צו פּרצן אַרויפֿגעקומען גלײַך פֿון ארץ־ישׂראל. ער איז מיט דעם געווען דער ערשטער עקזאָט אין פּרצעס שטוב. עס האָט פֿון אים געווייעט מיט די לופֿטן פֿון אַנדערע פֿרעמדלעכע לאַנדשאַפֿטן. ייִדישע שרײַפֿטשטעלערס אין פּוילן זײַנען גאָר נישט געווינט געווען צו אַזעלכע פֿאַרשוינען. ס'רובֿ ייִדישע שרײַבערס האָבן נאָך אַלץ געלעבט מיט זייערע שטעטלעך און מיט וואַרשע. אין יענע צײַטן

איז נאָך דער באַגריף „ארץ־ישׂראל״ נישט געווען אַזוי פּשוט און וואָכעדיק ווי אין אונדזערע יאָרן. עס איז געווען אַ לאַנד, וואָס איז געלעגן ווי פֿון אינדרויסן פֿון אַלע געוווינטקייטן אוןווירקלעכ־קייטן. עס איז געלעגן ערגעץ ווײַט־ווײַט אין ליכט פֿון לעגענדע, פֿאָלקס־מעשׂיות, חומש און „צאינה־וראינה״. זעלטן־ווער איז דאָרט געווען און עס האָבן דערציילט דערפֿון בלויז ארץ־ישׂראל־ייִדן און פֿרומע מאַמעס. פֿון אָט־אָ־דעם וווּנדערלעכן לאַנד, פֿון אונטער אַן אַנדער זון און אַנדערע לאַנדשאַפֿטן, איז אַ קום־אָן געגעבן שמעון קראַטקע. ער איז געקומען דירעקט פֿון ירושלים. אָט פֿון דעם יונגן וואַרשעווער יונגן־מאַן האָט עפּעס ווי געשמעקט מיט טערקישן טלית, מיט תּהילים, מיט דוד המלך און מיט כּותל־מערבֿי. מיט זײַן זינגענדיקן וואַרשעווער ייִדיש האָט ער זאַפֿטיק און זייער פֿאַר־ביק דערציילט פֿונעם ארץ־ישׂראלדיקן לעבן, פֿון די דאָרטיקע מענ־טשן, מלבושים און לאַנדשאַפֿטן. ער האָט דערציילט, אַז די הימלען זײַנען דאָרט טונקעלער ווי די ערד. די ערד איז אַ רויטלעכע און אַן ערדאָטישע ווי אַ באַגערנדיק ווײַב. פֿון דער שלאַנקייט פֿון די טייטלביימער און פֿון דעם שטילן שעמעוודיקן טרויער, וואָס ליגט אין די געשטאַלטן פֿון די ציפּרעסן. ער האָט דערציילט פֿון דעם מיסטעריעזן גאַנג פֿון די גמלים און פֿון דעם שטילן קלינגען, וואָס באַגלייט דאָס דאָזיקע גיין און קומען פֿון די מזרחישע ווײַטקייטן. ער האָט דערציילט פֿון אַראַבער און שייכן און פֿאַרשלייערטע פֿרויען. דערבײַ האָט קראַטקע געשילדערט די ליניעס, פֿאָרמען און גע־שטאַלטונגען פֿון דעם נאַקעטן לײַב פֿון די מזרחישע פֿרויען און האָט זיי — פּונקט ווי די אַלטע ייִדישע און אַראַבישע דיכטערס — פֿאַרגליכן צו די לאַנדשאַפֿטן פֿון אָריענט, צו די בערגלעך, ווי אויך צו דער אַרכיטעקטור פֿון די מעטשעטן. קראַטקע האָט שעהן לאַנג דערציילט פֿון ירושלים, פֿון די אַראַבישע באַזאַרן דאָרט, פֿון די געל־זײַדענע כאַלאַטן פֿון די בוכאַרער ייִדן, פֿון דער כּותל־מערבֿי, פֿון די מויערן פֿון ירושלים, ווען זיי זײַנען באַגאָסן מיט לבֿנה־ליכט און הינטער וועלכע, אין לבֿנה־ליכט, הויערן קאַראַוואַ־

נען פֿון גמלים און אַ סך, אַ סך סטאַדעס שאָף. קראַטקע האָט גע־שילדערט די בערג־לאַנדשאַפֿטן אַרום ירושלים, וואָס קוקן־אויס געשניצטע פֿון קיניגלעכן העלפֿאַנטביין און דאָס געמיט געניסט זיי ווי קאַפּיטלעך תּהילים.

איך ווייס נישט וויפֿל קראַטקע האָט שפּעטער דערגרייכט אין זײַן קונסט, נאָר זעלטן איז מיר אויסגעקומען צו זען אַ קינסטלער מיט אַזוי פֿיל פֿרישער, אינערלעכער און אָריגינעלער שעפֿעריש־קייט ווי אָט־אָ־דער יונגערמאַן. ער האָט גערעדט וועגן סקולפּטור און מאָלערײַ מיט אַ שפּראַך, מיט וועלכער קיינער אין דער פּראָ־ווינצערישער סבֿיבֿה פֿון יידישע שריפֿטשטעלערס איז גאָר נישט געוווינט געווען צו טראַכטן. ער האָט גערעדט מאָדערן און געטראַכט וועגן זײַן קונסט, פֿאַרב און פֿאָרעם, ווי עס שרײַבן די גרויסע קונסט־קריטיקערס אין דער וועלט־ליטעראַטור. ער איז געווען פֿאַר אַלעמען נײַ. קראַטקע האָט, אַזוי צו זאָגן, אָנגעהויבן צו עפֿענען אַלעמען די אויגן און געוויזן ווי אַזוי צו קוקן און געניסן קונסט.

חוץ דעם — און דאָס האָט פּרצן צום מייסטן אימפּאָנירט — קראַטקע האָט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן די שיינקייטן פֿון יידישער פֿאָלקסקונסט און פֿאָלקס־מיניאַטורן. וועגן די שיינקייטן פֿון יידישן כּלי־קודש און פֿון דער טיפֿער קונסט־פֿאַרשטענדעניש פֿון די אַלטע יידישע גאָלד־ און זילבער־שמידן, פֿון דער וואַרעמער און װוּנדער־לעכער פֿאַנטאַזיע פֿון יענע אַנאָנימען, וואָס האָבן געמאָלט די „שויתי“ס פֿאַר די שולן, פֿון דער שיינקייט פֿון די הייליקע לייבן, הערשעלעך, ציגעלעך און טײַבעלעך, און פֿון דעם גאַנצן „ווילדן“ געטיער, וואָס די פֿאַנטאַזיע פֿון פֿרומע יידישע אַנאָנימען האָבן געלאָזט „פּאַשען“ אויף די געמעלעכצן פֿון די ווענט פֿון די שולן, איבער די „עמודים“, אויף די הענגלײַכטער און אויף די סאַמעטענע מענטעלעך פֿון ספֿרי־תּורהס. קראַטקע האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף די אַלע אַלטע מאָטיוון אין מאָדערנע סטיליזירטע פֿאָרמען צוריק אַרויפֿברענגען אויף די הילעס און פֿאָדער־בלעטער פֿון יידישע בי־

כער און אַזוי אַרום פֿאַרטיפֿן די וואָרצלען פֿון דער ייִדישער ליטע־ראַטור אין דער געשיכטע פֿון ייִדישער פֿאַנטאַזיע און געמיט.

פּרץ האָט דעמאָלט געשריבן די „פֿאָלקסטימלעכע געשיכטן", ווי אויך זײַנע דראַמעס. אַלצדינג מאָטיוון פֿון דער ייִדישער פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע. פּרץ האָט בכלל ליב געהאַט גרויסע פּלענער. קראַטקעס פּלענער, וואָס שייך דעם אויסזען פֿון ייִדישן בוך, איז פּרצן גאָר געווען צום האַרצן, און כּדי לעבעדיק צו אילוסטרירן די גאַנצע קינסטלערישע עקזאָטישע פֿרישקייט פֿון זײַנע ווערטער, האָט קראַט־קע אַרויפֿגעבראַכט צו פּרצן זײַן ווײַב, טאָטשע.

טאָטשע האָט געשטאַמט פֿון די גרויסע חסידישע „פּני" אין פּוילן, פֿון די מלאָווער אַלטערס און פֿון די קוטנער ליפּסקיס, ד"ה, זי האָט געשטאַמט סײַ פֿון די שענסטע אַלעקסאַנדרער און סײַ פֿון די שענסטע גערער חסידים. די אַלטערס זײַנען בכלל געווען פֿון די ייִדישע משפּחות אין פּוילן, ווו דער קאַמף צווישן דער אַלטער און נײַער צײַט איז אויסגעבראָכן ווי אַן ערד־ציטערניש. דער גײַס־טיקער מהלך צווישן איין ברודער און אַנדערן און פֿון איין שוועס־טער צו דער אַנדערער האָט אויסגעקוקט צו זײַן אַזוי ווײַט ווי פֿון הימל צו דער ערד. אין דער משפּחה אַלטער האָט זיך טאַקע אין מיניאַטור, אָבער מיט אַ גרעסערן רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, אָפּגעטאָן דאָס אַלצדינג, וואָס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער נײַער און גרויסער אַנטשיידונגס־תּקופֿה פֿון ייִדן אין פּוילן. שרײַבן די געשיכטע פֿון די מלאָווער אַלטערס וואָלט געהייסן: ווײַזן די לעצטע געשיכטע פֿון ייִדן אין פּוילן אין אַ טעמפּעראַטור פֿון טויזנט גראַד. קודם־כּל איז עס געווען זייער אַ צאָלרײַכע משפּחה. ר' ישׂראל אַלטער, דער פֿאָטער־פֿאַמיליאַס, האָט געהאַט אַ שלל מיט קינדער און איטלעכער פֿון זיי איז געווען אַ באַזונדערע וועלט. אַ קעגנ־זעצלעכע וועלט. אַ רעוואָלוציאָנערע וועלט. צוזאַמען מיט די פֿרומ־סטע שנירן זײַנען דאָרט געווען שנירן אמתע גויעס. אַן איידעם אַ שאַרפֿער חסיד האָט נעבן זיך געהאַט אַן איידעם אַ כּשרן ערל. די אַלטערס זײַנען געווען שאַרפֿע חסידים און טריפֿהניאַקעס. סוחרים

און שפּעקולאַנטן, פּירערס פֿון דער ייִדישער און פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. לאַמעדוואָווניקעס און אַוואַנטורניקעס וואָס האָבן באַשווינדלט אַ וועלט. די משפּחה אַלטער איז געווען דער קאָכעדיקער ווולקאַן צווישן די ייִדישע משפּחות אין פּוילן.

טאַטעס עלטערן זײַנען געווען סײַ פֿון די אַלטערס און סײַ פֿון די ליפּסקיס. ס׳איז געווען אַ „קאָקטייל" פֿון די שאַרפֿסטע און קעגנזעצלעכסטע משפּחה־בלוטן. עפּעס אַנדערש ווי אַ נײַע איבעררײַשנדיקע אַטראַקציע אין דער משפּחה אַלטער האָט מען פֿון דעם דאָזיקן „בלוטגעמיש" גאָר נישט געקאָנט דערוואַרטן. איך ווייס נישט, ווי אין שײַכות שיינקייט האָט אויסגעקוקט טאַטעס מוטער, אָבער מענדל, טאַטעס פֿאָטער, ר׳ יהודה מאיר ליפּסקיס זון, איז געווען אַ מאַנסביל פֿון טעמפּעראַמענט און ראַסע, וואָס נאָר עפּעס אַן אַלטער הײַדענישער סקולפּטאָר האָט זיך געקאָנט פֿאָרשטעלן אַזאַ אידעאַל פֿון מאַנסבילשער שיינקייט. ער איז געווען ממש דער אויסגעחלומטער מאָדעל פֿאַר געטער־בילדער. אַ גריך וואָלט פֿון אים געמאַכט אַן אַפּאָלאָ און אַ סעמיט — אַ קעמפֿנדיקן גאָט אויף אַ זונוואָגן. ער האָט אין זיך געהאַט, אי די אומהיימלעכע שיינקייט פֿון אַסירישע געטער, אי פֿון דער קרעפֿטיקער האַרמאָנישער געשטאַלט פֿון אַרכאַישע גריכן. ווען ער איז אין וואַרשע געגאַנגען איבער די גוייִשע גאַסן, האָבן די שענסטע און רײַכסטע פּוילישע און ייִדישע פֿרויען אים נאָכגעקוקט און מן הסתּם געזען זײַן מאַנסבישלע געשטאַלט אין זייערע גלוסטונגען.

טאַטעס פֿאָטער איז געווען אַ ייִד אַ סוחר און אַ גערער חסיד. ווען ס׳זײַנען בײַ אים אין שטוב אונטערגעוואַקסן דרײַ טעכטער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, וואָס עס הייסט אַזוינס שפּראַצונגען פֿון די אַלטערס און די ליפּסקיס. מעגלעך, ווײַל די מיידלעך האָבן תּמיד געהאַט פֿאַר די אויגן די ווונדערלעכע געשטאַלטלעכע שיינקייט פֿון זייער פֿאָטער, דעריבער אפֿשר האָבן זיי גענומען אַ וועג צו די אַוואַנטורעס פֿון דער קונסט. מיט דער עלטערער, שׂרה, האָט נאָך מענדל ליפּסקי באַוויזן צו טאָן אַ חסידישן שידוך. דאָס טעמפּע־

ראַמענטפּולע אַוואַנטוריסטישע ווײַבל, וואָס האָט כּסדר געחלומט צו ווערן אַ מאָלערין, איז באַלד נאָך דער חתונה אַנטלאָפֿן קיין פּאַריז און זיך געפּילט אין דער פּאַריזער קינסטלער־באָהעמיע ווי אַ פֿיש אין וואַסער. זי האָט צו מאָל נישט אַהיים געשריבן קיין בריוול. די ייִנגערע, ליבע, האָט זיך געגרייט צו ווערן אַ באַלעט־טענצערין. טאָטשעס אידעאַל איז געווען צו זײַן אַ שוישפּילערין. זי האָט זיך צוגעוווינט צו לעבן אין חלומות און אין הינערפּלעט. שעהן לאַנג פֿלעגט טאָטשע אָפּשטיין בײַם שפּיגל. איר אייגן געשטאַלט, וואָס האָט צו איר אַרויסגעקוקט פֿון דעם גרויסן אײַנגערעמטן שפּיגלגלאָז, האָט אויסגעזען צו טראָגן אין זיך די טאָטשע פֿון דער צוקונפֿט. די טאָטשע פֿון אַלע חלומות און אילוזיעס. דאָס יונגע מיידל האָט פֿאַמעלעך אָנגעהויבן גלייבן, אַז יענע טאָטשע אין שפּיגל איז די ווירקלעכע, און זי האָט אָנגעהויבן זי צו צערטלען און צו פּיעש־טשען און פֿאַרלאַנגט פֿון איר, אַז זי — די טאָטשע אין שפּיגל — זאָל אָנהייבן אויסצושפּילן אַלץ, וואָס עס טוט זיך נאָר אין אירע באַגערן און וויזיעס. טאָטשע האָט אויסגעזוכט אַלטע קליידער, וואָס זײַנען בײַ די ליפּסקיס געלעגן בירושה פֿון פֿאַרצײַטישע משפּחה־באָבעס. זי האָט זיך די דאָזיקע קליידער אָנגעטאָן. זי האָט זיך באַהאָנגען מיט טערקישע טיכער און מיט אַלערליי פֿאַרצײַטישע תּכשיטים. זי האָט זיך אָנגעטאָן קופּקעס און שטערן־טיכלעך און זיך געשטעלט פֿאַרן שפּיגל. אַן אַלטע פֿאַרצײַטישע באָבע איז איר אַקעגנגעטראָטן, און טאָטשע האָט איר געהייסן שפּילן און זיך באַ־וועגן. די אַלטע באָבע אינעם שפּיגל האָט טאָטשען דערציילט אַ פֿאַרצײַטיש מעשׂהלע, אַ לעגענדע פֿון ייִדישע מעשׂה־ביכלעך. טייל מאָל האָט טאָטשע אַרויסגענומען פֿון דער שאַנק איר מוטערס חופּהה־קלייד. זי האָט זיך אָנגעטאָן אין ווײַסן חופּה־קלייד, זיך אָנגעטאָן אויפֿן קאָפּ אַ חופּה־שלייער מיט אַ קרענצל פֿון פּאָמע־ראַנצן־בלימעלעך. אַ צניעותדיקע ייִדישע כּלה איז טאָטשען אַפּירגע־טראָטן פֿונעם שפּיגלגלאָז. זי האָט געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן די אויגן פֿון שעמעוודיקייט און פֿון ליבשאַפֿט. טאָטשע האָט געגלויבט צו

זען, ווי די כלה שטייט אונטער דער חופה. טיף ערגעץ אין שפּיגל שפּילן קלעזמאָרים. אַ רבֿ לייענט אַ כּתובה און אַ פרעמדער ווונ־דערשיינער בחור, פּונקט אַזוי שיין ווי איר פאָטער, שטייט נעבן דער כּלה. די כּלה אין שפּיגל האָט אַרויסגעשטעקט אַ פינגער, מען זאָל זי מקדש זײַן. אונטערן חופּה־קלייד האָט געקלאַפּט דאָס מיי־דלשע האַרץ מיט אַלע אומבאַקאַנטע דערוואַרטונגען פון דער ליב־שאַפט. די קאַפּעליע האָט ווידער אויפגעשפּילט און די טאַטשע אין שפּיגל האָט זיך מיט סאָנאַמבולישע ריטמישע שריט געלאָזט גיין מיט איר באַשערטן.

פרײַטיק־צו־נאַכטס — מענדל ליפּסקי איז אַהיימגעקומען פון גערער שטיבל. אויפן שבתדיקן געדעקטן טיש דאָבן געברענט ליכט אין די זילבערנע לײַכטער. דער קידוש־ווײַן האָט געפינקלט אין דער ירושה־קאַראַפינקע. אַלטע זילבערנע בעכער זײַנען געווען אויסגעשטעלט אויפן שבתדיקן טישטעך. די חלות זײַנען געווען צוגעדעקט מיט אַ רויט־זײַדן חלה־טישטעכל, געהאַפטן אין גאָלד, זילבער און פערל. אַ חלה־טישטעכל, וואָס טאַטשעס מוטער האָט כּלהווײַז געהאַפטן פאַרן חתן. מענדל ליפּסקי, אין דער גלאַנציקער זײַדענער קאַפאָטע און אין שוואַרצן שטרײַמל, האָט אויסגעקוקט נאָך געטערישער און מיטישער. און ער האָט זיך פאַרנומען צו מאַכן קידוש. דאָ איז טאַטשע גאָר אַרײַנגעפאַלן אין היסטערישער התפּע־לות. זי האָט אין דעם רבניש־אָנגעטוענעם פאָטער געזען די וויזיע פון אירע שווישפּילערישע אילוזיעס. דאָס לעבן האָט זיך אויך אַחוץ אינעם שפּיגל פאַרוואַנדלט אין אַ לעגענדע און אין טעאַטער. טאַטשע האָט אירע אויגן נישט געקאָנט אָפּרײַסן פונעם פאָטער און אין מיטן קידוש זיך נישט אײַנגעהאַלטן אויסצודריקן איר התפּעלות.

מענדל ליפּסקי איז זיכער געווען, אַז אין טאָטשען וואַקסט אים די איינציקע פרומע טאָכטער, מיט וועלכער ער וועט קענען אַ שידוך טאָן נאָך זײַן שטאַנד און ווילן. זי וועט אים נישט באַלד נאָך דער חתונה אַנטלויפן קיין פּאַריז און צו מאָל מער ניט שרײַבן קיין בריוול. אָבער דאָ איז אויפסנײַ געקומען די גרויסע אַנטוישונג.

שמעון קראַטקע איז געווען אַ ייִנגל פֿון וואַרשעווער אָרעמקייט. מען האָט אים אַוועקגעגעבן צו אַ בעל־מלאכה. ווי אַ סך עכטע קינסטלערישע נאַטורן, האָט ער בײַ דער אַרבעט אין דער מאַטעריע אויסגעפֿונען די שיינקייטן פֿון דער פֿאָרעם. ער האָט אָנגעהויבן צו צייכענען, שניצן, קלעפּן, כּסדר געחלומט צו ווערן אַ מאָלער און אַ סקולפּטאָר. ער איז געגאַנגען אין די וואַרשעווער מוזייען, אין די קלויסטערס, אין די שולן און געוואָלט ווערן איינער פֿון די מײַסטערס, וואָס האָבן בײַ די דאָזיקע זאַכן געאַרבעט. פֿון דעם אָנקוקן זיך מיט דעם כּלי־קודש אין די שולן און מיט די געמעלעבצן און צייכענונגען אויף די „שויתי"ס און פּרוכתן האָט זיך אין אים געוועקט אַ בענקשאַפֿט צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. אין דעם אַלטן הייליקן לאַנד פֿון ייִדן וועט ער קאָנען — האָט זיך אים אויסגעדוכט — שעפּן מאָטיוון און אינספּיראַציע מיט פֿולע עמערס און ער וועט ווערן אַ ייִדישער מײַסטער. גראָד האָט זיך דעמאָלט געעפֿנט אין ירושלים די קונסטשול „בצלאל" — און קראַטקע האָט זיך געריסן אַהין.

ווי אַזוי די חסידישע טאָכטער טאָטשע האָט זיך באַקאַנט מיטן אָרעמאַן קראַטקע ווייס איך נישט. אָבער אַן אָרעמער בעל־מלאָכישער בחור, וואָס לעבט אין וואַרשע אין די הינערפּלעט פֿון אַ פֿאַרצײַטיקן ייִדישן מזרח, האָט פֿאַר טאָטשען אין זיך געהאַט אַלצדינג פֿון אַן אָרעמען פּרינץ, וואָס טראָגט־אַרום אין זײַנע פֿאַנטאַזיעס די שפּעדיקע עשירותן פֿון אַ וווּנדערלעך קיניגרײַך. קראַטקע איז אויך אַרויסגעטראָטן צו איר ווי פֿון די מיראַזשן פֿון אַ שוישפּיל. ער איז פֿאַר איר דער פּאַסיקסטער פּאַרטנער מיט אים צו שפּילן די גרויסע פֿאַרחלומטע ליבשאַפֿט. איך בין מסופּק, צי טאָטשע האָט פֿאַר קראַטקען ווירקלעך געהאַט דאָס געפֿיל פֿון אמתער ליבע. יעדער ווירקלעכער געפֿיל אין טאָטשען איז טויזנטפֿאַך פֿאַרשוומען געוואָרן אין דעם טעאַטראַלישן זשעסט פֿון שוישפּיל. אַלצדינג האָט זי געשפּילט. זי האָט געשפּילט די גרויסע ליבע, פּונקט ווי זי האָט געשפּילט דעם לײַדנשאַפֿטלעכן טעמפּעראַמענט און

דאָס עראָטישע ווײַב פֿון גרויסן סטיל. און איך בין אויך מסופּק, צי טאָטשע איז בכלל געווען לײַדנשאַפֿטלעך און עראָטיש. אַלצדינג איז געווען בײַ איר אילוזיע און שפּיל. אַלצדינג האָט זי געזען ווי אַ פֿאַטאַמאָרגאַנאַ. ווען טאָטשע וואָלט ווירקלעך געוווּסט אונטערצו־שיידן צווישן ווירקלעכקייט און אילוזיע, און געבליבן וואַך אויך אין אירע מיראַזשן, וואָלט זי אין אמתן געקאָנט אויסוואַקסן צו אַ שוישפּילערין אויף דער בינע. זי האָט אפֿשר געהאַט די טאַלאַנטן דערצו. אָבער טאָטשע האָט נישט געוווּסט צו מאַכן דעם חילוק. זי איז פֿאַרלוירן געוואָרן אין אירע מיראַזשן און דאָרט אויך פֿאַר־לוירן אירע מעגלעכקייטן און איר לעבן. זי האָט סוף־כּל־סוף צו גאָרנישט נישט דערפֿירט. קיין קינסטלער האָט נאָך גאָר נישט דער־גרייכט, ווען ער לעבט אין זײַנע אילוזיעס ווי אין ווירקלעכקייט. קונסט איז, נעמלעך, דאָס קלאָרע און וואַכע באַוווּסטזײַן וועגן דעם מהות פֿון איר אילוזאָרישקייט. וואָס מער אַ קינסטלער ווייסט דעם חילוק צווישן זײַנע פֿאַרשטעלונגען און זײַנע ווירקלעכקייטן — אַלץ גרעסער זײַנען פֿאַר אים די מעגלעכקייטן פֿון דערגרייכונג.

ווען טאָטשע האָט זיך באַקאַנט מיט שמעון קראַטקע, איז זי קוים אַלט געווען זעכצן יאָר. אָבער זי האָט פֿונאַנדערגעשפּילט איר ליבשאַפֿט צו אים מיט אַזאַ התפּעלותדיקן פּאַטאָס און מיט אַזוי פֿיל לײַדנשאַפֿטלעכער טעאַטראַלישקייט פֿון אַ יוליאַ צו אַ ראָמעאָ, אַז מענדל ליפּסקי האָט זיך ממש דערשראָקן. ער האָט געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד. וואָס טויג אים אַן אָרעמער איידעם מיט אַ שלימזל־דיקן פֿאַך פֿון אַ קינסטלער? אָבער מענדל ליפּסקי האָט נישט גע־וווּסט, אַז וואָס גרעסער זײַן ווידערשטאַנד — אַלץ פֿאַרביקער און לעגענדאַרישער ווערט די בינע, אויף וועלכער טאָטשע שפּילט איצט אויס איר שפּיל. צווישן ראָמעאָ און יוליאַ זײַנען פֿאָרגעקומען באַהאַלטענע זעענישן. מען האָט זיך געשוווירן אייביקע ליבשאַפֿט בײַ די שטערן אין הימל און בײַ דער שײַן פֿון דער לבֿנה. שמעון קראַטקע האָט זיך פֿאַמעלעכל געקליבן צו פֿאָרן קיין ארץ־ישׂראל. טאָטשע האָט אים באַשווירן, אַז ער זאָל זי אַרויסגנבֿענען פֿון איר

פֿאָטערס הויז. זי איז טאַקע מיט אים אַנטלאָפֿן קיין ירושלים און געשטעלט מיט אים אַ חופּה אין דער חורבֿה פֿון ר׳ יהודה החסיד.

טאַטשעס הלבשה: אַ „יד" פֿון דער תורה. — רעגינע שאַפּיראָ. — בערטע. — פּלענער וועגן אַ מאָדערן ייִדיש טעאַטער. — אָנקל סעם ווערט ייִדישער טעאַטער־דירעקטאָר. — קראַטקעס אַטעליע. — טאַטשעס בודואַר. — דאָס גאָלדענע ציגעלע. — טאַטשע וויינט דאָס גרויסע געוויין אינעם ריטעם פֿון אַ גריכישן כאָר.

ווען נאָך צוויי יאָר אָפּזײַן אין ירושלים האָט שמעון קראַטקע אַרויפֿגעבראַכט טאַטשען צו פּרצן, איז עס געווען די גרעסטע אַטראַקציע. ס׳האָט זיך אין פּרצעס שטוב באַוויזן שׂרה בת טובֿים צי גאָר די סאַמע רחל, וואָס קראַטקע האָט זי אַ לעבעדיקע אַהערגעבראַכט פֿון אונטערן שטיין אויפֿן וועג קיין בית־לחם. דאָס דראָבנע ווײַבלעכע נפֿשל איז געווען באַהאָנגען מיט אמתע פֿרומע פֿאַטשיילעס פֿון ארץ־ישׂראל. אײַנגעוויקלט אין טערקישע טיכער. זי האָט געטראָגן אַ געל־זײַדן קלייד, וואָס האָט אויסגעקוקט ווי אַ רבישער שלאָפֿראָק אָדער ווי עפּעס אַ געוואַנט פֿון מזרחישע דערווישן, אויך די האָר זײַנען איר געווען פֿאַרהילט אין פֿאַרביקע שמאַטקעס און שמאַטקעלעך, באַשטאָכן און באַשפּילקעט מיט אַלע ציטער־נאָדלען, מיט אַראַבישע שפּילקעלעך און מיט סתּם תּכשיטים פֿון הייליקן בערנשטיין און אַנדערע מזרחישע שטיינער און גלאָזווארגן. אין די אויערן האָט זי, ווי די פֿאַרצײַטישע באָבעס, געטראָגן גרויסע טונקל־גרינע שטיינדלעך געפּאַסט אין אַלטן גאָלד. אַחוץ דעם איז זי גלאַט געווען באַהאָנגען מיט קמיעות און קמיעלעך, פּערלמוטערנע פֿלעשלעך אויף בשׂמים און שמעק־וואַסערן, בראָשקעלעך און קעסטעלעך, און דעם גאַנצן רעקוויזיט פֿון ארץ־ישׂראל און פֿון פֿאַרצײַטיקע דורות. ווען זי האָט אויפֿגעהויבן איר קליינע און שמאָלע האַנט, אַ האַנט אָנגעשפּיקעוועט מיט בראָנדזועלעטן און פֿינגערלעך, וואָס האָבן געשמעקט מיט באַזאַרן און מוזעומס, האָבן

מיר ווידער געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז אַ לעבעדיקער „ייִד" פֿון דער תּורה הייבט זיך אויף איבער פּרצעס טיש און גייט אונדז אַלעמען טײַטלען אין דער פּרשה.

שמעון קראַטקע אַליין איז געווען ווי פֿאַרצויבערט פֿון דעם דאָזיקן קליינעם אויסטערלישן ווײַבל. פֿון אַלע קאָמפּאָזיציעס, וואָס ער האָט געוויזן, און פֿון די אַלע פֿאַרשיידענע פּראָיעקטן פֿאַר פֿאַרצירונגען פֿון ייִדישע ביכער — אומעטום האָט פֿון די קאָנטורן און ליניעס אַרויסגעקוקט איר געשטאַלט. איר געשטאַלט אין פֿאַרשיידענערליי סטיליזירונגען און אופֿנים. אַחוץ דעם האָט ער זי נישט אויפֿגעהערט צו מאָדעלירן. ער האָט געמאַכט פֿון טאָטשען אַ קאָפּ, האַלב מאַדאָנע האַלב רביצין. אויך האָט ער געקלעפּט איר אַקט, אונדז געפֿירט אין זײַן אַטעליע און געוויזן טאָטשעס נאַקעטקייט. ס'איז געווען אַן איידעלער ליגנדיקער פֿרויען־קערפּער, וואָס האָט אין זײַן ליידפֿולער דערוואַרטונג דערמאָנט סײַ אין דער „פּיע־טאַ" פֿון מיקל אַנדזשעלאָ און סײַ אין דער בייגעוודיקער צאַרטקייט פֿון די ליניעס אין עפּעס אַן איידל אַלטערטימלעך־קיניגלעך געפֿעס, וואָס באַהאַלט אין זיך די שמעקנדיקע בוימאיילן פֿון שיר־השירים.

קיין סך דאַמעס און אינטערעסאַנטע פֿרויען פֿלעגן צו פּרצן נישט אַרויפֿקומען. די ייִדישע ליטעראַטור אין קיין מאָל נישט געשטאַנען אין גרויס חשיבֿות בײַ די פֿרויען פֿון די בירגערלעכע און געבילדעטע קרײַזן פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט אין פּוילן. מען האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף איר פֿון „אויבן אַראָפּ" און געזען קולטור און שיינקייט נאָר אין דעם, וואָס איז פּויליש. פֿון דעסט וועגן זײַנען געווען אויסנאַמעס. דאָ האָט די גרויסע פּערזענלעכקייט פֿון פּרצן צו זיך צוגעצויגן. עס פֿלעגט אַ מאָל אַרויפֿקומען צו פּרצן רעגינע שאַפּיראַ, אַ הויכע טונקעלע דאַמע, מיט יצר־הרע־הערלעך איבער די ליפּן, און מיט אַ סך אַריסטאָקראַטישע מאַניערן. מען האָט געזאָגט, אַז זי איז עפּעס אַזוינס ווי פּרצעס מוזע. ער לייענט איר פֿאַר זײַנע שאַפֿונגען און איר געשטאַלט גיט אים אַ סך אינספּיראַציע. אין פּרצעס דראַמעס ווערט עטלעכע מאָל דער־

מאָנט די „שוואַרצע פּעשע“. אין „טויט פֿון אַ קלעזמער“ איז זי די געליבטע פֿון דעם קלעזמער. אין פּרצעס בריוו הייסט זי „די דאַמע בײַם מעער“. דאָס אַלץ זאָל זײַן רעגינע שאַפּיראַ. די צווייטע דאַמע, וואָס פֿלעגט אַרויפֿקומען צו פּרצן, איז געווען בערטאַ, די פֿרוי פֿון לעאָן פֿײַגנבוים. זי איז געווען זייער אַ סימפּאַטישע אינטעליגענטע פֿרוי, אַן ענערגישע און לעבעדיקע, און האָט גערעדט אַ פֿײַנעם געשמאַקן ייִדיש. די סיבה איז געווען אַ פּשוטע; בערטאַ האָט שוין געשטאַמט פֿון סאָציאַליסטישע קרײַזן און איז געקומען פֿון ריגע. אָבער טאַטשע האָט אויסגעקוקט זיי אַלעמען צו שטעלן אין שאָטן. עס האָט זיך ממש אין איר פּערזאָן אַ ייִדישע מוזע אַראָפּגעלאָזט פֿון די הימלען. דאָס איז דאָך די קונסט אין אַ ווײַבערישער ספּודניצע[1]. און וואָסער ספּודניצע! סאַמע שמן־זית און תּורה־מענטעלעך.

פּרץ האָט זיך תּמיד אַרומגעטראָגן מיט גרויסע פּלענער. ער איז באמת געווען דער פּיאָנער פֿון יעדן ייִדישן שאַפֿן. אין יענע צײַטן האָט זיך פּרץ אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן וועגן אַ מאָדערן ייִדיש טעאַטער. עפּעס אַזוינס ווי אַ ייִדיש קאַמערשפּיל, וואָס זאָל אַרויסטראָגן אויף די ברעטער זײַנע, פּרצעס, דראַמאַטישע זעונגען. אויך דאָ זײַנען קראַטקע און טאָטשע געקומען ווי אַן אַנטפּלעקונג. ס'האָט געהייסן, אַז טאָטשע איז אַ גרויסע מאָדערנע שוישפּילערין. קראַטקע האָט געהאַט פּלענער וועגן די דעקאָראַציעס פֿון אַ נאַציאָנאַל ייִדיש טעאַטער אין הויכן און פֿאַרטיפֿטן סטיל. אַזוי צו זאָגן, די טײַז רויט פֿאַר אַ מאָדערנער ייִדישער בינע זײַנען כּמעט ווי אַראָפּגעפֿאַלן פֿון דאַך, און ס'גייט נאָר אין צוזאַמענשטעלן אַ טרופּע.

אין פּוילן האָבן זיך אין אַלע שטעט און שטעטלעך געגרינדעט ליבהאָבער־טרופּעס, ווו יונגע־לײַט און מיידלעך האָבן געפּרוווט שפּילן די בעסערע ליטעראַרישע דראַמעס פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. אויך אין וואַרשע איז געווען אַ ליבהאָבער־טרופּע. זי האָט

---

[1] קלייד (נאָך דער טאַליע).

מיט גרויס דערפֿאָלג געשפּילט פּרצן, שלום אַשן, פּרץ הירשביינען און שלום עליכמען. דער שטערן פֿון דער דאָזיקער טרופּע איז געווען מאַרק שווייד. ער האָט אויך געשריבן לידער און פֿלעגט אַרויפֿקומען צו פּרצן. אויף אָט דעם שווייד האָט מען אָנגעהויבן צו קוקן ווי אויף דעם מעגלעכן פּאַרטנער פֿאַר טאָטשען אין דעם נײַעם עקספּערימענטירנדיקן ייִדישן קאַמערשפּיל. צווישן דער יוגנט אין וואַרשע האָט זיך באַלד פֿאַרשפּרייט, אַז פּרץ זוכט יונגע שויַ־שפּילערס און שוישפּילערינס פֿאַר זײַנער אַ טרופּע. אַחוץ יונגע־לײַט, וואָס זײַנען אַרויפֿגעקומען צו פּרצן אים ווײַזן זייערע כּתבֿים, האָבן זיך אָנגעהויבן באַווײַזן יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבן געגלויבט צו האָבן שוישפּילערישן טאַלאַנט.

די אַרבעט איז געווען אַ גרויסע. דאָ איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ נײַע הילף פֿון די הימלען. אין פּרצעס שטוב האָט זיך מיט אַ מאָל באַ־וויזן אַן אַמעריקאַנער: ז. ווענדראָף. מיט וואָס ז. ווענדראָף איז געווען אַן אַמעריקאַנער — איז שווער צו זאָגן. סך־הכּל איז ער געווען אַ געשמאַקער און פֿיפֿיקער ליטוואַק מיט אַ סך לומדישן וויץ און מיט אַ גוטער זשורנאַליסטישער פֿעדער. ער איז געווען אויסגעקאָכט אין ייִדישע צרות פֿון „פּראַוואָזשיטיעלסטוואָ״. פֿון די דאָזיקע צרות האָט ער געוווּסט צו שרײַבן און צו דערציילן זייער פֿריילעכע מעשׂיות. מיט אַמעריקע האָט ער געהאַט צו טאָן אַזוי פֿיל, וויפֿל אַ סלאָבאָדקער ישיבֿה־בחור. פֿאַרט איז ער צו פּרצן געקומען פֿון ניו־יאָרק. ווי לאַנג ז. ווענדראָף האָט פֿאַרבראַכט אין דער גאָלדענער מדינה — ווייס איך נישט. אָבער ער איז געקומען פֿון דאָרט אַן אויסגעדאַרטער, אַן אָפּגעראַזירטער, ווי מען וואָלט אים דאָס פּנים אָפּגעשאָבן, כּדי ער זאָל אויסקוקן ווי אַ סריס, און מיט קעסטלדיקע ענגלישע הויזן, מיט אַ האַרטן קאַפּעליוש פֿון אַ דענדי און מיט דאַרע ליטווישע פֿינגער, וואָס זײַנען געווען באַ־זעצט מיט גראָבע גאָלדענע פֿינגערלעך. ער האָט געשפּילט פֿאַר אונדז דעם אַמעריקאַנער אָלרײַטניק, דערציילט פֿון די „עלעוויי־טערס״ אין ניו־יאָרק און פֿון די ייִדישע רעסטאָראַנען אויף דער

איסט־סײַד. דערצו צײַטנווײַז — ווען ער איז געווען אין אַ באַזונדער גוטער שטימונג — האָט ער ליב געהאַט צוצומישן צו זײַן שאַרפֿן ליטווישן ייִדיש עטלעכע ענגלישע אויסדרוקן. אַט מיט דעם באַגאַזש האָט ז. ווענדראָף רעפּרעזענטירט אַמעריקע.

אַז ז. ווענדראָף האָט געהערט, ווי עס קאָכט זיך בײַ פּרצן מיט די פּלענער פֿון אַ נײַ ייִדיש טעאַטער, האָט ער מיט אַ מאָל אָנגעהויבן ווײַזן ווילדע בקיאות אין טעאַטער־לעבן פֿון אַמעריקע. ער האָט כּמעט ווי געוווינט דאָרט הינטער די קוליסן און איז אויס־געקניפּט און אויסגעבונדן מיט אַלע סטאַרן און סטאַרקעס פֿון דער ייִדישער בינע אין ניו־יאָרק. הכּלל, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ז. ווענדראָף איז פּשוט דער געבענטשטער קאַנדידאַט אויף דירעק־טאָר אינעם נײַעם טעאַטער. ז. ווענדראָפֿן — אַ גוטמוטיקער און פּיפּיקער ליטוואַק, וואָס האָט אַלצדינג גענומען פֿון דער לײַכטער זײַט — איז געפֿעלן געוואָרן די יאַרמלקע, וואָס מען האָט אים אומ־געריכטערהייט אָנגעטאָן און ער האָט געזאָגט צו פּרצן, אַז מירצע־שעם, נאָך דעם ווי די ערשטע פֿאָרשטעלונג וועט אַדורכגיין בשלום, קויפֿט ער זיך אַ גרויען צילינדער, ווי דער אָנקל סעם, און לאָזט זיך אין אַזאַ צילינדער איבער וואַרשעווער גאַסן, כּדי ייִדן זאָלן זען וואָס עס הייסט אַן אַמעריקאַנער דירעקטאָר.

מיטן טעאַטער האָט מען זיך לאַנג אַרומגעפּאָרעט און עס איז עפּעס נישט געגאַנגען. דערווײַל האָט זיך קראַטקע מיט טאַטשען אַרויפֿגעצויגן אויף אַ בוידעם ערגעץ אין די העכסטע הײַזער אויפֿן גזשיבאָוו און דאָרטן אײַנגעאָרדנט דעם ערשטן ייִדישן קינסטלער־אַטעליע אין וואַרשע. די בוידעם־פֿענצטער פֿון קראַטקעס אַטעליע זײַנען אַרויסגעגאַנגען אויף איינעם פֿון די באַלעבאַטסטע און גרעס־טע גזשיבאָווער הייף. ס׳איז געווען אַ הויף, וואָס האָט זיך געצויגן קווער פֿון פּאַנסקאַ ביז גזשיבאָוו און איז געווען אַליין פֿאַר זיך אַ וואַרשע אין מיניאַטור. ס׳איז דאָרט תּמיד געווען אַ מאַרק מיט בײַדלעך און מיט קראָמען, אַ הויף פֿול מיט יאַטקעס און מיט פֿיש־געוועלבן. אַפֿילו בלעכער און שמידן האָבן דאָרטן געאַרבעט. ס׳האָט

זיך געהערט דאָס קלאַפּן פֿון האַמערס באַגלײַך מיטן אומאויפֿהערלעכן געשריי פֿון ייִדן און ייִדענעס. און בעלי־עגלות זײַנען דאָרט אַרײַנגעפֿאָרן מיט זייערע וועגענער, אויסגעלאָדן און אָנגעלאָדן סחורות. דער הויף האָט גערוישט און געווימלט ווי פֿון אַ ים מיט מענטשן. אויף קראַטקעס בוידעם האָט זיך עס אָבער געהערט ווי אַ ווײַטער, ווײַטער געברום. דאָ האָט דאָס ליכט אַרײַנגעשפּאַרט פֿון אַלע שפּאַרונעס און ס׳האָבן זיך געזען די ווײַטע פֿליינען פֿון וואַרשעווער דעכער. קראַטקעס בוידעם איז געווען אויסגעהאָנגען מיט צייכענונגען, וואָס נישט בלויז די מענטשלעכע פֿיגורן האָבן אַראָפּגעקוקט ווי סטיליזירטע טאָטשעס, נײַערט אַפֿילו די אַלערליי הערשעלעך, ציגעלעך און העזעלעך האָבן אַלע היפּשלעך געכאַפּט טאָטשעס אָנבליק. זיי האָבן אויסגעקוקט ווי טאָטשע אין דער געשטאַלט פֿון אַנימאַלישע באַשעפֿענישן. אַחוץ דעם איז דער אַטעליע געווען אָנגעשטעלט מיט אַלערליי סקולפּטורן, וואָס קראַטקע האָט געהאַלטן אין מיטן אַרבעטן. די נאָך נישט אויסגעפֿאַרטיקטע פֿיגורן אין ליימצושטאַנד זײַנען געווען באַהאָנגען און באַוויקלט מיט נאַסע שמאַטעס און טיכער. אויפֿן דיל אין קראַטקעס בוידעם האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט אַלערליי גיפּסקעפּ, גיפּסקערפּערס און אָפּגעהאַקטע אבֿרים פֿון גיפּס. פֿון אַלעם האָבן אַרויסגעקוקט טאָטשעס בליקן.

טאָטשע האָט זיך אָפּגעטיילט אַ שטיקל אָרט אויפֿן בוידעם פֿאַר זיך אַליין פֿאַר אַ בודואַר צי שלאָפֿשטוב. זי האָט עס פֿאַרהאָנגען מיט אַלטע טערקישע טיכער און מיט געלע צעריסענע בראָקאַטן, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פֿון ירושלים. אינעווייניק, אין טאָטשעס בודואַר, אויפֿן בוידעם, איז געווען תּמיד אַ האַלב־טונקלעניש, וואָס איז געווען שווער באַלויכטן מיט אייל־פֿלעמעלעך, וועלכע האָבן מיסטיש געפֿלאַקערט אין אַלערליי חנוכּה־לעמפּלעך, וואָס מען געפֿינט מאַסנווײַז אין דער ערד פֿון ארץ־ישׂראל און וואָס האָבן נאָך געלויכטן אַמאָל, בײַ די אַלטע ייִדן פֿאַרן ערשטן און צווייטן חורבן. די דאָזיקע אַלטע ייִדישע לעמפּלעך האָבן פֿון דאָס נײַ אויפֿגעלויכטן אין דער טונקלעניש פֿון טאָטשעס בודואַר. אַחוץ דעם

זײַנען סתּם אָנגעשטעלט געווען קעפּ און קעפּלעך, געטשלעך פֿון כּנענישע עבֿודה־זרות, וואָס קראַטקע האָט מיטגעבראַכט פֿון ארץ־ישׂראל. טאָטשעס בעט האָט גיכער אויסגעקוקט ווי אַ „מיטה" אײ־דער ווי אַ בעט און עס איז געווען באַגלייט און באַהאָנגען מיט פּרוכתן און אָריענטאַלישע טיכער. ס'האָט זיך עפּעס גאָר נישט צוגעגלויבט, אַז טאָטשע לייגט זיך טאַקע שלאָפֿן אויף דעם דאָזיקן אויסטערלישן און אומהיימלעכן געלעגער.

כּדי צו פֿאַרווירקלעכן זײַנע פּלענער, וואָס שייך די אָרנאַמענטן אויף ייִדישע ביכער און די דעקאָראַציעס פֿאַרן טעאַטער, ווי טאָטשע האָט באַדאַרפֿט שפּילן, האָט זיך קראַטקע פֿאַרשאַפֿט אַלערליי לעבעדיקע העזעלעך און קראָליקלעך, ווי אויך עטלעכע ווײַסע הענער, וואָס זאָלן אים דינען ווי מאָדעלן פֿאַר זײַנע צייכענונגען און קאָמפּליקאַציעס. צווישן די אָפּגעהאַקטע קעפּ און טאָרסאָס אויפֿן דיל זײַנען אַרומגעשפּרונגען העזעלעך און קראָליקלעך. די ווײַסע הענער האָבן האָפֿערדיק געפּיקט אין די קונסטווערק. צו דעם האָט זיך קראַטקע פֿאַרשאַפֿט אַ לעבעדיק ווײַס ציגעלע. ער האָט עס באַדאַרפֿט האָבן ווי אַ מאָדעל פֿאַר זײַנער אַ נײַער גרויסער קאָמפּאָזיציע און טאַקע פֿאַר די דעקאָראַציעס פֿון פּרצעס טעאַטער. דאָס ציגעלע איז געווען אַ האָפֿערדיקס — עס האָט אַלעמען שקאָציש געשטויסן מיט זײַנע הערנערלעך און גאָר פֿריילעך געמעקעט אין קראַטקעס אַטעליע. ווען עס איז מיד געוואָרן, האָט עס זיך באַזונדערס ליב געהאַט אָנווקצולייגן אויף דער אומהיימלעכער „מיטה" אין טאָטשעס בודואַר. מיר אַלע האָבן אָט דאָס ציגעלע זייער ליב געהאַט און עס איז געוואָרן ווי אַ טייל פֿון דער ייִדישער קינסטלער־ און שרײַבער־משפּחה, וואָס פֿלעגט אַרויפֿקומען צן קראַטקען, דאָס ציגעלע האָט אַזוי ווײַט פֿאַרנומען טאָטשעס פֿאַנטאַזיע, אַז זי האָט אויך מיט דעם אָנגעהויבן צו שפּילן טעאַטער. אין אַ שיינעם אויפֿדערנאַכט, ווען קיינער איז נישט געווען אין אַטעליע, האָט זי גענומען אַ טאָפּ מיט גאָלדפֿאַרב און דאָס קליינע ווײַסע ציגעלע אָפּגעפֿאַרבט אויף גאָלד. זי האָט געוואָלט דווקא האָבן אַ גאָלדן ציגע־

לע. אַ ציגעלע פֿון די געזאַנגען און לידער. טאָטשע האָט ווייניק געקאָנט נאַטור־וויסנשאַפֿט און נישט געוווּסט, אַז מיט דעם אָפּ־שמירן אויף גאָלד פֿאַרשטופּט זי אַלע אָטעם־לעכלעך פֿון ציגעלעס פֿעל. טאָטשע האָט זיך געלייגט שלאָפֿן אויף דער „מיטה" און אויס־געשלאָפֿן אַלע מיסטעריעזע איילפֿלעמלעך בײַ זיך אין בודואַר. טאָ־טשע איז אײַנגעשלאָפֿן און מן מסתּם געחלומט פֿונעם גאָלדענעם ציגעלע. צו מאָרגנס איז דאָס ציגעלע געלעגן אַ טויטע צווישן די קונסטווערק אין קראַטקעס אַטעליע. אַ טויט גאָלדן ציגעלע.

דער טרויער אין קראַטקעס בוידעם איז געווען אומבאַשרײַב־לעך. טאָטשע האָט זיך פֿאַרהילט אין טיפֿן שוואַרץ. זיך אַנידערגע־זעצט אויף דער ערד נעבן טויטן גאָלדענעם ציגעלע און אָנגעהויבן דאָס גרויסע געוויין אין ריטעם פֿון אַן אַלטן גריכישן כאָר.

פּרץ און יעקב דינעזאָן. — דינעזאָנס פּאָפּולאַריטעט אין תּפֿוצות יש־ראל. — וואָס הייסט: קעמפֿן קעגן פּרצן ?. — דינעזאָנס באַציִונג צו ייִדישע שרײַבערס. — בײַ דינעזאָנען אין שטוב אויף דזשעלנע.

פֿון די סטאַבילע מענטשן, וואָס פֿלעגן אַרויפֿקומען צו פּרצן — און זיי האָבן באַלאַנגט כּמעט ווי צו פּרצעס משפּחה און אײַנ־טיילגענומען אין אַלע אירע פֿריידן און זאָרגן — איז געווען יעקבֿ דינעזאָן.

די טיפֿע איבערגעגעבענע ברידערלעכע פֿרײַנדשאַפֿט פֿון יעקבֿ דינעזאָנען צו פּרצן האָט געקענט דינען פֿאַר אַ מוסטער, ווי אַזוי אין שרײַפֿטשטעלער קאָן האָבן צום אַנדערן די איבערגעגעבנסטע באַציִונג. פֿאַרערונג און פֿרײַנדשאַפֿט, וואָס גרענעצט פּשוט מיט זעלבסטלאָזיקייט — און דאָס זײַנען געווען די באַציִונגען פֿון דינע־זאָנען צו פּרצן. מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז ווען פּרץ איז אַרײַנ־געקומען אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז דינעזאָן געשטאַנען אויף די הויכעניש פֿון זײַן רום. ער איז געווען אַ פֿאָלקשרײַבער אין

פֿולן זין פֿון וואָרט. די ייִדישע מאַסע האָט זיך בוכשטעבלעך מיטגעפֿרייט, מיטגעפֿרייט און מיטגעוויינט מיט די שׂמחות און ליידן פֿון דינעזאָנס העלדן. הגם געליטן האָבן זיי — דינעזאָנס העלדן — מיט פֿולע עמערס און די שׂמחות זײַנען בײַ זיי געווען אַזוינע זעלטענע און אַזוינע ווינציקע. ווען עס האָט זיך באַוויזן דינעזאָנס ראָמאַן „דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק“, האָבן זיך קיין שום שוואַרצע יונגערמאַנטשיקלעך נישט געטאָרט באַװײַזן אין כּל תּפֿוצות ישׂראל. די ייִדישע מאַסע האָט זיי געשלאָגן אויף די גאַסן. ווען עס האָט זיך באַוויזן „יאָסעלע“ — איז אין ייִדישע שטובן געווען אַ גרויס געוויין. דאָס רחמנות אויפֿן עלנטן יתום האָט צוגעדריקט טויזנטער ייִדישע הערצער. אײנעם געמיט פֿון דער ייִדישער מאַסע האָט דער נאָמען דינעזאָן געקלונגען ממש ווי אַ לעגענדע פֿול מיט טרויער, מיט רחמנות און מיט ליבשאַפֿט. פֿון דעסט וועגן — ווי באַלד פּרץ האָט זיך נאָר באַוויזן אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָט דינעזאָן אָנגעהויבן אָנערקענען, אַז דאָ קומט דער גרעסערער ברודער, דער מענטש פֿון דער צוקונפֿט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, און ער האָט באַלד זיך אָנגעהויבן אַראָפּרוקן אויפֿן צווייטן אָרט און גרייטן דעם אויבנאָן פֿאַר פּרצן.

ווען איך האָב באַגעגנט דינעזאָנען, איז ער שוין געווען אַן אַלטער און אַ ווײַסער ווי אַ טויב. ער איז געווען דראָבנע ווי אַ ייִנגעלע. ער האָט געטראָגן אַ שפּיציק גרוי בערדעלע און היפּשע דיקע וואָנצעס, און האָט געהאַט אַ פּאָר גוטע לאַכנדיקע אויגן. ער האָט גיכער אויסגעקוקט ווי אַ ייִנגעלע, וואָס איז גרוי און אַלט געוואָרן. איך ווייס נישט, צי ער איז עלטער געווען פֿון פּרצן. נאָר אַזוי ווי פּרץ האָט געשוימט מיט יוגנטלעכקייט, האָט אים אויך דאָ דינעזאָן אָפּגעטראָטן דאָס אָרט. ער האָט נישט געוואָלט אויסקוקן יונג נעבן פּרצן. אומעטום האָט דינעזאָן געוואָלט אָפּגעבן פּרצן די קרוין און דעם אויבנאָן. ער, יעקבֿ דינעזאָן, דאַרף נישט מער טאָן, נאָר מיט דער טיפֿסטער איבערגעגעבנקייט אָפּהיטן די דאָזיקע קרוין פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, אַז עס זאָל, חלילה, אויף איר

נישט פֿאַלן קיין שטויבעלע. ער איז קיין מאָל נישט מוחל געווען, ווען עמעצער האָט געפּרוווט אויף דאָס מינדסטע מינערן פּרצעס חשיבֿות. דעריבער האָט דעם אייגנטלעכן ברוגז מיט דוד פֿריש־מאַנען געפֿירט יעקבֿ דינעזאָן. פּרץ איז בכלל נישט געווען קיין נוקם ונוטר. ער האָט פֿאַרגעסן אָן עוולה און גענומען לײַכט די פֿײַלן, וואָס דוד פֿרישמאַן שיסט אויף אים. יעקבֿ דינעזאָן האָט עס אָבער נישט געקאָנט מוחל זײַן. וואָס הייסט? לאָ די מען בוקט זיך נישט פֿאַר פּרצן, האָט מען גאָר די העזה אויף אים צו זאָגן שלעכטע ווערטער?

אַזוי האָט זיך יעקבֿ דינעזאָן פֿאַמעלעכל פֿאַרוואַנדלט אין אַ זאָרגעוודיקער מאַמע פֿאַר פּרצן. ער האָט געזאָרגט פֿאַר זײַן כּבֿוד, פֿאַר זײַנע אַרבעטן, ווי אויך פֿאַר פּרצעס פּרנסה און הצטרכותן. דינעזאָן האָט אַלצדינג געמוזט וויסן, וואָס עס טוט זיך בײַ פּרצן אין שטוב. די מאַדאַם פּרץ פֿלעגט זיך מיט אים וועגן אַלצדינג אויסשמועסן, און ער האָט זיך געזאָרגט און געזאָגט דעות. ווען ער האָט נאָר געהאַט צײַט, איז ער געזעסן בײַ פּרצעס טיש און געמאַכט פֿאַר אים פּאַפּיראָסן. שפּעטער־לאַנג האָט דינעזאָן געקאָנט מאַכן פּרצעס פּאַפּיראָסן און דאָס איז געווען פֿאַר אים דער גרעס־טער אָפּרו. ער האָט דעמאָלט גערעדט מיט פּרצן, צי מיט דער מאַדאַם פּרץ וועגן אַלערליי היימישע און שטוביקע ענינים, אָדער גאָר געהאָרכט אַ נײַע זאַך, וואָס פּרץ האָט אָקערשט וואָס געהאַט אָנגעשריבן. פּרץ האָט אים אַלצדינג פֿאָרגעלייענט און דינעזאָן האָט תּמיד אויסגעדריקט זײַן התפּעלות און געזאָגט, אַז אַזוינס און אַזעלכעס איז נאָך נישט אָנגעשריבן געוואָרן. כ׳האָב קיין מאָל נישט געהערט, אַז דינעזאָן זאָל עפּעס קריטיקירן וואָס פּרץ האָט אָנגע־שריבן. אַלצדינג, וואָס איז אַרויס פֿון פּרצעס פֿעדער, איז אין דינעזאָנס אויגן געווען לויטער גינגאָלד. די נעמלעכע באַציִונג האָט ער געהאַט צו די ייִדישע שרײַבערס, וואָס פֿלעגן אַרויפֿקומען צו פּרצן. דינעזאָן האָט נאָר איבערגעחזרט וועגן זיי פּרצעס מיינונג און געהאַט צו זיי די זעלביקע באַציִונג וואָס פּרץ. ער האָט געלויבט

און ליב געהאַט די יעניקע ייִדישע שרײַבשטעלערס, וועלכע פּרץ האָט געלויבט און ליב געהאַט. ווען פּרץ איז געווען צו עמעצן קאַלט, איז אויך דינעזאָנס באַציִונג געווען אַ קאַלטע. מען האָט נאָר באַדאַרפֿט ריידן מיט דינעזאָנען וועגן אַ שרײַבער און מען האָט באַלד געוווּסט ווי עס טראַכט פּרץ.

פּרץ איז געווען זייער אַן איידעלער מענטש און ער האָט געוווּסט אָפּצושאַצן די חבֿרישע און פֿאָטערלעכע איבערגעגעבנקייט. איך האָב קיין מאָל נישט געהערט, אַז פּרץ זאָל ווען עס איז ריידן וועגן דינעזאָנס שאַפֿונגען. משמעות האָט ער וועגן זיי נישט געהאַט קיין געהויבענע מיינונג. אָבער ווען עמעצער האָט גערימט דינעזאָנען און דערציילט פֿון זײַן פּאָפּולאַריטעט בײַ די פּשוטע פֿאָלקסמענטשן, האָט פּרץ צופֿרידן געשמייכלט און דערפֿון געהאַט גרויס הנאה. איין מאָל בלויז — דוכט זיך עפּעס בײַ דינעזאָנס אַ יובֿילײ — האָט פּרץ אָנגעשריבן אַן עסיי „דינעזאָן דער מאָראַליסט“, אין וועלכן מען זעט פּרצעס טיפֿע דאַנקבאַרע ליבשאַפֿט צו דינעזאָנען. סתּם אַזוי האָט ער אים גערופֿן „אַלטער“ און זיך פֿאַר אים אַלצדינג אָנפֿאַרטרויט. טייל מאָל — גיט זייער אָפֿט — פֿלעגט פּרץ באַזוכן דינעזאָנען. דינעזאָן איז געווען אַן אַלטער בחור, דוכט זיך אַ קרבן פֿון אַן אומגליקלעכער ליבע, וועלכע דינעזאָן האָט געהאַלטן אין טיפֿן בסוד ווי זײַנס אַ הייליקטום. מן הסתּם האָט נענטערע פּרטים געוווּסט בלויז פּרץ אַליין. ער האָט געוווינט, יעקבֿ דינעזאָן, אין אַ שטיבל אויף דזשעלנע 15, בשכנות מיט זײַנער אַ שוועסטער. דאָס שטיבל האָט קיין מאָל נישט געמוזט אויסגעקערט ווערן. אַ שטיבל מיט אָפּגעריסענע ווענט און מיט פֿענצטער אָן שום פֿאָרהאַנגען. די פֿענצטער זײַנען אַרויסגעגאַנגען אויפֿן הויף. אינעווייניק, אין דינעזאָנס חדר — אין וועלכן ער האָט געוווינט כּמעט דאָס גאַנצע לעבן זײַנס — איז געווען פֿול מיט שטויב און מיט גאַנצע שטויסן פֿון אַלטע צײַטונגען. עס איז שווער געווען דאָרט צו אָטעמען, מחמת דעם שטויב און דעם אַלטן פּאַפּיר. בײַ נאַכט, ווען דינעזאָן איז געשלאָפֿן, האָבן מן הסתּם די מײַז דאָרט

געפּראַוועט שוואַרץ־שבת און אַרומגעטאַנצט אויף טיש און אויף בענק. דאָס איז געווען יעקבֿ דינעזאָנס היים. די היים פֿון אַן אַלטן בחור. ווען פּרץ פֿלעגט דאָרט אַ מאָל אַרײַנקומען, האָט זיך דינעזאָנס פּנים צעלויכטן און ער האָט אים אויפֿגענומען ווי דעם טײַערסטן און זעלטענעם גאַסט, וועמען ער האָט שוין נישט געזען פֿון יאָרן. דינעזאָן האָט זיך באַלד אָנגעהויבן צו פּאָרען בײַ זײַן פֿאַרזשאַווערטער נאַפּט־מאַשינקע, כּדי צו מאַכן טיי און מכבד זײַן דעם פֿאַרערטן גאַסט. ווען פּרץ האָט אַ מאָל מיטגענומען צו דינעזאָנען עמעצן פֿון זײַנע מקורבֿים, איז עס בײַ דינעזאָנען געווען גאָר אָנגעלייגט און ער האָט נישט געוווסט וואָס צו טאָן, פֿון גרויס איבעראַשונג. ער האָט מיט אַ שמאַטקעלע אָפּגעווישט דעם שטויב, וואָס איז פֿול געווען אויף אַלע שטולן און מכבד געווען די געסט צו זיצן און צו טרינקען טיי. אויך מיך האָט פּרץ עטלעכע מאָל מיטגענומען צו דינעזאָנען. דינעזאָנס באַציִונג צו מיר איז געווען זייער אַ וואַרעמע. עס איז געגוג געווען פּרצעס באַציִונג צו מיר, כּדי דינעזאָן זאָל האָבן די זעלביקע באַציִונג.

פון 6טן בוך

שמועות פון פוילן. — די דײַטשן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. — דײַטשישע ראַבינערס. — דער „בונד“. — פון דעם אַלגעמיינעם חושך שיסט עס אַרויס מיט נײַע גבירים ווי מיט גאָלדענע ראַקעטן.

אייראָפּע האָט געפֿלאַקערט אין פֿעלקער־שלאַכטן. פוילן איז געלעגן ווײַט הינטער די פֿײַערן ווי הינטער אַ ברענענדיקן שלייער. פֿון דאָרט זײַנען כּסדר אָנגעקומען ידיעות. טרויעריקע און טראַגישע ידיעות וועגן הונגער און טויט. עס איז אויך אָנגעקומען די

טרויעריקע בשׂורה, אַז פּרץ איז געשטאָרבן. אָבער אויך ידיעות, וואָס האָבן געשלאָגן מיט טיפֿער האָפֿערדיקייט און גלויבן. ידיעות פֿון מוט און באַנײַונג. דער פֿרילינג, וואָס האָט זיך מיט אַזוי פֿיל אימפּעט גענומען אַדורכברעכן דורך די חורבֿות, האָט דערגרייכט צו אונדז, קיין שווייץ, ווי אַ פֿריידיקע בשׂורה. ווי מערקווערדיק זײַנען די וועגן פֿון שיקזאַל אויף די פּליינען פֿון דער געשיכטע! די דײַטשן האָבן מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער אויסגעראָטן אויפֿן אַכזריותדיקסטן אופֿן דאָס יידישע פֿאָלק אין פּוילן. די זעלביקע דײַטשן האָבן דעמאָלט גאָר צוגעהאָלפֿן צו ברענגען די נײַע האָפֿענונגפֿולע תּקופֿה אין יידישן לעבן אין פּוילן. די רוסישע ממשלה איז במשך פֿון הונדערט און פֿופֿציק יאָר געלעגן איבער פּוילן ווי אַ שווערע און פֿינצטערע פֿויסט. זי איז אָפּגעווישט געוואָרן פֿון דער נעמלעכער דײַטשישער שווערד, וואָס האָט מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער געטראָגן אויף זיך די פֿינצטערסטע בלוטדאָרשטיקייט פֿון דער חיה, וואָס איז נאָך פֿאַרבליבן אינעם מענטש. פּוילן האָט במשך דער רוסישער הערשאַפֿט אין גאַנצן באַלאַנגט צום קולטורקרײַז פֿון מזרח. זי האָט אויפֿגעהאַלטן אין זיך די פֿאָרמען פֿון יידישקייט, ווי אַזוי זיי האָבן זיך במשך אַ סך הונדערטער יאָר אויסגעשטאַלטיקט אין דער מיליאָניקער געמיינשאַפֿט פֿון יידן אין די מזרח־סלאַווישע לענדער. דורך דער דײַטשישער אינוואַזיע האָט זיך פּוילן מיט אַ מאָל און מיט אימפּעט איבערגעקערט צו מערבֿ. אַלצדינג האָט זיך ראַש געביטן. אַפֿילו די אָרטאָדאָקסיע האָט זיך געביטן. די אָרטאָדאָקסיע אין פּוילן האָט אויף דעם עקשנותדיקסטן אופֿן אויפֿגעהאַלטן איר לעבן־שטייגער במשך לאַנגע, לאַנגע צײַטן. זי האָט נישט געוואָלט אײַנגיין אויף קיין פּשרות און אין אירע רייען מקפּיד געווען אויפֿן קלענסטן קוצו של יוד און דעם מינדסטן בענדל פֿון אַ שוך. מיט אַ מאָל האָט אויך די אָרטאָדאָקסיע זיך אַ וואַקל געטאָן און אויפֿגעפּראַלט אַ פֿענצטער צו מערבֿ. די דײַטשישע רבנים זײַנען פֿון תּמיד פֿון פֿרומע פּוילישע יידן באַטראַכט געוואָרן סך־הכּל ווי האַלבפֿרומע יידן, און דאָס מחמת דעם ווײַל

דײַטשישע רבנים ריידן גויִיש, טראָגן קורצע מלבושים און שערן זיך אונטער די בערדלעך. אין פּוילן האָט מען נישט געהאַט קיין אמונה אין דײַטשישער פֿרומקייט און אין דײַטשישער לומדות. פּוילישע ייִדן האָבן נישט געוווּסט פֿון קיין קונצן. עס איז פֿאַראַן נאָר איין נוסח פֿון פֿרומער ייִדישקייט, און דאָס איז נוסח־פּוילן. פּוילישע ייִדן האָבן אַמאָל געטראָפֿן דײַטשישע רבנים אין די אויסלענדישע וואַרעם־בעדער און זיך נישט איין מאָל געחידושט צו הערן פֿון אָט די האַלבע גויִים אַ גמרא־וואָרט צי גאָר אַן אָפּגעהיטנקייט אין ייִדישן דין. אין דער מלחמה־צײַט זײַנען די דײַטשישע רבנים געקומען קיין פּוילן צוזאַמען מיט די זיגרײַכע דײַטשישע אַרמייען. זיי זײַנען געקומען ווי ייִדן מקורבֿים פֿון נײַעם מלכות. מלכות איז פֿון תּמיד אָן געווען אַן אַטראַקציע פֿאַר פּוילישע פֿרומע ייִדן. די רבנים אין די קורצע רעקלעך פֿון אַשכּנז האָבן גענומען באַלעבאַטעווען אין די „הויכע פֿענצטער" פֿון פּוילישע חסידים. די אַלטע פֿעסטע מויער האָט זיך געבראָכן. די ייִדישע אָרטאָדאָקסיע האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן אין אַ מאָדערנער פּאַרטיי — „אַגודת שלומי אמוני ישׂראל". אַ פּאַרטיי לויט אַ מערבֿ־אייראָפּעיִשן מוסטער. אָ, ווען ר' יואל וועגמײַסטער וואָלט אויפֿגעשטאַנען פֿון זײַן קבֿר און געזען, וואָס פּוילישע חסידים האָבן געמאַכט פֿון די פּאַרצײַטישע חדרים, וועלכע ער, ר' יואל, האָט מיט אַזוי פֿיל שתּדלנות און קערבלעך אָפּגעשריגן בײַם רוסישן מלכות! ר' יואל וואָלט זיכער נישט דערקענט די חסידים און דעם גערער „הויף". חסידים אַליין האָבן אָנגעהויבן מאַכן פֿרומע „שקאָלעס" און מאָדערניזירט די חדרים. אמת, דערפֿאַר וואַקסן נאָך די פּיאות בײַ אַ טייל פֿון דער חסידישער יוגנט, אָבער אומעטום דערקענט מען די השפּעות פֿון די צוויי דײַטשישע רבנים קאַן און קאַרלבאַך. הגם זיי האָבן שפּעטער געמוזט פֿאַרלאָזן פּוילן צוזאַמען מיט די געשלאָגענע דײַטשישע אַרמייען, אָבער זיי האָבן הינטער זיך איבערגעלאָזט אַלערליי אונטערגעשוירענע בערדלעך, וואָס זײַנען גאָר געוואָרן גאַנצע פּירערס בײַ דער אָרגאַניזירטער אַגודה. די צײַטן האָבן זיך שטאַרק געביטן

פֿאַר די „אונטערגעשווירענע בערדלעך" צווישן פּוילישע חסידים, מע האָט זיי מער נישט אַרויסגעוואָרפֿן פֿון די שטיבלעך ווי אין די גוטע און פֿרומע יאָרן פֿאַר דער מלחמה. דאָס אַלץ האָבן מיר געהערט אין דער שווייץ.

ס'איז אויך אָנגעקומען די ידיעה, אַז דאָס ביז איצט גרויסע ראָמאַנטישע געהיימעניש, דער „בונד", האָט זיך אַנטפּלעקט ווי אַ מעכטיקער כּוח אין דער ייִדישער עפֿנטלעכקייט אין פּוילן. פֿאַר דער מלחמה איז דער „בונד" ווי אַ העראָישע בשׂורה געלעגן באַהאַלטן אין די אונטערערדישקייטן פֿון ייִדישן לעבן. פֿון דאָרט האָט ער געפֿירט אַן אומאויפֿהערלעכן קאַמף פֿאַר דער סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער באַפֿרײַונג פֿון די ייִדישע מאַסן. דער בונדישער קאַמף פֿאַר ייִדישער רעכטלעכקייט איז געפֿירט געוואָרן פֿון פֿאַנטאַסטישע אַנאָנימען, וועלכע קיינער האָט נישט געזען. מען האָט בלויז געפֿילט זייער רעוואָלוציאָנערע ווירקונג. אָט די פֿירנדיקע רעוואָלוציאָנערע אַנאָנימען פֿון ייִדישן סאָציאַליזם זײַנען אין נײַעם פּוילן אַרויסגעקומען אויף דער אייבערפֿלאַך. אַלע ווייסן איצטער זייערע ריכטיקע רומפֿולע נעמען און זיי נעמען מיטן גרעסטן ברען אַן אײַנטייל אין דעם נײַעם זיך אויפֿבויענדיקן ייִדישן לעבן. אויך אַנדערע פּאַרטייען זײַנען אַנטשטאַנען. עס קאָכט אין ייִדישן לעבן מיט נײַקייטן.

עס זײַנען אויך אַהער געקומען (קיין שווייץ) נעמען פֿון נײַע ייִדישע גבֿירים אין פּוילן. נעמען, וועלכע קיינער האָט קיין מאָל נישט געקאָנט און פֿון זיי נישט געהערט. זיי זײַנען אַרויסגעשאָסן געוואָרן פֿון דער אומבאַקאַנטקייט ווי גאָלדענע ראַקעטן. אין מיטן פֿון דער אָרעמקייט פֿון דער מלחמה פֿליסט די שפֿע פֿון די נײַע גבֿירים פֿון טויזנט קוואַלן. אין דער נאַכט לײַכט זייער מזל און פֿולט־אָן זייערע קעשענעס מיט מיליאָנען. די פֿאַרמעגנס, אויף וועלכע די אַלטע ייִדישע גבֿירים האָבן געהאָרעוועט יאָרן און יאָרן — און דורות האָבן זיי געזאַמלט — קומט זיי אָן, די נײַע גבֿירים, גרינג ווי די פֿייגעלעך. אין דער נײַער שפֿע האָבן טאָקע

די אַלטע ייִדישע גבֿירים אין פּוילן כּמעט אַלע פֿאַרלוירן זייער פֿאַרמעגן און זייער אָנזען. די נײַע גבֿירישע חשובֿים האָבן אַלצדינג געשטעלט אין שאָטן.

אויך נײַע ייִדישע טוערס און נײַע ייִדישע שריפֿטשטעלערס האָבן אויפֿגעטויכט אין די פֿײַערן פֿון דער מלחמה. אויף די חורבֿות פֿון פּוילן פֿאַרנעמט זיך פֿונאַנדערצובליִען אַן אימפּעטפֿולער און זאַפֿטיקער ייִדישער פֿרילינג.

ליטעראַרישע פּרײַטיק־צו־נאַכטסן אין פּרוסאַקס פּאַלאַצל. — עס פלאַ־קערט אַ פּײַערל און מיר טרינקען די אַלטע ווײַנען פון זיידן ברוכס קעלער. — „איר טרינקט ווײַן און נישט קיין באָרשטש!״. — פּרוסאַק קאָן זיך נישט כאַפּן ווער עס זײַנען מײַנע קאָלעגן.

איך האָב מיך אײַנגעאָרדנט אויפֿן ערשטן שטאָק פֿון פּרוסאַקס פּאַלאַצל. טייל מאָל, אין די פֿרײַטיק־צו־נאַכטסן, פֿלעגן צו מיר אַרויפֿקומען ייִדישע שריפֿטשטעלערס, ווי אויך ישׂראל ליכטנשטיין און אַנדערע בונדישע טוערס אין לאָדזש. צוליב דער רחבֿות פֿון דער דירה האָבן מיר די דאָזיקע פֿרײַטיק־צו־נאַכטסן געמאַכט גאָר אויף אַן אַלטן פּריצישן שטייגער. אין דעם גרויסן עסצימער — צו וועלכן עס האָבן אַרײַנגעפֿירט קלויסטערלעכע גאָטישע טירן — איז געווען אַ פֿאַרצײַטישער מאַרמאָרנער קאַמין. דער קאַמין איז אָנגעלייגט געוואָרן מיט טרוקענע דעמבאָווע העלצער און מען האָט אָנגעצונדן אַ פֿײַער. די לאָמפּן אין דעם עסצימער זײַנען גע־וואָרן אויסגעלאָשן. אַלצדינג איז בלויז באַלויכטן געוואָרן מיט דעם היימישן וואַרעמען ליכט פֿון די צעפֿלאַקערטע האָלצשײַטן. ס'האָט אויסגעקוקט גאָר פֿאַרצײַטיש. ייִדישע שריפֿטשטעלערס און בונדיסטן האָבן זיך אויסגעלייגט אַרום דעם פֿײַערל. מען האָט אַזוי, ליגנדיק אין קרײַז, געפֿירט געשפּרעכן וועגן ליטעראַטור און אַנדערע ענְי־נים. יצחק קאַצענעלסאָן און משה בראָדערזאָן האָבן אָפּט געזונגען

זיסע פֿאָלקסלידער. מיר אַלע האָבן מיטגעזונגען אין כאָר. איטשל ברוינער פֿלעגט אָפּט דערציילן ווּנדערלעכע מעשׂיות פֿון אַלערליי הינט, מיט וועלכע ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפֿן אין לעבן. טייל מאָל זײַנען אויך געקומען געסט פֿון וואַרשע, צווישן זיי י. י. זינגער, פּרץ מאַרקיש און שלמה מענדעלסאָן. ווען ס׳זײַנען געקומען פֿרעמדע געסט, איז דער קרײַז אַרום דעם פֿײַערל געוואָרן גרעסער און מען האָט צוגעלייגט מער שײַטן האָלץ.

אין אַזעלכע אָוונטן, ווען עס זײַנען געקומען וואַרשעווער געסט, פֿלעגט פּיניע ברענגען פֿון מײַן פֿאָטערס ווײַנקעלער עטלעכע פֿאַרשימלטע פֿלאַשן מיט אַלטן אונגערווײַן. פֿון די ווײַנען, וואָס שטאַמען נאָך פֿון זיידע ברוכס קעלערס אין אָסמולסקער „הויף״. ווען דער זיידע ברוך האָט זיי מיט יאָרן און יאָרן צוריק געקויפֿט בײַ ר׳ לייבוש בערלינער אויף די נאַלעווקעס, זײַנען זיי שוין דעמאָלט אויך געווען אין היפּשער זקנה. די דאָזיקע אַלטע פֿלאַשן האָט פּיניע אויפֿגעפּראָפּט מיט גרויס ערפֿאָרכטיקייט. ער האָט געהאַט עפּעס ווי אַ געטלעכע פֿאַרערונג פֿאַר אָט די טונקל־גאָלדיקע געטראַנקען, אין וועלכע די אַלטע יאָרן פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַראָמאַטן און ריחות. די פֿײַכטע פֿאַרשימלטע פּראָפּנס האָבן זיך פּאַמעלעך אַרויסגעצויגן פֿון די פֿאַרבלאָטיקטע פֿלאַשן־העלדזער. דער שווערער ווּנדערלעך־פֿאַנטאַזיעפֿולער און ווּנדערלעך־זיסער אַראָמאַט פֿון אַלטן טאָקאַיער האָט זיך צעטראָגן אין דעם גאָטישן עסצימער, וואָס האָט געציטערט אין אָפּשײַן פֿון די פֿלאַמען אינעם שײַטער־הויפֿן. עס האָט אין זיך געהאַט גאָר אַלטס און פֿריצישס און ס׳האָט געווירקט אויף אונדזער שטימונג.

פּיניע האָט קיינעם נישט געלאָזט זיך צורירן צו די אויפֿגעפּראָפּטע פֿלאַשן. ער האָט נישט געוואָלט צולאָזן צו די דאָזיקע הייליקטימער די יעניקע פּראָפֿאַנען, וואָס פֿאַרשטייען נישט די געהיימעניש פֿון אָט אָ די אַלטע באַהאַלטענע אַראָמאַטן. ער האָט פּאַמעלעך און ציטערדיק געגאָסן דעם ווײַן אין שמאָלע קרישטאָלענע גלעזער. אַפֿריִער האָט ער אַליין געניפּט מיט די ליפּן און צעקײַעט

דעם אַראָמאַט אויף דער צונג ווי אַ געהיימענישפֿולע זעלטנקייט. שפּעטער ערשט האָט ער אַרום דערלאַנגט די ווײַנגלעזער און אַלעמען אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל למען־השם געדענקען וואָס מען טרינקט. דער עולם האָט פֿאַמעלעך געטרונקען דעם ווײַן און די געמיטלעכע שמועסן זײַנען ווײַטער אָנגעגאַנגען.

פּלוצעם האָט זיך פּיניען עפּעס ווי אויסגעדוכט, אַז י. י. זינגער טוט אַ צו־האַסטיקן זופּ. פּיניע, וואָס איז געזעסן אַ שווײַגנדיקער, איז אויפֿגעשפּרונגען, ווי מען וואָלט אים אָפּגעבריט. ער האָט צו זינגערן אַ געשריי געטאָן מיט כּעס פֿון אַן אייביקן שתקן:

— איר טרינקט ווײַן און נישט קיין באַרשטש!

י. י. זינגערן איז אָט דער שאַרפֿער אַרײַנזאָג פֿון אַ ווײַן־מבֿין אַזוי געפֿעלן געוואָרן, אַז ער האָט די דאָזיקע רעפּליק שפּעטער אויסגענוצט אין זײַן ראָמאַן „ברידער אַשכּנזי״.

דאָס זײַנען געווען זעלטענע פּריוואַטיק־צו־נאַכטסן אין פּרוסקאָס פּאַלאַצל. מחמת שכנישן טאַקט האָב איך אויך טייל מאָל געמוזט פֿאַרבעטן דעם באַלעבאָס מאָוריצי פּרוסאַק. ער האָט זיך אײַגנטלעך נישט אָריענטירט אין וואָס פֿאַר אַ געזעלשאַפֿט ער איז אַרײַנגעפֿאַלן. תּחילת האָט ער געמיינט, אַז עס זײַנען קאָלעגן הויז־באַזיצערס. דער שאַרפֿער קלאַסן־אינסטינקט בײַ מאָוריצי פּרוסאַקן האָט אים גאָר נישט צוגעלאָזט צו גלייבן, אַז איך בין בּיכולת צו האָבן אַנדערע פֿרײַנד אויסער באַזיצערס פֿון הײַזער. אָבער די געזעלשאַפֿט, ווי אויך די שמועסן, זײַנען אויסגעקומען צו־ווילד און תּרגום־לשונדיק פֿאַרן סטאַטעטשנעם הויזווירט. דערצו האָט זיך אים נישט צוגעגלויבט, אַז רײַכע בירגערלעכע מענטשן זאָלןריידן אַזאַ געשמאַקן פּשוטן יידיש און נישט קיין לאָדזשער דײַטשמעריש ווי עס ריידן אַלע שיינע מענטשן פֿון די אַלטע לאָדזשער. ער איז געזעסן אַ שווײַגנדיקער און טעמפּ צוגעקוקט. ערשט ווען איטשל ברוינער האָט אָנגעהויבן דערציילן זײַנע איבערלעבונגען מיט הינט, האָבן זיך פּרוסאַקס אויערן געעפֿנט און ער האָט אַפֿילו אַ שמייכל געטאָן.

שפּעטער איז צו דער געזעלשאַפֿט צוגעקומען נאָך אַ נפֿש. וואָס האָט ליב געהאַט צו ליגן מיט אונדז נעבן פֿײַערל, און דווקא נעבן איטשל ברוינערן. און דאָס, נעמלעך, אַ קליין ווײַס און שקאָציש הינטל, אַ פֿאָקס־טעריער מיטן נאָמען באָבעק.

כ׳גרייט מיך אַרויסצוגעבן מײַן ערשט ביכל נאָוועלן און כ׳גרייט מיך קיין ארץ־ישראל. — האָפֿענונגען. — בעל־מחשבות רײַסט מיך אַרונטער. — מעדיטאַציעס פֿון אַ שריפֿטשטעלער.

כ׳האָב מיך גענומען אַרויסצוגעבן מײַן ערשט ביכל נאָוועלן. פּרץ האָט זיך צו דעם פּלאַן אַרויסצוגעבן מײַנס אַ ביכל נאָוועלן באַצויגן מיט סימפּאַטיע. ער האָט אַפֿילו קראַטקאָן פֿאָרגעשלאָגן צו צייכענען די הילע און אים געגעבן פֿאַר אַ מאָטיוו עפּעס אַזוינס ווי פֿליגלען פֿון אַן אָדלער, וואָס האַלטן זיך בײַם פֿאַרשפּרייטן. פֿון דער הילע איז גאָר נישט געוואָרן. מײַן ביכל נאָוועלן, פֿון דער נאַטור, האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן. טעכניש פֿאַרנומען מיט דעם האָט זיך ש. ל. קאַווע. עס איז אַרויס, ווי פֿאַר יענע צײַטן, ווי אַ לוקסוס־אויסגאַבע.

צו גלײַך מיט דעם וואַרטן אויף דעם דערשײַנען פֿון מײַן ערשטן ביכל האָב איך מיך אָנגעהויבן גרייטן אויף אַ נסיעה קיין ארץ־ישׂראל. עס זײַנען געווען אַ סך טעמים, וואָס האָבן מיך גערייצט צו דער דאָזיקער נסיעה. איך בין שוין דעמאָלט אַ סך מאָל געהאַט געווען אין אויסלאַנד און אַ ביסל זיך אָנגעזען מיט דער וועלט. כ׳האָב אויך געוואָלט זען דעם אָריענט און דער עיקר אַ קוק טאָן אויף ארץ־ישׂראל. דער קולט פֿאַר ארץ־ישׂראל איז געלעגן אין בלוט פֿון מײַן פֿאָטערס משפּחה. ער האָט באַלאַנגט צו די רעקוויזיטן פֿון דער גמרא און צו דער גאַנצער אַלטער אַטמאָספֿערע פֿון יידישע לעבנס־פֿאָרשטעלונגען, אין וועלכע מיר האָבן געלעבט. די באָבע בלימעלע אַליין איז געווען געניגט אויף פֿול צו מאַכן אונ־

דזער משפחה מיט דער ייִדיש־עקזאָטישער און לעגענדאַרישער לופט פֿון ארץ־ישׂראל.

אין די דאָזיקע צוויי דערוואַרטונגען, צו זען די לאַנדשאַפֿטן פֿון תּנ״ך און צו זען מײַן ערשט ביכל, האָב איך אין אָט אַ דער צײַט געלעבט. פֿון זיי האָב איך געהאַפֿט אַ געוואַלדיקן שינוי אין מײַן לעבן. נײַע קוואַלן צו שעפּן מוט און פּערספּעקטיוון. אַז מײַן ביכל וועט האָבן דערפֿאָלג, בין איך געווען זיכער. פּרצעס סימפּאַטיע איז פֿאַר מיר געווען די בעסטע גאַראַנטיע, אַז קיינער אין דער ייִדישער קריטיק וועט זיך נישט אונטערשטײַן צו האָבן אַן אַנדערע מיינונג וועגן מײַן ערשטן ביכל. אַז מען וועט עס גאָר אַרונטעררײַסן, איז מיר ממש נישט געקומען אויפֿן זינען.

איך האָב מיך געגרייט צו דער נסיעה קיין ארץ־ישׂראל און דערווײַל יעדן טאָג געקוקט אין דער פּרעסע, צו זען די ערשטע שוואַלבן פֿון לויב און רום. די שוואַלבן האָבן זיך נישט געאײַלט צו ברענגען אין זייערע שנאָבלען די לאָרבער־בלעטער. איך האָב שוין געהאַט די שיפֿקאַרטעס און בין אַרײַנגעפֿאָרן קיין וואַרשע זיך צו געזעגענען מיט פּרצן. עס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס איך האָב אים געזען. פּרץ איז דעמאָלט געווען צו מיר באַזונדער האַרציק. ער האָט מיך באַגלייט ביז צו דער טיר און זיך מיט מיר צעקושט, הגם פּרץ האָט זיך זייער זעלטן געקושט מיט עמעצן פֿון זײַנע מקורבֿים.

דער טאָג פֿון דעם אָוועקפֿאָרן אויף דער גרויסער נסיעה האָט זיך דערנענטערט און די פֿייגל זײַנען נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די דעכער און מיר נישט געברענגט קיין רעצענזיעס. איך האָב געלעבט צווישן צוויי אומרויִקייטן, צווישן ארץ־ישׂראל און דער ענדגילטיקער ליטעראַרישער אָנערקענונג פֿון דער אָפֿיציעלער קריטיק. יעדן אינדערפֿרי ביז איך צוגעפֿאָלן צו די בלעטער פֿון דער ייִדישער פּרעסע און געזוכט. דערווײַל נישטאָ. כ׳האָב מיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז מן־הסתּם שאַרפֿן די קריטיקערס די פּען און

זײַנען כסדר פֿאַרנומען מיטן געדאַנק, ווי אַזוי מיר אויסצוטיילן די אָנערקענונג מיטן פֿולן שעפֿל.

איין מאָל אין אַ פֿרײַטיק, שוין גאָר האַרט פֿאַר דעם טאָג פֿון מײַן אַוועקפֿאָרן — איך גיב מיך אַ וואָרף אויפֿן בעקל פּרעסע, צו זוכן די רעצענזיעס, איך טו אַ מיש־אויף דעם „פֿרײַנד“, די חשובֿ־סטע און ליטעראַרישסטע צײַטונג, און עס טוט מיר אַ פֿינקל פֿאַר די אויגן. בעל־מחשבות האָט דעמאָלט יעדע וואָך געשריבן דעם ליטעראַרישן „סאַלאָן“ אין „פֿרײַנד“. זײַנע וועכנטלעכע אַרטיקלען האָבן געהייסן „ליטעראַרישע געשפּרעכן“. עס איז געווען אַ פּיאָ־נערישע אַרבעט פֿון דער ייִדישער קריטיק, אַרײַנצובררענגען אין דער ייִדישער פּרעסע דעם מאָדערנעם ליטעראַרישן שמועס. בעל־מחשבות איז דאַן געוואָרן דער שופֿט אויף טויט און אויף לעבן פֿאַר ייִדישע שרײַבערס. ער האָט געגלעט און געשמיסן. מחברים האָבן אים געקוקט אין די הענט אַרײַן מיט שרעק און מיט האָפֿענונג און געוואַרט, וואָס ער וועט זיי אויסטיילן. בעל־מחשבֿותעס נאָמען האָט אָנגעהויבן צו ווערן דעצידירנדיק דורך זײַנע אַרטיקלען אין „פֿרײַנד“.

איך האָב מיך אַ כאַפּ געטאָן לייענען. שוין די ערשטע שורות האָבן מיר נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. דער אַרטיקל — און איך מוז זאָגן, אַז ער איז געווען אויסערגעוויינטלעך גוט אויפֿגעשריבן — האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ בײַסיקן וויץ און איראָניע. איך האָב געזען, ווי ער הייבט־אָן צו מאַכן פֿון מיר קאַשע. וואָס ווײַטער איך האָב געלייענט, אַלץ פֿינצטערער איז מיר געוואָרן אין די אויגן. מײַן ערשטע ביכל, פֿון וועלכן איך האָב געהאָפֿט צו קריגן אָנער־קענונג, איז אַרונטערגעריסן געוואָרן פֿון בעל־מחשבֿותעס פֿעדער מיטן גרויסן קריטישן קנאַק. איך קאָן נישט זאָגן, אַז מיר איז דעמאָלט געווען זיס אויפֿן האַרצן. איך האָב געמיינט, אַז אין בעל־מחשבֿותעס „ליטעראַרישע געשפּרעכן“ זײַנען מײַנע אַלע וועלטן אונ־טערגעצונדן געוואָרן אויף אַש און איך בין שוין אַ פֿאַרלוירענער אויף אייביק.

איז בעל־מחשבֿות געווען גערעכט? איצטער, אויף מײַנע עלטערע יאָרן, ווען די טעג פֿון לעבן נייגן זיך צו זייער ענד און אַלצדינג באַלאַנגט צו דער פֿאַרגאַנגענהייט און אַזוי ווייניק צו דער צוקונפֿט, קאָן מען אָביעקטיווער און מיט ווייניקער לײַדנשאַפֿט און אַמביציע אַ קוק טאָן צוריק אויף דעם גאַנצן בילד פֿון אַ מענטשלעך לעבן, וואָס צייכנט זיך ווי אַ שוישפּיל און אַ חלום אין די נעפּלען — און איך זאָג: בעל־מחשבֿות איז געווען אויף אַכציק פּראָצענט גערעכט. איך וואָלט געווען געזאָגט אויף מער פּראָצענט, נאָר איך וויל נישט, אַז עס זאָל אין די אויגן פֿון דעם לייענער אויסקוקן ווי איבערגעטריבענע באַשיידנקייט. איך האָב דעמאָלט געמיינט, אַז בעל־מחשבֿות האָט מיר אונטערגעהאַקט דעם שיינעם בוים, אונטער וועלכן איך האָב געוואָלט אויסבויען דאָס געצעלט פֿון מײַן לעבן. אָבער פּונקט פֿאַרקערט: די אַלע חסרונות, אויף וועלכע ער האָט אַזוי בײַסיק אָנגעוויזן, חסרונות הן וואָס שייך מײַן שפּראַך, מײַן זאַצבוי, הן וואָס שייך מײַן טעמאַטיק און דעם גאַנצן אופֿן פֿון מײַן דערציילן, האָבן — נאָך דעם ווי די געקרענקטע ביטערקייט האָט זיך אָפּגעטאָן פֿון מײַן האַרץ — פּאַמעלעכל, פּאַמעלעכל מיר געעפֿנט די אויגן און אָנגעוויזן אויף דעם וועג, וואָס איך באַדאַרף גיין. אַ סך זאַכן, וואָס האָבן זיך מיר פֿריִער געהאַט אויסגעוויזן ווי די עיקר־דיקע עלעמענטן פֿון מײַנע קינסטלערישע מעגלעכקייטן, האָב איך איצט דערזען, אַז זיי זײַנען נישט מער ווי די נעבן־טענער און די באַגלייט־רעקוויזיטן. איך מוז פֿון דאָס נײַ מאַכן דעם חשבון־הנפֿש און פּרוּוון מיך אויסגעפֿינען אין די לאַבירינטן פֿון מײַנע מעגלעכקייטן. אין יעדן קינסטלער שטעקט אַ כאַאָס. אויב ער וויל עפּעס דערגרייכן, מוז ער מיט זיך אַליין מאַכן אַ שטרענגן און אומברחמנותדיקן אָפּקלײַב און זיך נאָר קאָנצענטרירן אויף דעם, וואָס עס געהער צום וועזנטלעכן בײַ אים. דאָס האָב איך דורכויס צו פֿאַרדאַנקען דער שאַרפֿער בײַטש פֿון בעל־מחשבֿותן, וואָס האָט מיך אויפֿגעוועקט פֿון אַלע קינסטלערישע הינערפּלעטן און מיך אַליין געשטעלט פֿאַר אַ נסיון און פֿאַר אַ

תהום, וועלכן איך מוז דורכויס אַריבערשפּרינגען, אויב איך וויל וואָס עס איז דערגרייכן. דער וועג פון אַ קינסטלער איז גאָר אַ שווערער און אַ ביטערער. דער וואָס וויל זיך מאַכן אַ לײַכט לעבן און וויל נאָר רײַסן די רויזן פון דער שאַפונג און נישט צעבלוטיקן זײַנע הענט בײַ אירע דערנער, דער טוט זיך אַליין אָן אַ סך שאָדן. קונסט איז נאָר אַ וועג צו דערקענטעניש. דערקענטעניש הייסט — אויסקלײַב, דערקענטעניש הייסט — סטיל און פאָרעם. סטיל און פאָרעם הייסט — אויסקלײַב. נאָר אין זײַן אויסגעזוכטן וועג אינעם כאַאָס פון זיך אַליין דערקענט מען דעם שעפער. און דער עיקר הייסט דערקענטעניש: קענען זיך אַליין און דערשאַצן זיך אַליין, סײַ אין ליכט און סײַ אין שאָטן.

במשך מײַן שריפטשטעלערישן וועג האָט מען מיך שוין גע־לויבט און מען האָט מיך אַרונטערגעריסן. און איך מוז זאָגן: די לויבן זײַנען אָפּט מאָל נישט געווען קיין פאַרדינטע און זיי האָבן אויך גאָר אָפּט נישט אַרײַנגעטראָפן אין תוך. וועזנטלעכן נוצן פאַר מײַן שאַפן האָב איך געהאַט פון זיי ווייניק. עס איז בײַערט געווען האָניק אויף דער אַמביציע. ווען איך האָב מיך אויסגעניכטערט פון דעם זיסן רויש, איז אין מײַן האַרצן שטענדיק איבערגעבליבן דער פחד, צי וועלן מיך די לויבן נישט אײַנוויגן אין דער אײַנרייידעניש, אַז איך האָב שוין אַלצדינג דערגרייכט און קאָן אַ זיכערער גיין אויפן אויסגעטראָטענעם וועג. אָבער — איך האָב זעלטן געלייענט אַ נעגאַטיווע רעצענזיע וועגן מיר, וואָס בײַ אַלע אירע בייזוויליקייטן זאָל זי נישט האָבן אָנגעוויזן אויף חסרונות און העמונגען, וואָס איך באַדאַרף דורכויס מנצח צו זײַן, אויב איך וויל עטוואָס דער־גרייכן. נעגאַטיווע רעצענזיעס האָבן מיר אָפּט מאָל ביטער ווי געטאָן. עס שאַדט נישט. איך האָב אַ סך בײַ זיי געלערנט.

און איך מוז זאָגן: כ'האָב שוין געזען שריפטשטעלערס, וואָס דערפאָלג און לויבענישן האָבן פון זיי געמאַכט אַ תל און זיי אָפּגעשטעלט אין מיטן וואַקסן. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט זיך אי־בערגעטריבן זיכער צו זײַן און די איבערגעטריבענע זיכערקייט האָט

אָפּגעשניטן פֿאַר זיי אַלע ווײַטערע וועגן. זיי האָבן געגלייבט שוין צו האָבן אַלצדינג אין דער האַנט. אַ שעפֿערישער קינסטלער מעג זיך אַליין צום ווינציקסטן געטרויען. די מוזעס זײַנען זייער קאַפּריזנע און זייער פֿאַרפֿירעריש. איך האָב זעלטן געזען אַן אמתן קינסטלער, וואָס נעגאַטיווע קריטיק האָבן אים פֿאַרשאַדט. זיי האָבן אים נאָר האַרטנעקיקער און פֿאַרביסענער געשטאָלט און געשטאַרקט. אין דעם ביטערן קאַמף מיט די ווידערשפּרוכן און מיט די דערנער פֿונעם שאַפֿן האָבן זיך זײַנע מעגלעכקייטן געלײַטערט, און זײַן וועג אין דעם אָפּקלײַב האָט זיך געצייכנט וואָס־העלער אינעם ריכטיקן ליכט.

געזאַנג צו דער שטאָט ירושלים. — תהילים־לאַנדשאַפֿטן אַרום ירושלים. — דער גאַנג אַרום די טויערן. — די כותל־מערבי אין דער טונקלקייט פֿונעם קיניגלעכן ירושלים. — ייִדישע אָרעמקייט. — די מאַמע רחל קומט בײַ נאַכט צו דער שטילקייט פֿון כותל־מערבי און זאָגט דאָרט אין זינגזאַנג די תחינות פֿון שרה בת־טובים.

ירושלים, הייליקע שטאָט! דורות ייִדן, ייִדן אויפֿן גאַנצן פּלאַנעט פֿון דער ערד האָבן דיך דערמאָנט מיט אַ הייליקן ציטער. דו האָסט פֿול געמאַכט זייער געמיט און דאָס געבעט פֿון זייערע הערצער. דו ביסט געווען די וווּנדערלעכע שטאָט פֿון תהילים־ייִדן — פֿונעם גרעסטן למדן בײַ דער גמרא ביז צו דעם פּראָסטסטן ייִד אויף דער קעלניע פֿון אַ באַלעגאָלישער בויד — איז אַזוי היימיש געווען דײַן געשטאַלט. דײַן געשטאַלט איז דערהויבן געוואָרן צו דער גאָלדענער בלויקייט פֿון די הימלען, ווו מויערן פֿון פֿײַער רינגלען דיך אַרום און מלאָכים בלאָזן אַרום דיר מיט גאָלדענע שופֿרות. ייִדן האָבן אויסגעבויט דײַן איידעלע הערלעכקייט אויף די פֿליגלען פֿון דער צוקונפֿט, ווען משיח וועט אויף אַן אָרעם ייִדיש אייזעלע אַרײַנקומען צו רײַטן אין דײַנע מויערן. די צדיקים וועלן אין זייערע פּאַלעס ברענגען צו דיר דאָס פֿאָלק ישׂראל, ווי די ייִדישע

מאַמעס האָבן זייערע קינדער געבערענגט אין חדר אַרײַן. די אָבֿות וועלן צוריקקומען אויף דײַן ערד. די מאַמע רחל וועט אויסשפּרייטן אירע ווײַסע איידעלע הענט און בענטשן אין דיר אירע שבת־ליכט. ירושלים! מײַן מאַמע האָט מיר געזונגען וועגן דיר, ווען זי האָט מיך אײַנגעוויגט צום שלאָף. מײַן רבי האָט מיר דערציילט וועגן דיר, ווען ס׳איז אים געווען גוט אויפֿן האַרצן. ירושלים, הייליקע שטאָט, דו קוקסט־אויס אַקוראַט פּונקט אַזוי ווי ייִדן האָבן וועגן דיר דערציילט.

*

איך קאָן נאָך הײַנט נישט פֿאַרגעסן דעם שטאַרקן אײַנדרוק, וואָס כ׳האָב געהאַט, ווען איך בין אַראָפּגעגאַנגען פֿון דער טערקי־שער באַן און מײַנע פֿיס האָבן געשטעלט די ערשטע טריט אויף דער ערד פֿון ירושלים. איך בין שפּעטער געווען אין אַ סך באַרימטע שטעט, וואָס זײַנען געווען די שויפֿלעצער פֿון די גרעסטע גע־שעענישן אין דער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט, ווי אַטען, רוים און קאַרטאַגע. אויף אַזעלכע היסטאָרישע פּלעצער האָבן מיר תּמיד דאָס געפֿיל, אַז מיר וועקן־אַרויס מיט אונדזערע טריט די גרויסע אילוזיע פֿון דורות, מעשׂים און געשיכטעס, וואָס דרימלען אין דער דאָזיקער ערד. מיר האָבן דעם אײַנדרוק, אַז מיר טרעטן־אַרויס פֿון דעם קורצן שפּאַן, וואָס עס באַטײַט אונדזער לעבן, און מיר קומען־אַרײַן אין דעם קרײַז, ווו עס גייט דאָס אייביקע שוישפּיל פֿון דער מענטשהייט. מיר טרעטן־אַרויף אויף דער וועלטבינע אין אַ קליינער פּויזע צווישן געשעעניש און געשעעניש

דאָס געפֿיל, וואָס איך האָב געהאַט אין ירושלים, קאָן איך קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן. אין רוים און אין אַטען לעבן נאָך די חורבֿות פֿון דער גרויסער היסטאָרישער פֿאַרגאַנגענהייט, די קאָלאָ־סאַלקייט פֿון דער אַלטער רוימישער מאַכט און די קלאַסישע שיינ־קייט פֿון גריכישער אַרכיטעקטור. פֿון אַלטן ירושלים איז כּמעט מער נישט פֿאַרבליבן ווי די געשטאַלט פֿון איר טאָפּאָגראַפֿיע. דאָס בלויזע בילד פֿון איר אָרטלעכקייט. „ציון שׂדה תּחרש״. זעלטן־ווו

האָט זיך די ערד אויסגעטאָן פֿון איר ערדישקייט ווי ירושלים. מעגלעך, אַז דאָס געפֿיל איז בײַ מיר געווען, ווײַל איך בין אַ ייִד און ירושלים האָט זיך בײַ מיר געבונדן מיט טויזנט ביבלישע פֿאָרשטעלונגען. אָבער ניין, איך האָב שפּעטער אין מײַן לעבן געזען אַ סך וווּנדערלעכע ערטער. ווען מען זעט ירושלים, קאָן מען גוט פֿאַרשטיין די עקסטאַטישע געזאַנגען צו איר, ווי די ציון־געזאַנגען פֿון יהודה הלוי. די ירושלימדיקע ערד איז פֿולשטענדיק געבליבן בײַ איר תּהילימדיקער לאַנדשאַפֿט. זי איז אַ תּהילים־לאַנדשאַפֿט. זי האָט אין זיך די אידעלע קיניגלעכקייט סײַ פֿון תּנך, סײַ פֿונעם מדרש, סײַ פֿון די מעשׂיות פֿון ייִדישן פֿאָלק און סײַ ווי ייִדישע מײַסטערס האָבן זי אויסגעגראַווירט אויף זילבערנע קידוש־בעכערס און בשׂמים־ביקסן. די בערג אַרום ירושלים גיבן־אָפּ דעם כאַראַקטער ווי זיי זײַנען געשילדערט אין די „שיר־המעלותן", „ירושלים הרים סבֿיבֿ לה". דער טאָל קדרון, דער וועג קיין בית־לחם, וואָס הייבט זיך אָן באַלד הינטערן באַרג ציון.

נאָר דאָס שענסטע און דאָס הייליקסטע, וואָס האָט נישט אויפֿגעהערט צו ברענען אין מײַן נשמה במשך די עטלעכע וואָכן, וואָס איך בין געווען אין ירושלים, איז דער גאַנג אַרום אירע מויערן. די ירושלימער מויערן רינגלען־אַרום ווי אַ פֿרומער אָרנאַמענט פֿון אַלטן העלפֿאַנטביין די אַלטע שטאָט און די אידעלע הייכעבישן, אויף וועלכע ירושלים איז געבויט. זיי רינגלען זיך אַרום ווי אַן אָרנאַמענט און ווי די זײַדענע גאַרטלען, וואָס וויקלען־אַרום די הייליקע פֿאַרמעטן פֿון אַ ספֿר־תּורה. דער גאַנג אַרום די מויערן פֿון ירושלים האָט טאַקע אין זיך, ווי מען וואָלט פֿאַר די בליקן פֿונאַנדערגעוויקלט די יריעות פֿון חומש און תּנך און אָנגעהויבן צו לייענען אין זיי מיטן זינגזאַנג פֿון אַלטן ייִדישן תּורה לערנען. די לאַנדשאַפֿטן פֿון ירושלים וויקלען זיך אויף פֿאַר דײַנע בליקן. טריט בײַ טריט זעסטו אַן אַנדער בילד פֿון תּנך און פֿון אַלטער ייִדישער געשיכטע. אָט קומסטו צו די געשלענגלטע וועגן, וואָס פֿירן־אַרויף צום הר־הזיתים, דעם מעלה־הזיתים. אויף דעם דאָזיקן

מעלה־הזיתים איז דוד המלך אַנטלאָפֿן פֿאַר זײַן זון אַבֿשלום. עס קומט דיר אויס, אַז אויב דו וועסט אַ קאַפּעטשקע נעמען אויף אַרויפֿצו, וועסטו נאָך אָנטרעפֿן דעם אַנטלויפֿנדיקן דוד המלך מיט זײַן סוויטע. דו וועסט נאָך הערן דאָס ביטערע געוויין פֿון די אַנטלויפֿנדיקע. דוד המלך מיט דער גאָלדענער קרוין אויפֿן קאָפּ און מיטן וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט זאָגט דאָס באַקאַנטע קאַפּיטל תהילים פֿון דודן וואָס אַנטלויפֿט פֿאַר זײַן זון אַבֿשלום. דו זעסט דעם הר־הצופֿים, אויף וועלכן טיטוסעס חיילות זײַנען געשטאַנען און מלחמה געהאַלטן מיט ירושלים. דעם הר־הזיתים, וווּ די פֿיס פֿון יהודה, דעם ייִדישן גאָט, וועלן שטיין און ער וועט אויסקוקן די וועלט און זי משפּטן אין איר לעצטן טאָג. דעם הר־המוריה, פֿון וועלכן עס שײַנען נאָך אַראָפּ צו פֿלאַקערן די גאָלדענע דעכער פֿון בית־המקדש און עס שוועבט צווישן זײַנע טונקעלע ציפּרעסן־ביימער דאָס געזאַנג פֿון די לוויים, אַ געזאַנג, וואָס קאָן זיך עפּעס ווי קיין מאָל נישט אויסלעשן אויף יענער שטילער הויכעניש, וואָס קוקט־אַראָפּ פֿון ירושלים ווי אַ קיניגלעכע קרוין. דער פֿאַרמויערטער „שער הרחמים“, וואָס באַווײַזט זיך פֿון די ירושלימער מויערן, ווען זיי נעמען־אַרום דעם באַרג מוריה. דאָס דאָזיקע פֿאַרמויערטע טויער קוקט־אויס ווי אַ פֿאַרשלאָסן האַרץ מיט אַ גרויסער גאָלדענער און שטומער ליבשאַפֿט, וואָס וואַרט נאָר דערויף זיך צו עפֿענען און צוריק אַרײַנצולאָזן קיין ירושלים דאָס פֿאָלק פֿון די ייִדן, אין יענעם טאָג, ווען די פֿיס פֿון יהוה וועלן זיך שטעלן אויפֿן אַקעגנאיבערדיקן הר־הזיתים און ס'וועט זיך פֿונאַנדערשאַלן דער גאָלדענער שופֿר פֿון משיח. נאָר איין טונקל טירל עפֿנט זיך אין מיטן דער קיניגלעכער גאָלדיקייט פֿון די ירושלימער מויערן. עס איז אַ טירל פֿון אָרעמקייט און פֿון אָרעמע לײַט אין מיטן דעם געמויערטן תהילים־געזאַנג אַרום ירושלים. עס איז דאָס קליינע שטילע טירל, וואָס פֿירט צו דער כּותל מערבֿי. אין אירע טונקלקייטן האָט ירושלים באַהאַלטן די טיפֿע ייִדישע וועלט־אָרעמקייט פֿון גלות און דאָס, נעמלעך, די כּותל מערבֿי. זי ליגט באַהאַלטן אין די מויערן

פֿון ירושלים ווי דאָס הייליקע און טײַערע אין די הערצער פֿון ייִדן אין גאָר דער וועלט. ווי דער טרויער און אומעט פֿון ייִדישן געמיט, און ווי אַ פֿרומע תּחינה מיט וועלכער דאָס ייִדישע געבעט פֿרוווט עפֿענען די הימלען פֿון ירושלים און פֿון דער וועלט. די אָרעמקייט פֿון דער דאָזיקער ייִדישער וואַנט אין מיטן די זוניקע און איידעלע שיינקייטן פֿון ירושלים איז ממש סימבאָליש, און אויך אין דער טונקלקייט פֿון איר געסל לײַכט די וואַנט ווי די צניעות־דיקע שמייכלען פֿון די ייִדישע באָבעס אין זייערע טערקישע טיכער. זי לײַכט אין איר שטילער באַשיידנקייט און אין איר ייִדישן טרויער, ווי עס לײַכט אײַנערלעך און טיף דאָס אָרעמע און אוממעכטיקע ייִדישע לעבן אויף די פֿלאַכן פֿון דעם פּלאַנעט פֿון דער ערד.

די שטיינער — צו וועלכע ייִדן קוקן אַהין פֿון אַלע ווינקלען פֿון דער וועלט און בײַ וועלכע ייִדן וויינען שוין פֿון דורות — זײַנען שוואַרץ און פֿײַכט פֿון ייִדישע טרערן און קושן, וואָס דורות ייִדישע ליפּן האָבן זיי געקושט, ווי מען קושט אַ סידור און די מענטעלעך פֿון ספֿרי־תּורות. פֿון צווישן די שטיינער־שפּאַלטן קוקן אַרויס אומהיימלעכע גראָזן, וואָס וואַקסן פֿון ייִדישע טרערן. די שטיינער זײַנען באַשריבן מיט נעמען פֿון ייִדן און ייִדענעס, וואָס בעטן דאָ רחמים און גיסן־אויס פֿאַר דער דאָזיקער וואַנט דאָס ביטערקייט פֿון זייערע פּערזענלעכע נויטן און די נויטן פֿון כּלל ישׂראל. דורות־לאַנג דויערט עס שוין. דורות־לאַנג שפּאַרן ייִדן אָן זייערע קעפּ בײַ דער דאָזיקער וואַנט, און אַרום איר, אויף די נאַקעטע שטיינער, זיצן אָרעמע ייִדן, אָרעמע ירושלימער ייִדן, ייִדן בעטלערס און ייִדן קאַליקעס. די נאַקעטסטע ייִדישע אָרעמקייט, וואָס איז אַהער געקומען פֿון אַלע עקן וועלט. קופּקעלעכווײַז זיצן זיי אַרום כּותל־מערבֿי אין זייערע שמאַטעס און מיט אויסגעשטרעקטע נאַקעטע פֿאַרוואָרלאָזטע הענט, גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען דער כאָרוס פֿון דעם ייִדישן טרויער און געבעט, וואָס טראָגט זיך נעבן די פֿײַכטע באַשריבענע שטיינער פֿון דער כּותל־מערבֿי.

בײַ נאַכט, ווען די מויערן פֿון ירושלים פֿאַרזינקען אין פֿינצ־

טערניש, צי אין די נעכט, ווען די לבֿנה שײַנט־אויף איבער די הייכענישן פֿון ירושלים ווי אַ געשטאָרבענע זון, און די מויערן פֿון ירושלים באַגיסן זיך מיטן ווײַסן לבֿנה־ליכט, דעמאָלט שטייט־אויף די מאַמע רחל פֿון איר קבֿר צווישן ירושלים און בית־לחם. זי גייט אין אירע תּכריכים פֿאַרבײַ דעם באַרג ציון און זי גייט־אַרײַן אין דער מויער־עפֿענונג, וואָס פֿירט צו דער כּותל־מערבֿי. די וואַנט איז איצט פֿאַרלאָזן פֿון ייִדן. די מאַמע רחל קומט צו איר צו. זי צינדט־אָן בײַ דער כּותל מערבֿי צוויי גראָשנדיקע ליכטעלעך און זעצט זיך אַוועק אויף די שטיינער, ווו עס זײַנען געזעסן די אָרעמסטע ייִדן. אין דער בײַנאַכטיקער שטילקייט, אין מיטן די מויערן פֿון ירושלים, זאָגט די מאַמע רחל אין זיסן זינגזאַנג די ליבהאַרציקע תּחינות פֿון שׂרה בת טובֿים.

פֿון לטן בוך

וואָס האָט געוואָלט זײַן טלאָמאַצקע דרײַצן און וואָס איז זי געווען ?

אויף טלאָמאַצקע דרײַצן אין וואַרשע איז געווען דער ייִדישער ליטעראַטן־פֿאַראיין. וועגן דער דאָזיקער אינסטיטוציע איז אַ סך געשריבן געוואָרן. סײַ ייִדישע שרײַבערס אין פּוילן און סײַ די וואָס זײַנען געקומען צו גאַסט מחוץ די פּוילישע גרענעצן, האָבן זיך געפֿילט פֿאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן לאָקאַל. איצט, נאָכן חורבן פֿון ייִדן אין פּוילן, ווערט דער נאָמען טלאָמאַצקע דרײַצן באַטראַכט ווי דער סימבאָל פֿון דער חבֿרישער געמיינשאַפֿט פֿון ייִדישע שרײַפֿט־שטעלערס — און עס איז אַ ביסל שווערלעך עפּעס צו מינערן פֿון דער דאָזיקער סימבאָלישער גלאָריע.

טלאָמאַצקע דרײַצן איז געגרינדעט געוואָרן נאָך פּרצעס טויט.

עס איז געגרינדעט געוואָרן אין דער תקופה פֿון געזעלשאַפֿטלעכן רענעסאַנס אין יידישן לעבן אין פּוילן, דאָס הייסט, אין די לעצטע צענדליק יאָר, ווען אַלצדינג איז שוין אייגנטלעך געשטאַנען פֿאַרן סוף. דער גורל האָט זיך געגרייט צו פֿאַרוואַנדלען דאָס פּוילישע יידנטום אין אַש און שטויב. דעמאָלט גראָד — גיי און ווייס די מחשבות פֿון דער יידישער געשיכטע! — האָט אין די יידישע מאַסן אין פּוילן זיך מיט אַן אָרגאַנישן אימפּעט געוועקט דער ווילן זיך צו זאַמלען און זיך צו אָרגאַניזירן.

אין די יידישע דורות פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך די היסטאָרישע געשטאַלט און דער היסטאָרישער ווילן פֿון יידישן כלל אין פּוילן געפּרווט געשטאַלטיקן אין דער געשטאַלט פֿון זײַנע יחידים און פּערזענלעכקייטן. איצטער — ערבֿ דעם אומ־קום — האָט מען ווי געוואָלט איבערלאָזן פֿאַר די שפּעטערע דורות די געשטאַלט פֿון יידישן קאָלעקטיוו אויף פּוילנס ערד. זײַנע ווילנס און זײַן אימפּעט. ווער ווייסט, ווי טיף אין דער טונקלעניש פֿון דער צוקונפֿט עס דערגרייכן די מענטשלעכע אָנונגען? אין אַ פּאָר צענדליק יאָר אַרום וועט דאָך דער יידישער קאָלעקטיוו אויף אַזאַ טראַגישן אופֿן מוזן אָפּטרעטן פֿון דער שפּילבינע! מוז דעריבער געזאָגט ווערן דאָס לעצטע וואָרט פֿון יידן אין פּוילן.

די הויפּטגרינדערס פֿון טלאָמאַצקע דרײַצן, דאָס הייסט, פֿון אַן אָרגאַניזירטן קאָלעקטיוו פֿון יידישע שרײַבטשטעלערס, זײַנען געווען די יתומים פֿון פּרצעס שטוב, יעקבֿ דינעזאָן און ה. ד. נאָמבערג. מען האָט געוואָלט די געשטאַלט פּרץ, דאָס הייסט, די געשטאַלט פֿון דער יידישער ליטעראַטור אין דער געשטאַלט פֿון אַ פּערזענלעכקייט, אַריבערטראַנספּאָרטירן, ווערדיק דעם גײַסט פֿון דער צײַט, אין אַ קאָלעקטיווער געשטאַלט פֿון יידישע שרײַבטשטע־לערס. דאָס, וואָס פּרץ איז געווען אויף צעגלאָנע איינס, האָט מען געוואָלט, אַז יידישע שרײַבערס צוזאַמען זאָלן עס זײַן אויף טלאָ־מאַצקע דרײַצן. די אידעישע געשטאַלט פֿון דער יידישער ליטעראַ־טור האָט זיך ביז אַהער געהאַט אויסגעדריקט אין דער טאַט פֿון

אַ פּערזענלעכקייט. זאָלן עס איצט טאָן אַלע ייִדישע שרײַבערס צוזאַמען! אַלע ייִדישע שרײַבערס צוזאַמען זאָלן ווערן אַ י. ל. פּרץ! זאָלן זיי אַלע צוזאַמען פֿירן די ייִדישע ליטעראַטור צו איר באַשטימונג אין דעם אידעאָלאָגישן וועג פֿון דער ייִדישער געשיכטע!

פּרץ מאַרקיש קומט פֿון רוסלאַנד און רופֿט־אויס דעם יום־הדין אויף טלאָמאַצקע דרײַצן. — די לאָדזשער „יונג־ייִדישיסטן“ ווערן אַראָפּגערוקט צו דער טיר פֿון דעם באַרג אָלימפּוס. — ווײַסנבערג זעצט זיך אַוועק אויף פּרצעס שטול און וויל ווערן „רבי“: ער טיילט סמיכה. — דערויף פֿעלן נישט קיין בעלנים אויף די פּליינען פֿון קרויגפּוילן.

אירע גרויסע און אײנציקע שטורעמטעג האָט טלאָמאַצקע דרײַצן געהאַט בעת ייִדישע שרײַבערס האָבן אָנגעהויבן צוריקצוקומען קיין פּוילן פֿון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד, אַרום 1920. זיי זײַנען געקומען אין וואַרשע ווי אַזעלכע וואָס האָבן זיך פֿון דעם רעוואָלוציאָנערן מבול געוואָלט אַרויסקריגן און זײַן אויף די רויִקע ברעגעס. זיי האָבן אָבער די רעוואָלוציע, אירע פֿאָרמעסטן און איר אימפּעט, מיטגעבראַכט אין זייערע טשעמאָדאַנעס. אין די רוסישע מרחקים זײַנען געפֿאַלן אַלע געטער אונטער דער האַק פֿון די באָלשעוויקעס. אויך יענע ייִדישע שרײַבערס זײַנען אַהער געקומען מיט אַ הילך אין די אויערן און מיט אַ האַק אין די הענט. אין פּוילן האָבן זיי אויפֿגעהויבן די האַק אויף טלאָמאַצקע דרײַצן און אויך אין דער ייִדישער ליטעראַטור אָנגעהויבן צו וואַרפֿן געטער. בראש פֿון די וואַרפֿערס און שטורעם־טרעגערס, וואָס זײַנען אַהער געקומען פֿון רוסלאַנד, איז געשטאַנען פּרץ מאַרקיש. אויסערלעך האָט ער אויסגעקוקט ווי אַן אויפֿגייענדיקער אַפּאָלאָ, ווי אַ גאָט פֿון געזאַנג און געוויטער. ער האָט געהאַט אַ שיינעם קלאַסישן קאָפּ, וואָס מען זעט נאָר אויף אַנטיקע סקולפּטורן. אין פּרץ מאַרקישן האָט געברויזט און געקאָכט אַ טעמפּעראַמענט ווי ער וואָלט געווען אַ גייענדיקער ווולקאַן. זײַנע לידער זײַנען אויך געווען די שטיקער קאָכעדיקע

לאַווע, וואָס דער דאָזיקער ווולקאַן האָט פֿון זיך אַרויסגעשאָסן מיט אַ סך ווילדקייט און מיט אַ סך שפֿע. ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי פּרץ מאַרקיש איז געווען אַ געשטאַלטנדיקער דיכטער צי עפּעס ווי אַ געוויטער וואָס זאָגט קינות און מאַכט גוואַלדן און אין איינ־וועגס איז ער אויך אַ שאַליקער שופֿר של משיח. אין פּוילן און אויך טלאָמאַצקע דרײַצן האָט ער אויסגערופֿן דעם יום־הדין איבער אַלע און אַלעמען. גרויס און קליין האָט אַרומגעכאַפּט אַ ציטער, ווען זיי האָבן געהערט דאָס געברום פֿון דעם נײַעם לייב.

די יונג־ייִדישיסטן אין לאָדזש מיט משה בראָדערזאָנען בראש האָבן צו מאָל נישט געוואָרט ביז עס וועט זיי טרעפֿן די פֿײַערדיקע שווערד פֿון פּרץ מאַרקישן. זיי האָבן באַלד קאַפּיטולירט און אויס־געצויגן די לאַפּקעלעך. די וואָס ערשט מיט אַ יאָר צוריק האָבן זיי אַלעמען געדראָעט מיט דער דיכטערישער האַק זײַנען מיט אַ מאָל געוואָרן נידעריקער ווי גראָז און געזוכט חסד און אָנערקענונג בײַ די נײַע ברויזנדיקע געטער פֿון טלאָמאַצקע דרײַצן. פּרץ מאַרקיש האָט אָבער מיטגעבראַכט מיט זיך אַלע מידות פֿון אַ באַלשעוויק. ער האָט נישט געוווּסט וואָס עס הייסט אַזוינס אײַנזעעניש און רחמים. האָט ער גענומען און די לאָדזשער יונג־ייִדישיסטן — און ווידער מיט משה בראָדערזאָנען בראש — אָוועקגעזעצט גאָר פֿון אונטן, כּמעט ווי בײַ דער טיר פֿון דעם באַרג אָלימפּוס. די לאָדזשער האָבן מאַרקישן נאָך דערפֿאַר געזאָגט אַ שיינעם דאַנק און געגעבן אַ קוש אין דער האַנט אַרײַן. זיי זײַנען געווען גליקלעך מיטן גע־שאָנקענעם לעבן און געשריגן: עס לעבע פּרץ מאַרקיש! בראָדער־זאָן, וואָס אָקערשט פֿאַר אַ יאָרן איז ער געווען „דער פּרינץ פֿון מזרח", האָט הײַנט אַליין בידים צוגעטראָגן פּרץ מאַרקישן די גאָל־דענע שליסלען צו דעם פּאַלאַץ פֿון די מוזעס.

טלאָמאַצקע דרײַצן האָט אָנגעהויבן איבערצולעבן איר יוגנט און אירע שטורעמטעג. די אַלטע פֿאַרמלחמהדיקע שרײַבערס, וואָס האָבן דעם לאָקאַל באַטראַכט נײַערט ווי אַ מקום־מנוחה — זיי זײַנען געוואָרן כּמעט ווי אין דער בסתר־המדרגה. אַפֿילו נאָמבערג,

ווען מען האָט געהאַלטן פֿאַרן וועטעראַן פֿון דער קלאַסישער צײַט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, איז געשטעלט געוואָרן אין שאָטן. ער איז געווען געניג קלוג, כּדי מען זאָל אין אים נישט דערקענען די מינדסטע פֿאַרביטערונג. איצט האָט ער געהאַט צוויי טעטיקייטן אין זײַן לעבן: די זשורנאַליסטיק און דאָס טאַנצן אויף די דילן פֿון טלאָמאַצקע. זײַנע גלאַנצטעג און זײַנע שאַפֿערישע אַמביציעס האָבן אָפּגעבליט. ס'איז געקומען פֿאַר נאָמבערגן דער ווינטער בעת אין דער ייִדישער ליטעראַטור האָבן זיך דיביימער צעבליט ווי אין חודש מײַ. ער האָט האַלב סקעפּטיש און האַלב דערוואַרטנדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און מן הצד צוגעקוקט, ווי עס וועלן אויפֿלײַכטן די נײַע שטערן.

דער צווייטער וועטעראַן אויף טלאָמאַצקע דרײַצן איז געווען י. מ. ווײַסנבערג. אין פּרצעס צײַטן איז ווײַסנבערג, אַזוי צו זאָגן, געווען דער טאַטע פֿון אַ ייִדישן נאַטוראַליזם. אין ווײַסנבערגן איז געקומען אַ גרויסער איבערבראָך. ער האָט אינסטינקטיוו דערפֿילט זײַן קינסטלערישע טראַגעדיע און מיט אַלע כּוחות האָט ער גע־פּרוווט צוצושווימען צו אַ ברעג. אין ווײַסנבערגן האָט זיך אָבער נוקם געווען זײַן קולט פֿאַרן גאָר פּרימיטיווסטן. ער אַליין האָט אויך גאָר נישט געטאָן אויף אַרויפֿצושטײַגן העכער אין פֿאַרטיפֿונג. ווען ער האָט עס אָנגעהויבן טאָן, איז שוין געווען פֿאַר אים צו־שפּעט, און ער איז פֿאַרקראָכן אין אַזעלכע בויבעריקס ווו ער האָט זיך אין גאַנצן פֿאַרלוירן.

י. ל. פּרץ איז געווען טויט. די אויטאָריטאַטיווע פֿיגור, וואָס איז געשטאַנען איבערן קאָפּ פֿון יעדן ייִדישן שריפֿטשטעלער אין פּוילן, איז מער נישט געווען. אויב די ייִדישע ליטעראַטור אין פּוילן איז געווינט געווען צו אַ רבי, האָט זיך די מאַניע צו זײַן אַן אויטאָריטעט און אַ רבי לײַכט אַרײַנגעכאַפּט אין די קעפּ, אויף וועלכע מען האָט אַמאָל געלייגט גרויסע האָפֿענונגען. מיט אַ סך האָפֿערדיקייט האָבן זיי זיך דערמאָנט, וואָס פּרץ האָט געהאַט אַמאָל וועגן זיי געזאָגט, און מען האָט אָנגעהויבן אויסצומינצן אַ סך

נישט־דערפֿילטע צוזאָגן. עס זײַנען אויסגעוואַקסן מאַכט־אַמביציעס. דער גרויסער באַלעבאָס איז געלעגן אויפֿן גענשער בית־עלמין — און עס האָט זיך אָנגעהויבן די מחלוקה וועגן דער ירושה. י. מ. ווײַסנבערג האָט פּלוצעם אָנגעהויבן ווערן אַ פּרעטענדענט אויף אַ פּירערישער פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

באַלד ווי פּרץ איז געשטאָרבן און די דײַטשן האָבן פֿאַרנומען וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער אימפּעט אויף אַלע געביטן פֿון ייִדישן לעבן. אויך ווײַסנבערג איז מיטגעריסן געוואָרן. אין אים האָט זיך געוועקט אַ דראַנג צו אַ גרויסער טעטיקייט. זײַנע גײַסטיקע האָריזאָנטן פֿאַר דער וועלט זײַנען אָבער געווען באַגרענעצטע. אינטעלעקטועלע באַגרענעצטקייט פֿאַר אַ קינסטלער איז נישט בלויז וואָס עס באַגרענעצט זײַנע מעגלעכקייטן. עס איז נאָך ערגער: זײַנע שאַפֿערישע אייגנשאַפֿטן, זײַנע אָנונגען און פֿאַנטאַזיע פֿאַרוואַנדלען זיך דורך דער באַגרענעצטקייט אין בלומען, וואָס וואַקסן אין דער פֿינצטערניש. פֿון בלומען אין דער פֿינצטערניש ווערן דערנער און ווילדגראָז. עס וואַקסן־אויס פּאַטאָלאָגישע פֿאַרפּלאָנטערטקייטן, וועלכע בינדן דעם קינסטלער הענט־און־פֿיס און מאַכן פֿון אים אַ תּל־עולם.

ווײַסנבערג האָט באַשלאָסן צו ווערן אַ פֿאַרלעגער. ווײַסנבערג האָט זיך אויף אַן אומגליקלעכן אופֿן אַרויפֿגעזעצט אויף דעם ליידיקן שטול, וואָס איז געבליבן נאָך פּרצן —און ער האָט אָנגעהויבן אויסצוטיילן „סמיכות”. צווישן די פֿאַרביטערטע און געקריוודעטע ליטעראַרישע אָנפֿאַנגערס האָבן נישט געפֿעלט קיין בעלנים צו באַקומען „סמיכה”. אויפֿן ליטעראַרישן הימל פֿון נײַעם פּוילן האָבן זיך אַ יאַווע געטאָן אַן אַ שיעור דיכטערס, עסייִסטן, קריטיקערס און נאָוועליסטן, וואָס האָבן זיך געשאַרט אַרום איטש־מאיר ווײַסנבערגן און געפֿאָכעט מיט זײַן אָנערקענונג.

דערצו האָט ווײַסנבערג פֿאַרלאָזט זײַן אַמאָליקן נאַטוראַליסטישן זשאַנער און זיך גענומען צו געבן „מוסטערן” ווי אַזוי מען דאַרף שרײַבן ליטעראַטור וועדליק זײַנע — ווײַסנבערגס — השגות.

ער האָט גאָר אָנגעהויבן צו פֿאַרגוואַלדיקן דאָס אַבסטראַקטע און מעטאַפֿיזישע, אויף וואָס ער האָט זיך לחלוטין נישט געקענט. מען קאָן דאָך נישט אַרײַנגיין מיט פֿאַרמאַכטע אויגן אין די העכערע טונקלענישן פֿון מענטשלעכן געמיט. מען קאָן נישט אַרײַנקומען ווי גאָר אַ פֿרעמדער אין די וווּנדערלעכע אייבער־היכלות, וואָס עפֿענען זיך איבער אַלע ווירקלעכקייטן. ווו עס הייבט זיך אָן דאָס אויפֿפֿלויכטנדיקע נישט־וויסן — דאָרט גראָד קאָן מען קיין טריט נישט טאָן אָן אַ סך וויסן. מען קאָן דאָרט לײַכט ברעכן דאָס געניק, די געטער נעמען־צו דעם שׂכל בײַ דעם, וואָס ווייסט נישט ווי מען דאַרף אויף זיי קוקן.

ווי יעדער קינסטלער, האָט ווײַסנבערג מן־הסתּם געהאַט אָנונגען פֿון דעם אַלצדינג. אָנונגען, אַז די וועלט לאָזט זיך נאָך נישט אויס אין די אונטערשטע דערשײַנונגען פֿון אירע פּרימיטיווע נאַטוראַליסטישע ווירקלעכקייטן, און אַז דווקא אין די געשטאַלטונגען פֿון פֿאַנטאַזיע און מחשבֿה — דאָס הייסט, אין די אַספּעקטן פֿון אַ העכערער און קלאָרערער דערקענטעניש — עפֿענען זיך פֿאַר דער וועלט נײַע וועגן. זי ווײַזט זיך אונדז דאָרט אין נײַע ליכטער.

## דער ייִדישער פּען־קלוב אין פּוילן. — איך האָב אַ קאָנפֿליקט מיטן חבר עמנואל.

אַ דרײַ יאָר פֿאַרן חורבן בין איך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פֿאָרזיצער פֿון ייִדישן פּען־קלוב אין פּוילן. איך בין געווען טיף איבערגעצײַגט, אַז אַ ליטעראַטור איז נײַערט די סובלימאַציע פֿון די פּראָצעסן פֿון דער נאַציאָנאַלער געשיכטע. ליטעראַטור איז די צעבליטע בלום פֿון דער אינערלעכער שײַנקייט פֿון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. און די נאַציאָנאַלע שפּראַך איז דאָס סובלימירטע געמיט און געשטאַלט פֿון דער נאַציאָנאַלער געשיכטע. שפּראַך און ליטעראַטור זײַנען נאָר די סך־הכּלען פֿון אַ נאַציאָנאַלער געשיכטע. אַ שריפֿטשטעלערישער יחיד, ווי אָריגינעל און סוביעקטיוו

ער זאָל ניט זײַן. איז ער בלויז דער אינדיווידועלער געשטאַלטיקער אין אַ שאַפֿונג־פּראָצעס פֿון אַ היסטאָרישן קאָלעקטיוו. דאָס גילט אויך פֿאַרן קאָלעקטיוו פֿון ייִדישע שרײַבשטעלערס און פֿאַר דער אָרגאַניזאַציע פֿון שרײַבערישע ייִדישע יחידים.

איך האָב געהאַלטן, אַז דער ייִדישער פּען־קלוב קאָן ניט זײַן עפּעס אַ געשפּענסט אין די וואָלקנס. ער מוז זיך דורכויס אָנשפּאַרן אויף אַ געזעלשאַפֿטלעכער באַזע אין ייִדישן לעבן. דער ייִדישער סאָציאַליזם — אַזוי ווי עס באַנעמט אים דער „בונד" — איז דער איינציקער געזעלשאַפֿטלעכער כּוח בײַ ייִדן, וואָס האַלט אַז ייִדיש און ייִדישע ליטעראַטור זײַנען נישט נאָר עפּעס ווי שיינע צופֿאַלן און געלונגענע קאַפּריזן אין דער ייִדישער געשיכטע. דער „בונד" האַלט, אַז ייִדיש און ייִדישע ליטעראַטור זײַנען רק דער קאָנדענסירטער המשך פֿון דער דיאַלעקטיש־שאַפֿנדיקער ייִדישער געשיכטע, און אַז אויף דער ייִדישער קעגנוואַרטיקייט דאַרף מען בויען די ייִדישע צוקונפֿט. אָט דעם אויפֿבויענדיקן געזעלשאַפֿטלעכן כּוח דאַרף מען אויסניצן ווי אַ באַזע פֿאַר דעם קאָלעקטיוו פֿון ייִדישע שרײַבשטעלערס.

דער „בונד" אין פּוילן איז נישט געבליבן גלײַכגילטיק צו די בולטע טענדענצן פֿון דער פֿירונג פֿון פּען־קלוב. אויף די שפּאַלטן פֿון דער „פֿאָלקס־צײַטונג" — און איר השפּעה אין פּוילן איז געווען אומגעווײנטלעך גרויס — האָט מען אָנגעהויבן פּאָפּולער מאַכן צווישן די ייִדישע מאַסן די אינסטיטוציע פֿון ייִדישע שרײַבשטעלערס. מען האָט זי פֿאָרגעשטעלט ווי אַ וויכטיקן מאָראַלישן כּוח. עס האָט אויסערגעוויינטלעך מיטגעווירקט אויפֿצוהייבן דעם באַטײַט פֿון פּען־קלוב און פֿון די ייִדישע שרײַבשטעלערס ווי אַן אויפֿבויענדיקער כּוח.

אָבער נישט בלויז מיט ווערטער און קאָמפּלימענטן האָט דער „בונד" אויסגעדריקט זײַן חשיבֿות־געפֿיל צום ייִדישן פּען־קלוב אין פּוילן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר, די פֿאַרוואַלטונג פֿון

פען־קלוב, האָבן זיך פאַרוויקלט אין אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט שלום אַש. די מעשׂה איז געווען די פאָלגנדיקע: זײַענדיק אין ארץ־ישׂראל, האָט זיך שלום אַש עפנטלעך אויסגעדריקט זייער גרינג־שאַציק קעגן דער ייִדישער שפּראַך. שלום אַש איז דעמאָלט געווען דער ערן־פאָרזיצער פון ייִדישן פען־קלוב. מיר, די פאַרוואַלטונג, האָבן עס געהאַלטן פאַר נישט־דערלאָזבאַר, אַז דער ערן־פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע פון ייִדישע שריפטשטעלערס זאָל עפנטלעך ריידן מיט ביטול קעגן ייִדיש. מיר האָבן אָנגעשריבן אַ קאָמוניקאַט, אין וועלכן מיר זעצן־אַראָפּ שלום אַשן פון ערן־פאָרזיצער־אַמט. אונדזער טאַט האָבן מיר דערקלערט מיט די געהעריקע מאָטיוון. דעם קאָמוניקאַט האָבן מיר אָפּגעדרוקט אין דער „פאָלקס־צײַטונג“.

שלום אַש האָט דעמאָלט מיטגעאַרבעט אין „הײַנט“. די ציוניסטן האָבן געפונען פאַר נייטיק אײַנצולייגן וועלטן פאַר דער קריוודע, וואָס מען האָט געטאָן אַשן. זיי האָבן אָנגעהויבן אויפצוהייבן אַ „פאָלקס־צאָרן“ קעגן ייִדישן פען־קלוב אין פוילן, וואָס ווערט אָנגעפירט פון בונדיסטן. מען האָט דערוועגן געשריבן אַרטיקלען און לייט־אַרטיקלען. דער עיקר האָט מען סײַ אין וואַרשע און סײַ אין דער פּראָווינץ אָנגעהויבן צונויפצורופן מאַסן־פאַרזאַמלונגען, כּדי צו פּראָטעסטירן קעגן די מעשׂים פון פען־קלוב בנוגע שלום אַשן.

אין דער „פאָלקס־צײַטונג“ איז באַלד אָפּגעדרוקט געוואָרן אַ לייט־אַרטיקל געשריבן פון שלמה מענדלסאָן: דער „בונד“ שטעלט זיך אין גאַנצן אויף דער זײַט פון פען־קלוב וואָס שייך דער האַנדלונג אין ענין שלום אַש. אומעטום, אויף אַלע מאַסן־פאַרזאַמלונגען, זײַנען אויפגעטראָטן בונדיסטן און האָבן שאַרף פאַרטיידיקט דעם פען־קלוב. דער סוף פון גרויסן „פאָלקס־צאָרן“ איז געווען, אַז אויף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז די אַלטע פאַרוואַלטונג אויסגעקליבן געוואָרן מיט נאָך אַ גרעסערער צאָל שטימען און דער בונדישער פאָרזיצער איז אויסגעקליבן געוואָרן איינשטימיק.

אין אַ צײַט שפּעטער זײַנען מיר ווידער אַרײַן אין אַ קאָנפליקט מיט דער פּוילישער עפנטלעכער מיינונג. ד״ר י. מ. שטיינבערג

איז געווען דער דעלעגאַט פֿון יידישן פען־קלוב אויפֿן אינטערנאַ־
ציאָנאַלן פען־קאָנגרעס אין פּאַריז. דאָרטן האָט ער געהאַלטן אַ
רעדע און האָט אויך גערעדט וועגן דער לאַגע פֿון יידן אין פּוילן.
אין דער פּוילישער פּרעסע האָט מען עס אויפֿגעפֿאַסט ווי אַן אָנפֿאַל
אויף דער פּוילישער מלוכהשער זעלבשטענדיקייט און ס'האָט זיך
אָנגעהויבן אַ מוראדיקע העצע קעגן יידן און קעגן אונדזער פען־
קלוב. עס איז שוין געווען היטלערס באַרגאַרויף און דער אַנטיסע־
מיטיזם אין פּוילן איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. העגריק ערליך
האָט זיך געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיט די אינסטאַנצן פֿון פּ.פּ.ס.[1]
אין „ראָבאָטניק" (פּאַרטיי־אָרגאַן פֿון דער פּ.פּ.ס.) איז באַלד דער־
שינען אַן אַרטיקל, וואָס האָט זיך באַמיט צו נעמען אין שוץ דעם
יידישן פען־קלוב. נישט לאַנג דערנאָך האָט זיך דער גאַנצער יידי־
שער פּראָלעטאַריאַט אין פּוילן געגרייט צוזאַמענצורופֿן אַן אַרבע־
טער־קאָנגרעס קעגן וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם. אין די הכנות צו
דעם וויכטיקן קאָנגרעס פֿון יידישן אַרבעטער־קלאַס האָבן זיך גע־
גרייט אַלע יידישע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען: דער „בונד", די
קאָמוניסטן, די רעכטע און לינקע פּועלי־ציון. דער „בונד" האָט
פֿאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל דעם יידישן פען־קלוב אין פּוילן געבן
צוויי דעלעגאַטן אויפֿן אַרבעטער־קאָנגרעס. קיינער איז נישט געווען
דערקעגן. אַלע פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען האָבן עס געהאַלטן פֿאַר ריכ־
טיק, אַז די פֿאָרשטייערס פֿון דער יידישער ליטעראַטור דאַרפֿן זיין
אָפֿיציעל פֿאַרטראָטן ביי אַזאַ גרויסער דעמאָנסטראַציע קעגן שׂנאת־
ישׂראל. מיר האָבן טאַקע באַקומען צוויי דעלעגאַטן. פֿון קאָנגרעס
איז אָבער גאָר נישט געוואָרן. די פּוילישע רעגירונג האָט נישט
געוואָלט צולאָזן אַזאַ וואָגיקע און אימפּאָזאַנטע דעמאָנסטראַציע פֿון
קעמפֿערישן יידישן אַרבעטער־קלאַס.

בטבֿע בין איך אַ קאַבינעט־מענטש און האָב נישט ליב קיין
„בענקלעך". דערצו האָט דער אַמט פֿון פֿאָרזיצער ביי מיר צוגענומען

---

[1] (ראשי־תיבות) פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי.

אַ סך צײַט און מיר געשטערט אין מײַנע ליטעראַרישע אַרבעטן. נאָך דעם ווי דאָס קײַלעכדיקע יאָר האָט זיך איבערגעדרייט האָב איך געהאַט בדעה אַראָפּצוגיין פֿון בענקל. די אַרבעט פֿון פען־קלוב איז שוין געווען גוט אײַנגעפֿעדעמט און מען וואָלט זיך געקאָנט באַגיין אָן מיר. כ׳האָב נישט געמאַכט קיין סוד דערפֿון, אַז איך וועל מער נישט אַרויסשטעלן מײַן קאַנדידאַטור.

נאָענט פֿאַר דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג האָט מיך העניק ערליך גערופֿן צו זיך און מיר געזאָגט, אַז לטובֿת דעם „בונד" דאַרף איך בלײַבן פֿאָרזיצער לכל הפּחות נאָך אויף אַ יאָר צײַט. אין „בונד" האָט מען מיך געלערנט צו פֿאָלגן — און איך בין געבליבן בײַ דער אַרבעט.

דאָס קײַלעכדיקע יאָר האָט זיך ווידער איבערגעדרייט און עס האָט ווידער געהאַלטן בײַ וואַלן. די השפּעות פֿון „בונד" אויף די יידישע מאַסן זײַנען זיך אויסערגעווײנטלעך פֿונאַנדערגעוואַקסן, און מחמת דעם האָט דער פען־קלוב נאָך קאָנסעקווענטער געפֿירט זײַן ליניע. איך האָב געזען, אַז טאָמער, חלילה, באַקום איך ווידער אַ באַפֿעל צו בלײַבן פֿאָרזיצער — דעמאָלט איז אויס מיט דער קאַפּאָטע. איך וועל שוין זײַן פֿאָרזיצער ביז אין גרויען צאָפּ אַרײַן. האָב איך מיך געטאָן טאָן קלּיגן און מיך געמאַכט פֿאַר אַ נעבעכל און מיך אויסגעהיט צו דערציילן, אַז עס האַלט בײַ אַן אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג און בײַ וואַלן — כּלומרשט האָב איך אַ שלעכטן זכּרון און האָב די גאַנצע מעשׂה פֿאַרגעסן.

צום רעכטן מאָמענט האָב איך נישט געוואָלט אויסשטעלן מײַן קאַנדידאַטור און בין נישט אויסגעקליבן געוואָרן.

צו מאָרגנס נאָך די וואַלן איז אין דער פּרעסע געווען אָפּגעדרוקט אַ ליסטע מיט די נעמען פֿון דער נײַער פען־פֿאַרוואַלטונג. מײַן נאָמען האָט געפֿעלט. אין צענטראַלן קאָמיטעט איז מען באַלד געוווּיר געוואָרן, אַז איך האָב נישט געוואָלט אַרויסשטעלן מײַן קאַנדידאַטור. דער חבֿר עמנואל האָט מיר טעלעפֿאָנירט, אַז תּיכּף ומיד זאָל איך צו אים אַרויפֿקומען.

ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט, האָב איך באַלד געזען דעם שטורעם. דער חבֿר עמנואל איז געזעסן אַן אויפֿגעקאָכטער. דאָס פּנים האָט אים געפֿלאַמט פֿון צאָרן. ער האָט פֿאַרגעסן די גאַנצע גוטפֿרײַנדשאַפֿט מיט מיר, ווי אויך די שיינע פֿילאָסאָפֿישע געשפּרעכן, וואָס מיר פֿירן וועגן אייביקייט און פֿאַר־געגנגלעכקייט. פֿאַר אים איז געשטאַנען אַ בונדיסט, וואָס האָט נישט געטאָן זײַן חובֿ. ער האָט געקלאַפּט מיט דער פֿויסט אין טיש אַרײַן און אויף מיר אָנגעשריִען:

— ווער האָט אײַך געגעבן דאָס רעכט צו פֿאַרטאַכלעווען אַ בונדישע פּאָזיציע?

איך בין נישט געווען אַזוי נאַיִוו צו שפּילן פֿאַרן חבֿר עמנואל דאָס אומשולדיקע לעמעלע און אַז כ׳האָב כלומרשט נישט געוווסט, אַז איך באַדאַרף ווײַטער פֿאַרבלײַבן פֿאָרזיצער פֿון פען־קלוב. במשך זײַן פּאַרטיי־אַרבעט האָט דער חבֿר עמנואל געהאַט צו טאָן מיט פּיפּיקערע דיפּלאָמאַטן ווי איך בין עס געווען. און זיי האָבן אים אויך נישט אָפּגענאַרט. על כּן האָב איך געטאָן דאָס פֿאַרנונפֿטיקסטע, וואָס עס איז געווען צו טאָן אין אַזאַ סיטואַציע: איך האָב געשוויגן.

### בײַ דער פֿאַמיליע פוקס.

אין די לעצטע צוויי יאָר פֿאַרן חורבן פּוילן האָב איך געוווינט אין אַ קליין פּאַלאַצל כּמעט ווי הינטער וואַרשע. אַמאָל וואָלט מען געווען געזאָגט, אַז איך ווױן שוין הינטער די ראָגאַטקעס[1]. עס איז דאָרט געווען האַלב הינטערשטאָט. די פֿענצטער פֿונעם פּאַלאַצל זײַנען אַרויסגעגאַנגען אויפֿן באַרימטן לאַזשענקעס־פּאַרק מיט דער געדיכטעניש פֿון זײַנע אַלטע ביימער. פֿרילינג האָט פֿאַרריסן דאָס בליִעכץ. זומער האָט מען בײַ מיר אין שטוב געהערט, ווי עס רוישן

עק שטאָט, גרענעץ־ליניע וווּ די שטאָט ענדיקט זיך.

די בלעטער און די ווינטן צווישן די אַלטעביימער. ווינטער האָט אַלצדינג געגלאַנצט אין טיפֿן ווײַסן שניי. אינעם באַרימטן פּוילישן האַרבסט האָבן זיך די לאַזשענקעס פֿאַרוואַנדלט אין אַן אומעטיקער וועלט פֿון אַלט גאָלד און קופּער. דאָס פּאַלאַצל גופֿא איז אויך געשטאַנען אין אַ קליין גערטנדל. עס האָבן דאָרט געוואַקסן אַגרעס און מאַלינעס, ווי אויך קאַרשן, עפּל, באַרנעס און בלויע טויזיקע פֿלוימען.

די באַלעבאַטים פֿון דעם דאָזיקן פּאַלאַצל הינטער די וואַרשע־ווער ראָגאַטקעס — ווי אויך מײַנע זייער פֿרײַנדלעכע ליבהאַרציקע שכנים — זײַנען געווען די פֿאַמיליע פֿוקס. עס איז געווען אַ קליינע פֿאַמיליע. בלויז אַ מאַן מיט אַ פֿרוי. אין זיי האָט מען געקאָנט זען — ווען עס וואָלט נישט געווען געקומען דער חורבן — וואָסער סימפּאַטישע מאָדערנע יִדישע אינטעליגענץ עס האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן צווישן פּוילישע יִדן נאָך אַ תּקופֿה פֿון ווידעראַנאַנדן און ווידערשפּרוכן. זײַנען דאָך ווידערשפּרוכן אומבאַדינגט נייטיק בײַ יעדער פֿרוכטיקער אַנטוויקלונג! דאָס גוטע אַלטע יִדישקייט אין פּוילן האָט באַוויזן זיך רמשכדיק צו טראַנספֿאָרמירן אין נײַע לע־בנס־פֿאָרמען. מיט דעם האָט ווידער געקאָנט קומען אַ טעזע און מעגלעך אַ פּאָזיטיווע באַנײַונג פֿון יִדישן לעבן.

אין דער שטוב פֿון דער פֿאַמיליע פֿוקס, אינעם פּאַלאַצל הינטער די ראָגאַטקעס, האָט מען אויסערגעוויינטלעך ליב געהאַט תּורה און תּלמידי־חכמים, יִדישע ליטעראַטור און יִדישע שריפֿטשטעלערס. אין אַ געווויסן פּרט איז עס געווען אַ היים פֿאַר יִדישע שרײַבערס און מאַלערס.

נאָך אַ מעלה וויל איך דערציילן פֿון דער משפּחה פֿוקס. מען האָט דאָרט ליב געהאַט הינט. דער באַלעבאָס פֿוקס איז געווען אַ שטילער איידעלער יִיד און האָט צום מיינסטן האָלד געהאַט צוויי זאַכן: לייענען גוטע ביכער און עוסק זײַן זיך אין זײַן גערטנדל. ער האָט דאָס פֿאַרפֿלאַנצט די גוטע אַגרעס און מאַלינעס און געהאַט

די אַמביציע, אַז זײַנע פֿלוימען־ביימער זאָלן טראָגן אויף זיך די שענסטע און זאַפֿטיקסטע פֿלוימען.

די מאַדאַם פֿוקס איז געווען איינע פֿון די מערקווערדיקסטע יידישע פֿרויען, וואָס איך האָב געטראָפֿן. עס האָט געהייסן, אַז זי טראָגט אויף זיך אַ גאונישן סוחרישן קאָפּ. זי איז געווען דירעק־טאָרשע אין איינער פֿון די גרעסטע לעדער־גאַרבאַרניעס [1] אין פּוילן. יידן האָבן דערציילט פֿון איר חידושים. די פּיפּיקסטע סוחרים האָבן זיך געמוזט גוט אונטערגאַרטלען בעת זיי זײַנען געגאַנגען מאַכן מסחר מיט דער מאַדאַם פֿוקס. עס איז נישט געווען צו שפּאַסן מיט אָט דער שטילער און זייער טאַקטפֿולער יידענע. די קליגסטע סוחרים האָבן זי באַוווּנדערט און זי גערופֿן אויף מאַמע־לשון: דבֿורהלע. מען האָט געזאָגט, אַז אינעם פּוילישן מיניסטעריום פֿאַר האַנדל און אינדוסטריע פֿלעגט מען זיך מיט איר באַראָטן וואָס שייך דער פּראָ־דוקציע פֿון לעדער. אין די יאָרן, ווען איך האָב געוווינט בײַ די פֿוקסעס, האָט מען געשיקט נאָך איר פֿון מאָסקווע, כּדי צו מאַכן מיט איר געשעפֿטן. פֿאַר אַ פּוילישן בירגער צו פֿאָרן קיין מאָסקווע איז דעמאָלט נישט געווען פֿון די גרינגע פֿייגעלעך. זי איז אַהין געפֿאָרן מיט דער הסכּמה און צו דער גרויסער צופֿרידנקייט פֿון פּוילישן האַנדלס־מיניסטעריום. אין מאָסקווע האָט זי געהאַט קאָנפֿע־רענצן מיט די שפּיצן פֿון סאָוועטישן האַנדל.

די וועלט פֿלעגט אָפֿט דערציילן פֿון אָט אַזעלכע שאַרפֿע מאַנס־בילישע ווײַבער. אשת־חיילס, וואָס האָבן געפֿירט געשעפֿטן ביד רמה, מצליח געווען און געוויזן אַלע מאַנסבילן ווער עס איז עלטער. אָט אָ די עקזאָטישע יידענעס האָבן מיר זיך פֿאָרגעשטעלט ווי שיינע לומדישע יידן וואָס טראָגן — על פּי טעות — אַ ספּודניצע און זײַנען — על פּי טעות — פּטור פֿון לייגן תּפֿילין און זיצן אין סוכּה. אַחוץ דעם זײַנען זיי מאַנסבילן לכל דבֿריהם. זיי איז גאָר נישט אָנגעשטאַנען זיך צו חבֿרן מיט ווײַבער. זיי האָבן געשמועסט

[1] פֿאַבריקן ווו מען אַרבעט־אויס פֿון רויער פֿעל לעדער.

מיט קלוגע ייִדן ווי מיט זייערס גלײַכן און אויף אַלע ווײַבערשע עולם־הזהס האָבן זיי געקוקט ווי אויף אַ שמעק טאַבאַק. עפּעס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער מלאך פּימפּער האָט אַמאָל געמוזט כאַפּן אַ דרעמל און דערבײַ אַרויפֿגעזעצט אויף אַ נאַרישן ווײַבערישן גוף אַ פֿײַערדיקן קאָפּ פֿון אַ מיושבֿדיקן ייִד. האָבן טאַקע ס׳רובֿ אשת־חיילס געהאַט מאַנסבילשע שטימעס און אַלע תּנועות און העוויות פֿון אַ ייִד אַ סוחר. ווען מען האָט מיט זיי גערעדט, האָט מען געמוזט האַלטן קאָפּ, אַז מען האָט פֿאַר זיך זיצן אַ ייִדענע. פֿרומע חסידים האָבן זיך אַמאָל פֿאַרגעסן און געקוקט אַזעלכע נשים גלײַך אין פּנים אַרײַן. און דער יצר־הרע? ער איז, נעבעך, געלעגן אײַנ־געלייגט ווי אַ לעמעלע און געשוויגן. דער בעל־דבֿר — ווײַל זיי זײַנען אַזוי זעלטן — ווייסט נישט ווי מען איז זיך נוהג בײַ גאונישע ווײַבער.

ווען איך וואָלט נישט געווען געהערט דערציילן די וווּנדער־לעכע חידושים וועגן דבֿורהלע פֿוקס און וואָלט זי נישט געזען יעדן אינדערפֿרי אַוועקפֿאָרן אויף אַן אויטאָמביל אין דער פֿאַבריק אַרײַן, וואָלט איך זי מיר פֿאָרגעשטעלט ווי דאָס שטילסטע און צערטלעכסטע פֿרויען־ווײַזן. עפּעס ווי אַ מין „גרעטכען”. אַזוי האָב איך זי געזען אין איר היים אין אָוונט, ווען זי איז געקומען צוריק צו פֿאָרן אויף איר אויטאָמאָביל נאָך אַ טאָג אַרבעט. זי איז גע־גאַנגען אָנגעטאָן שיין און עלעגאַנט און זייער ווײַבלעך. מיט שיינע בלאָנדע צעפּ פֿאַרפֿלאָכטענע איבערן קאָפּ. זי האָט זיך געמישט אין דער שטוב־באַלעבאַטישקייט און אָפֿט מאָל אויפֿגענומען געסט. אירע געסט זײַנען געווען ייִדישע שרײַפֿטשטעלערס און מאָלערס און בכלל ייִדישע אינטעליגענץ. איר אינטימסטע פֿרײַנדין איז געווען די דיכטערין קאַדיע מאָלאָדאָווסקי. איך פֿלעג אויך אָפֿט זײַן בײַ איר צו גאַסט. זיצנדיק בײַם טיש און צוהערנדיק די אַלערליי שמועסן וועגן ליטעראַטור און קונסט, האָב איך נישט געקאָנט אָפּרײַסן די אויגן פֿון דער דאָזיקער צאַרטער און מערקווערדיקער פֿרוי. הזאת נעמי? איז זי דאָס די יעניקע, וואָס אַ גאַנצן טאָג דרייט זי אַ רעדל

אין וואַרשע און די פּיפּיקסטע סוחרים אויף נאַלעווקעס און גענשע קוקן איר אין מויל אַרײַן און מוזן זיך גוט אונטערגאַרטלען, ווען זיי מאַכן מיט איר מסחר, און אין די פּוילישע מיניסטעריומס פֿרעגט מען זיך בײַ איר עצות און מען פֿאַרבעט זי קיין מאָסקווע, כּדי צו האָבן מיט איר קאָנפֿערענצן? איז אָט דער שיינער מיידלשער קאָפּ פֿול מיט די גאונישקייטן פֿון מסחר? איך האָב עס געוואָלט אַראָפּלייענען פֿון איר פּנים און פֿון אירע ליפּן. אומזיסט! על פּי רובֿ איז זי געווען אַ שווײַגנדיקע, צוגעהערט די גײַסטיקע שמועסן און עוסק געווען אין כּבוד. ווען זי האָט אַ מאָל עפּעס געזאָגט, איז עס געווען קלוג און טאַקטפֿול און מיט זייער פֿיל איידעלן הומאָר. איך האָב אָפּט מאָל געטראַכט, אַז אָט די גאַנצע שאַרפֿע פּראַקטישקייט פֿון דער דאָזיקער שטילער און באַחנטער פֿרוי איז בײַ איר נישט מער ווי אַ געמיטפֿול שפּיל פֿון הומאָר און איראָניע.

די אייגנטלעכע מיוחסת אין הויז בײַ די פֿוקסעס איז געווען אַ קליין הינטל. איך אַליין בין אַ בן־יחיד און מיר איז אויך אויסגעקומען צו זען פֿאַרפּיעשטשעטע בני־יחידים און בת־יחידקעס. נאָר אָט דאָס הינטישע נקבֿהלע מיטן נאָמען „טשאַראַ" האָט באמת געשלאָגן אַלע רעקאָרדן, וואָס שייך צעבאַלעוועטער אײַנרעדעניש. האָט עס געטאָן אויף עמעצן אַ ביל, איז עס זיכער געווען, אַז יענער מעג זיך דערפֿון פֿילן גליקלעך און מעג זיך די זכיה פֿאַרשרײַבן הינטערן אויער. מיט צערטלעכקייט איז עס געווען גאָר קאַרג און שפּאָרעוודיק. עס האָט מיט דעם געוואַרט אַ גאַנצן טאָג ביז די מאַדאַם פֿוקס איז אַהיימגעקומען אין אָוונט צו פֿאָרן מיטן אויטאָמאָביל. דעמאָלט האָט טשאַראַ שוין קיינעם נישט געזען און קיינעם נישט געוואָלט מזכּה זײַן מיט דעם מינדסטן ביל. זי האָט מיוחסדיק געדרייט מיט איר קורצן אָפּגעהאַקטן ווידעלע און נישט אָפּגעטראָטן פֿון דער מאַדאַם פֿוקס ווי אַ געטרײַער שאָטן. אין יענע שעהן האָט די גאַנצע וועלט אויסגעקוקט בײַ טשאַראַן ווי אַ שישקע פּולווער. קיינער עקסיסטירט נישט מער. אויף דעם עולם־הדמיון דרייען זיך

אַרום נישט מער ווי צוויי חשובֿע נפֿשות — דאָס הינטל טשאַראַ און די מאַדאַם פֿוקס.

עס איז נישט צו פֿאַרלייקענען: מאַדאַם פֿוקס האָט טאַקע טשאַראַן פֿאַרצערטלט. הינט קוקן אויף זייערע באַלעבאַטים ווי אויף די העכסטע גאָטהייטן און ווי אויף די איינציקע מושלים איבער דער וועלט. איז ניש קיין ווונדער, וואָס טשאַראַ האָט זיך געזען פֿאַרצערטלט פֿון די העכסטע קאָסמישע אינסטאַנצן. אויב די גאָט־הייטן ווילן אַזוי, איז טאַקע מן הסתם דאָס הינטל טשאַראַ דאָס איי־בערשטע פֿון דעם וועלטשטייסל.

מיט אַ מאָל מאַכט זיך אַ מעשׂה: מען זעט, אַז ביי טשאַראַן הייבט־אָן צו וואַקסן דאָס בייכל. באַלד איז געוואָרן אַ סוד פֿאַר בראָד, אַז אָט די מיוחסטע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אַנדערע הינט. און טשאַראַ איז פֿאַרנומען אין טראָגן. ווער איז דער גליקלעכער טאַטע? אויף דעם האָבן מיר זיך אַלע געבראָכן די קעפּ אינעם פּאַלאַצל פֿון דער פֿאַמיליע פֿוקס. ס׳הייסט? אָט די אײַנגערעדטע און פֿאַרפּיעשטשעטע בעל־גאַווהניצע האָט זיך דאָך קיין מאָל נישט אָפּגעגעבן מיט אַנדערע הינט! ס׳איז דאָך, דוכט זיך, נישט געווען דער הונט אויף דער וועלט, וואָס זאָל טשאַראַן אָנשטיין צום יחוס? טראַכט אַהין און טראַכט אַהער — ווען די וועגן פֿון יצר־הרע זײַנען באמת ווונדערלעך און כּיטרע. ער געפֿינט שוין, דער בעל־דבֿר, אַן עצה ווי אַזוי צוצוקומען צו אַזאַ הויכגעשטעלט כּלבֿל ווי די קליינע טשאַראַ.

מיר האָבן זיך אַלע אָנגעהויבן צוגעוווינען צום געדאַנק, אַז טשאַראַ ריכט זיך אין קימפּעט אַרײַן און מען דאַרף האָפֿן, אַז זי וועט עס אַריבערקומען בשלום. די מאַדאַם פֿוקס האָט דאָס מעור־ברתדיקע הינטל נאָך מער אָנגעהויבן צו פֿאַרפּיעשטשען. דאָס בייכעלע איז ביי טשאַראַן געוואַקסן פֿון טאָג צו טאָג. איר אָטעם איז געוואָרן שווער און קורץ פֿון דער גרויסער משׂא. טשאַראַן איז שווער אָנגעקומען דאָס גיין און זי האָט נאָר געוואָלט, אַז מען זאָל זי אַרומטראָגן. די מיוחסניצע האָט זיך אָנגעהויבן צו האַלטן פֿאַר

אַ טראַגישע פּערזענלעכקייט און זי האָט נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַר וואָס די זון שײַנט נאָך און פֿאַר וואָס אַלע אין שטוב עסן און טרינקען און טוען אַנדערע זאַכן, בעת איר, טשאַראַן, איז אַזוי שווער אויפֿן לײַב און זי שלעפּט זיך קוים אויף די פֿיר פֿיסלעך?

ווען די מאַדאַם פֿוקס האָט יעדן פֿרימאָרגן באַדאַרפֿט אַוועקפֿאָרן אין פֿאַבריק און דרייען דאָרט דאָס גרויסע רעדל אין וואַרשעווער מסחר, האָט זי זיך מיט טשאַראַן האַרציק געזעגנט. דאָס הינטל האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ פּאָר גרויסע טרויעריקע אויגן, ווי אַלע וועלטן וואָלטן באַדאַרפֿט איצטער נעמען און אונטערגיין: סטײַטש? — האָבן אויסגעקוקט צו מאָנען טשאַראַס אויגן — ווי קאָן מען אַוועקפֿאָרן און מאַכן געשעפֿטן מיט לעדער, ווען מיר איז אַזוי ביטער אויפֿן האַרצן און איך קאָן מיך קוים האַלטן אויף מײַנע פֿיר פֿיסלעך? די מאַדאַם פֿוקס האָט עס טאַקע געדענקט און אין מיטן די ברענענדיקסטע מסחרים פֿלעגט זי אַלע צוויי שעה טעלע־פֿאָנירן און מיט אַ פֿאַרזאָרגט קול פֿרעגן וואָס עס מאַכט די חשובֿע מעוברתטע.

ענדלעך זײַנען אָנגעקומען די גרויסע טעג. טשאַראַ איז גע־קומען אויף דער צײַט און זי האָט באַדאַרפֿט געלעגן ווערן. צוויי אַ זייגער בײַ טאָג, ווען איך בין געזעסן בײַ מיר אין צימער און געאַרבעט, האָט מען אָנגעקלאַפּט בײַ דער טיר. אַ דערשראָקענע קומט אַרײַן צו מיר די דינסט פֿון די פֿוקסעס און זאָגט, אַז עס „הייבט זיך אָן בײַ טשאַראַן”. די מאַדאַם פֿוקס איז נישט אין דער היים. קיינער אונטן בײַ די פֿוקסעס ווייסט נישט וואָס מען באַדאַרף טאָן, ווען טשאַראַ „גייט צו הינטלעך”. איך האָב געהאַט אַ שם פֿאַר אַ שטיקל מומחה אויף הינט. בעט מען מיך זייער, אַז איך זאָל תּיכּף ומיד אַראָפּקומען און זײַן דער גליקלעכער אַקושער. זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך בין איך באַלד אַראָפּגעגאַנגען צו די פֿוקסעס צו־זאַמען מיט חנהן. די חשובֿע קימפּעטאָרין איז געלעגן אויף אַ קישן אויף דער ערד און שוואַך געזיפֿצט. אַ קליין בלינד הינטיש קעפּעלע האָט שוין געהאַט אַרויסגעשטעקט פֿון טשאַראַס מוטערטראַכט. די

פֿאַרפּיעשטשעטע מיוזסטע האָט דאָס מינדסטע נישט געוואָלט טאָן, כּדי לײַכטער צו מאַכן און צוצוהעלפֿן צו דער געבורט. זי איז געלעגן און געזיפֿצט און געקוקט מיט רחמנות־אויגן אויף דער וועלט און געזוכט די מאַדאַם פֿוקס.

...איך האָב געהאַט מײַן אייגנס אַ הונט. מײַן הונט האָט געהייסן ניק און איז געווען דער לעצטער הונט, וואָס איך האָב געהאַט. ווען איך בין אַנטלאָפֿן פֿון וואַרשע אויף קיין מאָל מער נישט צוריקצוקומען, איז ניק געשטאַנען בײַ דער טיר און טיף אויף מיר געקוקט מיט זײַנע שוואַרצע זייער ווונדערלעכע און זייער טרויעריקע אויגן. מן־הסתּם האָט ער מער געוווּסט ווי איך, וואָס עס באַטײַט דער שיקזאַל. איך האָב אין מײַן לעבן געזען אַ סך חיות און האָב מיך שטאַרק מיט זיי אינטערעסירט. אָבער ווען דער מענטש ווערט אַ חיה, שלאָגט ער אַלע רעקאָרדן. אַלע חיות קוקן אַנטקעגן אים אויס ווי לעמעלעך. דער טיגער מעג זיך גיין בײַם מענטשן לערנען, וואָס עס הייסט פֿאַרצוקונג. דער מענטשלעכער שׂכל קאָן זײַן אַ סך געפֿערלעכער ווי די שאַרפֿסטע חיה־ציינער. דער שׂכל קאָן אויסטראַכטן אופֿנים פֿון פֿאַרניכטונג און גרויזאַמ־קייט, וואָס די ווילדסטע חיה האָט עס אַפֿילו נאָך נישט געהאַט געזען אין חלום. מיר, מענטשן פֿון הײַנטיקן דור, איבער הויפּט די ייִדישע מענטשן פֿון הײַנטיקן דור, האָבן עס געזען באַשײַמפּער־לעך... איך האָב תּמיד ליב געהאַט צו האָבן נעבן מיר אַ חיה. ווערדליק דער חיה מאַכן מיר דעם חשבון פֿון די מדרגות, סײַ וואָס שייך דעם וועלטבאַנעם פֿון די נפֿשות און סײַ זייער עטיק און מאָראַל. איך האָב געהאַט פֿיש אין אַ וואַסער־באַסיין, אַלערליי פֿייגל אין שטײַגן, ווי אויך קעץ. דער הונט אָבער איז דאָס נאָענטסטע און דאָס אָפֿנסטע בוך פֿון דער לעבעדיקער נאַטור. ער איז אַן אָפֿנקייט, וואָס איז — פּונקט ווי די ליכטיקע וועלט — טונקעלער פֿון אַלע טונקלענישן... ניק איז געווען אַ פּודלהונט. דאָס איז אַן אַלטע אַריסטאָקראַטישע ראַסע פֿון הינט. זיי האָבן שוין בײַם אויסשטאַרבן צוזאַמען מיט די רעשטלעך פֿון דער ראָמאַנטישער

תקופֿה, וואָס זײַנען אונדז נאָך פֿאַרבליבן פֿון דער אַלטער וועלט. בײַ די אַמאָליקע פּאָעטן — אין די צײַטן פֿון געטע און בײַראָן — איז געווען דער גלאַנצפּעריאָד פֿון דעם געשלעכט פֿון די פּודל־הינט. צוזאַמען מיט דעם גרויסן וועלטשמאַרץ האָט מען אויך זיי באַזונגען און זיי האָבן געהערט צו דעם רעקוויזיט פֿון די אַמאָליקע גרויסע דיכטערס.

פון בוך

# משיח־געוויטער

היסטאָרישער ראָמאַן פון די צײַטן פון שבתי־צבי

## ייִדן קוקן־אַרויס פֿון די פענצטער

### דער בעל־שם פֿאַרטיילט ירושה

— 1 —

קודם פטירתו האָט דער בעל־שם צוגערופֿן זײַנע תּלמידים צום בעט און צווישן זיי צעטיילט אַלערליי וועלטן פֿון רוחניותדיקער שפֿע. ער האָט זיי געגעבן אין די הענט אַרײַן אַלערליי שליסלען צו די סודות־התּורה. ער האָט אַפֿילו צווישן זיי צעטיילט די גלגלים און די מזלות פֿון גאָר די זיבן הימלען. אַ יעדער פֿון זײַנע תּלמידים האָט צו דעם גאָלדענעם שליסל פֿון אייבערשטן מלכות באַקומען צוגעטיילט אַ צעבראָכענעם טאָפּ פֿול מיט אונטערשטער אָרעמשאַפֿט. אַ יעדער איינער פֿון דער חבֿריא איז טאַקע געוואָרן אַ שׂר און אַ קצין אין אַ קימא־לן פֿון אַ הונדערט עולמות־עליונים — אונטן, אויפֿן עולם התּחתּון, איז ער אָבער פֿאַרבליבן אַ ייִד אַן אָרעמאַן, וואָס האָט קוים געהאַט אויף שבת. אייניקע פֿון די אייבערשטע קצינים האָט דער בעל־שם געהייסן אַרומגיין אין די תּפֿוצות צווישן ייִדן ווי אַן אָרעמאַן, אַ מדינה־גייער, און לײַדן גלות באַגלײַך מיט דער שכינה.

צווישן זײַן חבֿריא האָט דער בעל־שם טובֿ געהאַט איינעם, וואָס איז בײַ זיך געווען גאָר־גאָר אַ שפֿל־ברך [1] און זיך געהאַלטן בידע־

[1] באַשיידענער מענטש.

ריקער ווי גראָז. ער האָט געהייסן ר׳ יעקבֿ. איצטער, ווען דער בעל־שם איז געווען אין דער מדרגה ענדגילטיק צו פֿאַרלאָזן די שאַרבנס פֿון עולם־התחתּון און האָט צעטיילט זײַנע ירושות צווישן די תּלמידים, איז דער שפּל־ברך, ר׳ יעקבֿ הנ״ל, געשטאַנען גאָר־גאָר הינטן צווישן דער חבֿריא. ער האָט, נעבעך, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געשטאַנען פֿאַרן בעל־שמס בעט כּעני בפתח. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער בעל־שם האָט שוין אויסגעליידיקט את בית־נכאתו און ער האָט מער נישט וואָס צו פֿאַרגעבן.

וישׂא את קולו — האָט דער בעל־שם אויפֿגעהויבן זײַן קול — און צוגערופֿן דעם גרעסטן עניו פֿון זײַנע תּלמידים. ר׳ יעקבֿ האָט זיך קוים געוואַגט צוצוגיין און זיך אַוועקצושטעלן צווישן בעל־שמס מאָרי־דגדפֿין [2], די יִדן מיט די גרויסע פֿליגל.

— דיר, ר׳ יעקבֿ, וועל איך מוסר־זײַן דעם שליסל פֿון דערציילן מעשׂיות! — האָט דער בעל־שם געזאָגט צום שפּל־ברך — וועסט אַרומפֿאָרן אין תּפֿוצות־ישׂראל און דערציילן מעשׂיות. ווען מען לייגט די סודות־התּורה אַרײַן אין פּשוטע בבֿא־מעשׂיות — דעמאָלט ליגט אויפֿן מענטשנס צונג אַ נײַער מעשׂה־בראשית. די נשמות טוען זיך אָן אין געוועַנדער פֿון גופֿים און אין געשמיידן פֿון פּר־צופֿים און געשטאַלטן. אַלצדינג קומט־צוריק צו דער מדרגה פֿון די זיבן טעג פֿונעם ערשטן באַשאַף. דער אפֿס איז זיך מזווג מיטן צימצום [3] ווי אַ חתן מיט אַ כּלה. די גרעסטע סודות פֿון דער וועלט ווערן דעמאָלט פֿאַרשטענדלעך פֿאַר אַרענדאַרן אין די קרעטשמעס, פֿאַר מאַרקווײַבער בײַם פֿײַערטאָפּ, פֿאַר פּאַסטעכער און לעמער אויף דער לאָנקע.

נאָך דעם ווי דער בעל־שם האָט עס געהאַט געזאָגט צום בײַ זיך שפּלסטן פֿון זײַנע תּלמידים האָט ער, זכותו יגן עלינו, זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט ווי צו דער טיר אַרויסצוגיין פֿון עולם־

[2] מקובלים. — [3] גאָרנישט פֿאַרבינדט זיך מיטן עיקר, וואָס איז ווי עסענץ, ווי גאָטהייט.

התחתון. ויצאה נשמתו בטהרה, ער איז נפטר געוואָרן מיט מיתת־נשיקה. כּבֿיכול האָט אים אַ קוש געטאָן אויף די לעפּצן, ווי אַ חתן וואָס טוט אַ קוש דער כּלה קודם — פֿאַר דער מצווה פֿון זיווג.

— 2 —

וילכו למסעיהם — אַ יעדער פֿון דעם בעל־שמס תּלמידים האָט גענומען די ירושה און זיך מיט איר געספּראַוועט ביד רמה. דער בעל־שם האָט אָנגעזאָגט האָדלען, אַז לאַחר פּטירתו זאָל זי דאָס בײַדל מיט דעם שקאַפּקעלע אַוועקגעבן ר׳ יעקבֿן. האָט ר׳ יעקבֿ גענומען די לייצעס אין דער האַנט אַרײַן, אָנגעהויבן נע־ונד צו זײַן אין די תּפֿוצות־ישׂראל און דאָרט צו דערציילן בבֿאָ־מעשׂיות. אין די שטעטלעך פֿלעגט ער ס׳רובֿ קומען אין די מאַרקטעג. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן בעל־שמס בײַדל אין מיטן מאַרק און אָנגעהויבן דערציילן מעשׂיות. עס זײַנען געקומען אים הערן נײַערט פּראָסטע ייִדן און פּראָסטע ווײַבער. דאָ האָבן זיך די צוהערערס הויך צעלאַכט. ר׳ יעקבֿס מעשׂיות פֿלעגן זיך אָפּט צעהעלן ווי סעדער אין צוויט. די וועלטן פֿון אויבן און פֿון אונטן האָבן דאָרט באַקומען דאָס פּנים פֿון אַ פֿריילעכן פּורים־שפּיל. דאָ האָבן די צוהערערס אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, געוואָרן אומעטיק. ווײַבער האָבן זיך געווישט די אויגן מיט די שפּיצן פֿון די פֿאַרטעכער. אין ר׳ יעקבֿס מעשׂיות זײַנען פּאַמעלעך אונטערגעגאַנגען די זונען. די אייבערשטע און אונטערשטע פֿריילעכקייטן זײַנען אַנטשטומט געוואָרן ווי זינג־פֿייגעלעך אין די פֿינצטערנישן. עס האָט עפּעס ווי אויסגעקוקט — פֿאַר אַלע פֿאַרשווינען אין ר׳ יעקבֿס מעשׂיות איז נישט מער פֿאַרבליבן סײַדן צו נעמען דוד־המלכּס תּהילימל אין די הענט אַרײַן און וואַרטן מיט בטחון.

ווען די קינדער אין די שטעטלעך זײַנען נאָך שקיעת־החמה אַהיימגעגאַנגען פֿון חדר, האָבן זיי זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם בעל־שמס בײַדל, אויסגעריסן האָר פֿון דעם ווײדל פֿון בעל־שמס

שקאַפּעלע. דאָס שקאַפּעלע האָט געשוויגן ווי דאָס אייזעלע פֿון ר׳ פּנחס־בן־יאיר. אויך פֿאַר די קינדער האָט ר׳ יעקבֿ געוווּסט צו דער־ציילן די שענסטע מעשׂיות. אויף זייער אופֿן האָבן קליינע ייִדישע קינדער באַנומען די סודות־התּורה נישט ווייניקער ווי די בעלי־קבין און די מחצדי־חקלאָ[4] אין די בלעטער פֿון „זהר״ און „עץ־חיים״.

ווען ער איז געפֿאָרן אין די גויִשע אינדרויסנס, צווישן שטעטל און שטעטל, און האָט געזען אויף די לאָנקעס פּאַסטעכער און לעמער, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם בעל־שמס בײַדל. אַראָפּגעגאַנגען. אויף פּראָסט גויִש לשון האָט ער פֿאַר די ערלים און די לעמער דערציילט אַלערליי מעשׂיות. די מעשׂיות זײַנען געווען האַלב־פֿריילעך און האַלב־טרויעריק. אויך די הערצער פֿון די ערלים און די לעמער האָבן געשפּירט דעם זיסן טעם פֿון די סודות פֿון דער וועלט און דער תּורה. אויף די לאָנקעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די טויען פֿון עולם־התּיקון. אַזוי האָט דער שפּיל־ברך ר׳ יעקבֿ זיך געספּראַוועט מיט דער ירושה, וואָס דער בעל־שם־טובֿ, זכותו יגן עלינו, האָט אים איבערגעלאָזט.

— 3 —

די וואַסערלעך לויפֿן. די קינדער וואַקסן.

בײַ ר׳ יעקבֿן אין דער היים איז געוואַקסן אַ בתולה. די מויד האָט שוין אַריבערגעשפּרײַזט דעם שמונה־עשׂרה. ר׳ יעקבֿס אישה איז געווען אַ שטילע, פֿרומע טויב. זי איז געווען אַ שׂמחה בחלקה און זיך צופֿרידן געהאַלטן מיט דעם טאָפּ ייִדישער אָרעמקייט, וואָס דער בעל־שם האָט איבערגעלאָזט פֿאַר יעקבֿן. פֿון דעסט וועגן האָט

[4] (על פּי קבלה) מענטשן מיט קוליעס זײַנען סימבאָלן פֿון פֿאַרקערטע באַגריפֿן. למשל: זעערס ווערן גערופֿן בלינדע. אַזוי זײַנען די שניטערס פֿון באַוואַקסענע פֿעלדער („מחצדי־חקלאָ״) מיסטישע פֿיגורן.

זי געקוקט אויף די שיינע שוואַרצע צעפּ פֿון איר טאָכטער, די בוגרת רבֿקה. עס האָט זיך איר, דער מאַמען, אויסגעדוכט אַז ס'וועט זיך פֿון דאָרט אַרויס די ערשטע שפּראָצונגען פֿון גרויע האָר. זי האָט פֿאַר ר' יעקבֿן שטיל אויסגעוויינט אירע ציטערנישן. דער ייִד, דער מעשׂה־דערציילער, האָט געטאָן אַ זיפֿץ און געטראַכט וועגן בעל־שם. וישמע — דער רבונו־של־עולם פֿאַרלאָזט נישט די ייִדן, וואָס האַלטן זיך שפּלער קעגן אים ווי דאָס נידעריקסטע גראָז; ייִדן, וואָס זיפֿצן, נעבעך, שטיל אין די נויטן, און אויך זייערע זיפֿצן זײַנען פֿול מיט בטחון.

איך, דער מחבר, בין זיכער, אַז אויבן, אין די עולמות־עליונים, האָט מען אויך אויפֿגעטאָן די אויערן און אויך צוגעהאָרכט ווי ר' יעקבֿ דערציילט זײַנע מעשׂיות פֿאַר פּראָסטאַקעס און לעמער. ויכמרו רחמיהם — האָט מען צוגעטראָגן צו ר' יעקבֿן, אַז ערגעץ־ווו, אין די מרחקים פֿון די תּפֿוצות, העט־העט בײַ די גרענעצן, ווו עס הייבן זיך אָן די לענדער פֿון בלויז די שבֿעים אומות — אין יענע מרחקים איז פֿאַראַן אַ שטעטל. אין אָט דעם שטעטל איז פֿאַראַן אַ ייִד אַ גבֿיר, וואָס צאָלט אַ רענדל, ווען מען דערציילט אים אַ מעשׂה פֿון בעל־שם.

ר' יעקבֿ האָט שוין פֿון לאַנג־אָן געהאַט צעבראָכן דעם יצר־הרע פֿון רענדלעך. פֿאַר זיך אַליין האָט ער מער נישט באַדאַרפֿט ווי די גרוגרת דרבי צדוק [5]. אָבער עס האָבן אים, נעבעך, ביטער געפּאַר־קעט די גרויע האָר, וואָס זײַן אישה זעט אין די צעפּ פֿון דער בוגרת. איך וועל מקיים זײַן די מצווה פֿון הכנסת־כּלה בײַ דער אייגענער טאָכטער — האָט דער שפּל־ברך בײַ זיך געטראַכט — וואָס וועט ער טאָן אין דער גרויסער ייִדישער אָרעמקייט, וואָס דער בעל־שם הקדוש האָט אים איבערגעלאָזט בירושה? ער וועט דאָך חלילה, נישט אויפֿהערן צו דערציילן מעשׂיות פֿאַר די בלויז פּראָסטע מענטשן, און נעמען אַ האַק און גיין אין וואַלד אַרײַן האַקן האָלץ.

[5] פֿאַרדאַרטע פֿײַגן, פֿון וואָס ס'ווערט פֿון אַ מענטשן אַ בינטל ביינער.

וישב על הבײַדל וילך למסעיו — ר׳ יעקב האָט זיך אויפֿגע־זעצט אויפֿן בעל־שמס בײַדל און אָנגעהויבן אַהינצופֿאָרן צו אַט דעם שטעטל און צו אָט דעם גביר, וואָס צאָלט אַ רענדל פֿאַר אַ מעשׂה. אין דעם לאַנגן אונטערוועגס האָט ער אומעטום אין די שטעטלעך דערציילט מעשׂיות פֿאַר פּראָסטע ייִדן און פּראָסטע ווײַבער. אומעטום אויף די לאַנקעס האָט ער דערציילט מעשׂיות פֿאַר ערלים און לעמער.

— 4 —

נאָך וואָכן און חדשים האָט זיך ר׳ יעקב ענדלעך דערשלעפּט צום שטעטל הנ״ל.

קודם־כּל האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט מיטן בעל־שמס בײַדל נעבן מאַרקברונעם און דערציילט עטלעכע מעשׂיות פֿאַר אַן עולם בעל־עגלות און וואַסערטרעגערס. שפּעטער איז ער אַוועקגעגאַנגען אין בית־מדרש אַרײַן, פּאַמעלעך האָט ער זיך דאָרט אָנגעהויבן אויס־פֿרעגן אויפֿן גביר, וואָס צאָלט אַ רענדל פֿאַרן בעל־שמס אַ מעשׂה.

מאין ולאָן — ווער דער גביר איז און פֿון וואַנען ער איז אַהערגעקומען, האָט קיינער נישט געוווּסט אויף קלאָר. ייִדן האָבן ר׳ יעקבן דערציילט, אַז דער גביר הנ״ל איז עפּעס ווי אַראָפּגע־פֿאַלן פֿון די וואָלקנס. צוזאַמען מיט אים האָט זיך פֿון די וואָלקנס אַראָפּגעשיט אַ שפּע פֿון רענדלעך. דער גביר האָט בײַם שטעטלדיקן פּריץ אָפּגעקויפֿט דעם פּריצישן פּאַלאַץ מיט אַלע בעבעכעס, מיט די צוגאָווע סוסים[6], מיט די קאַטשן וכדומה שׂרפֿים ואופֿנים. נעבן דעם פּאַלאַץ האָט מען אויסגעבויט אַ בית־המדרשל מיט אַ מקווה. קיין מסחרים פֿירט ער נישט, דער אַדיר הנ״ל. ער עסט פֿון די גרייטע רענדלעך, וואָס ליגן בײַ אים פֿול אין זעק און אין קופֿערטס. יומם ולילה זיצט ער נײַערט בײַ דער גמרא און בײַ ש״ס ופּוסקים.

---

[6] שנעללויפֿיקע, פֿײַערדיקע.

שבתים פראַוועט ער ווי אַ מלכות און באַזעצט זײַנע שבתדיקע טישן מיט אָרחי־פּרחי וכדומה מדינה־גייערס. מען עסט בײַ אים סאַמע ברבורים אַבֿוסים [7]. טאָמער דערציילט אים יהיה מי שיהיה אַ מעשׂה פֿון בעל־שם, עפּנט ער דעם בײַגאַרטל, וואָס ער טראָגט אונטער דעם טײַערן טערקישן שלאָפֿראָק, נעמט פֿון דאָרט אַרויס אַ רענדל זהבֿ־טהור און דערלאַנגט עס במזומן דעם דערציילער פֿון דער מעשׂה.

איז ר׳ יעקבֿ אַהין געגאַנגען צום גבֿיר אין פּאַלאַץ אַרײַן. דאָרט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט בײַ דער טיר פֿון קיך, כעני בפּתח. ער האָט, חלילה, נישט געזאָגט, אַז ער איז דעם בעל־שמס אַ תּלמיד, נײַערט ער איז געווען בײַם זכותו יגן עלינו נישט מער ווי אַ פּראָסטער וואַסערטרעגער און אויסגעקערט מיט אַ בעזעם דעם בעל־שמס שטיבל לכּבֿוד שבת. אָבער — אַזוי האָט ר׳ יעקבֿ געזאָגט צום גבֿירס משרתים — ער ווייסט צו דערציילן אַלערליי מעשׂיות פֿון בעל־שם. ער טוט עס נישט, חלילה, מיט דער כּוונה צו באַקומען רענדלעך. ר׳ יעקבֿ האָט אויסגעגאָסן את כּל לבו פֿאַר די קיך־משרתים און זיי דערציילט פֿון דער בוגרת, וואָס האָט אַרײַ־בערגעשפּרײַזט די שמונה־עשׂרה.

וילכו הטבּחים — זײַנען די קאַרטאָפֿל־שיילערס אַרײַנגעלאָפֿן צום גבֿיר הנ״ל און אים דערציילט, אַז עס איז געקומען פֿון מעזשי־בוזש דעם בעל־שמס וואַסערטרעגער. ער וויל דערציילן מעשׂיות און באַקומען עטלעכע רענדלעך צוצודעקן דער אַלטער מויד זײַנער דעם קאָפּ.

— מהיכי־תּיתי, איך בין זשעדנע, צו הערן, וואָס דעם בעל־שמס קוימענקערער האָט צו דערציילן! — האָט דער גבֿיר געזאָגט — נײַערט ער מוז וואַרטן ביז, מירצעשעם, פֿרײַטיק־צו־נאַכטס צו דער סעודה. צווישן זמירות און זמירות וויל איך האָרכן אַ מעשׂה פֿון בעל־שם.

---

[7] געשטאָפּטע שוואַנען.

— 5 —

ס׳איז געקומען פֿרײַטיק־צו־נאַכטס. דער גבֿיר מיט אַ כאָפּטע אורחים אָרעמע לײַט איז אַהיימגעגאַנגען נאָך קבלת־שבת. הינטער אַלע אָרחי־פּרחי איז נאָכגעגאַנגען דער שפּל־ברך ר׳ יעקבֿ. זײַן פּנים האָט געלויכטן פֿון נשמה־יתירה און רזא־דשבת, נאָר קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט און נישט געזען ווי אָט דער ייִד לײַכט אין די טונקלענישן.

הגם ר׳ יעקבֿ האָט אויסגעקוקט דער שפּלסטער פֿון די אָרחי־פּרחי, וואָס האָבן זיך אַרומגעזעצט דעם מלכותדיקן שבת־טיש, פֿון דעסט וועגן, צוליב דעם בעל־שמס כּבֿוד, האָט מען דעם מכּלומרשטן וואַסערטרעגער אַוועקגעזעצט אויבן אָן בײַ דער זײַט פֿונעם גבֿיר.

מען האָט געמאַכט קידוש איבער אַ טובֿ־ומטיבֿ[8], וואָס האָט פֿאַרשמעקט דעם פֿרײַטיק־צו־נאַכטס. מען האָט אָנגעהויבן צו דער־לאַנגען די מטעמימדיקע מאַכלי־שבת. די אורחים, די אָרעמע לײַט, האָבן באַקומען וואַסער אין די מײַלער. זיי האָבן זיך תּיכף גענומען צו די ברבורים אַבֿוסים און לויתנס, וואָס זײַנען געווען באַשיט מיט דעם רושם, וואָס הייסט שבת. עס האָט זיך געהערט אַ קלאַפּן פֿון לעפּל און גאָפּל און אַ סמאָטשקען פֿון הונגעריקע ליפּן. ר׳ יעקבֿ, ווי דער שטייגער, האָט בלויז געגעסן לשם מצווה און פֿאַר דער נשמה יתירה וועגן.

נאָך די פֿיש האָט דער גבֿיר געהייסן זינגען זמירות. נאָך די ערשטן זמירות וואָס דער אַדיר הנ״ל זיך געוואָנדן צום בעל־שמס מכּלומרשטן קוימענקערער און האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ קול פֿון אַ דאָרשטיקן:

— איצט, ר׳ ייִד, לאָמיר הערן אַ מעשׂה פֿון בעל־שם.

ר׳ יעקבֿ האָט אַ דערשראָקענער אַ מאַך געטאָן מיט די לעפּצן.

---

[8] (תהילים קיט, ס״ה) אַלדאָס גוטס. — [9] טרונק באַניצט כּסדר דעם נוסח פֿון חסידישע מעשׂיות: הנ״ל — הנזכּר למעלה,, דער וואָס איז אויבן דערמאָנט.

ער האָט מיט אַ מאָל דערשפּירט, ווי אין מוח איז אים טרוקן ווי אין אַ מדבר־ציה[10]. ער האָט פּלוצעם פאַרגעסן אַלע מעשׂיות פון בעל־שם. ער האָט בלויז ווי אַ שטומער געמאַכט מיט די ליפּצן, אָבער נישט אַרויסגעגעבן פון זיך דעם מינדסטן פּיפּס. אַלע אָרחי־פרחי בײַם טיש האָבן אַרויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. דאָס גע־לעכטער איז פול געווען מיט דער שאַדנפרייד פון טירן־גייערס. דער גביר האָט שאַרף אַ קוק געטאָן אויפן דערשראָקענעם וואַסער־טרעגער און געהייסן זינגען זמירות.

— 6 —

נאָך די זמירות האָט דער אַדיר ווידער געפרעגט ר׳ יעקבן וועגן אַ מעשׂה. ר׳ יעקב איז געווען בלאַס ווי דער טויט. ער האָט אויף זיך געשפּירט די שאַרפע בליקן פון גביר וגם, ווי אויך, די גיפטיק־לאַכנדיקע פּנימער פון די אָרחי־פרחי בײַם טיש. ער האָט געשוויגן ווי די וואַנט און געטראַכט זיך צו דערמאָנען די קלענסטע מעשׂה פון בעל־שם. אַלע מעשׂיות זײַנען אים אַרויסגעפלויגן פון קאָפּ ווי טערקלטויבן, וואָס האָבן פאַרלאָזן זייער טויבנשלאַק.

דערווײַל האָט מען געהייסן בענטשן. נאָכן בענטשן האָבן זיך אַלע אויפגעהויבן פון טיש און אַוועקגעגאַנגען. ר׳ יעקב איז געבליבן איינער אַליין זיצן צווישן די ליידיקע טעלער. די שבת־ליכט האָבן געהאַלטן בײַם אויספלאַקערן. ר׳ יעקב האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויפן פאַרגאָסענעם שבת־טישטעך און רק געטראַכט זיך עפּעס צו דערמאָנען אין דער מדבר־שממה פון זײַן מוח. עס איז געווען שטיל אין גבירישן עס־חדר. די שבת־ליכט האָבן אויסגעפלאַקערט. ר׳ יעקב איז געבליבן זיצן אין די טונקלענישן, צוזאַמען מיטן בעל־שמס מעשׂיות, וואָס ער האָט פאַרגעסן, האָט ער אויך פאַרגעסן, אַז אין די שויסן פון דער מלכּה־שבת טאָר מען נישט וויינען. וישׂאָ

[10] אויסגעטריקנטע וויסטעניש.

את קולו ויבך [11] — ער האָט געדענקט נישט מער ווי בלויז דעם בעל־שמס נאָמען. ער האָט זיך שטאַרק פֿונאַנדערגעוויינט אין די שבתדיקע פֿינצטערנישן.

— 7 —

צו מאָרגנס, שבת צו דער סעודה, האָט מען ר׳ יעקבֿן אַוועקגעזעצט גאָר־גאָר אונטן צווישן די אָרחי־פּרחי. דעם אַדירס משרת איז יעדעס מאָל צו אים צוגעקומען און געפֿרעגט, צי ער, ר׳ יעקבֿ דעם בעל־שמס וואַסערטרעגער, האָט זיך שוין עפּעס דערמאָנט. ר׳ יעקבֿ האָט כּסדר געשאָקלט מיט די לעפֿצן. ער געדענקט גאָר נישט.

בלי־נדר שבת האָט אים דער גבֿיר געהייסן וואַרטן ביז דינסטיק. אולי־ירחם — אפֿשר וועט ער זיך פֿאָרט עפּעס דערמאָנען. ס׳האָט באַשײַמפּערלעך אויסגעקוקט, אַז אָט דער וואַסערטרעגער ווייסט נישט דאָס מינדסטע פֿון בעל־שם. אויב מען טראָגט נאָר עמערס מיט וואַסער און מען קערט נאָר מיט אַ בעזעם אויס דאָס חדרל פֿון בעל־שם קאָן מען פֿון דעסט וועגן זײַן טויב און בלינד ווי די פֿלעדערמויז אין די זומערדיקע בײַטאָגן.

ויהי ביום השלישי, לפּנות הבוקר, ויכמרו רחמיו — דינסטיק אין דער פֿרי האָט דער אַדיר אויף אים רחמנות באַקומען. ויפֿתּח את שקו — נישט געקוקט דערויף, וואָס ר׳ יעקבֿ האָט אין זײַנע אויגן אויסגעקוקט ווי אַן עם־הארץ, אַ גענאַרניק, האָט ער אים פֿאָרט דערלאַנגט עטלעכע גראָשן בתּורת נדבֿה.

ר׳ יעקבֿ האָט מיט גרויס בושה גענומען די עטלעכע גראָשן און זיך אַרויפֿגעזעצט אויפֿן בעל־שמס בײַדל. ער האָט גענומען די לייצעס אין דער האַנט אַרײַן. דאָס שקאַפּקעלע האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און זיך אויסגעדרייט צו ר׳ יעקבֿן. באותו הרגע פּרחה

[11] אויפגעהויבן די שטימע און זיך צעוויינט.

הגפן. אַלע מעשׂיות האָבן זיך אויפֿגעלויכטן אין ר׳ יעקבֿס מוח ווי סעדער וואָס טוען זיך אָן אין צוויט.

ער לויפֿט הענדום־פֿענדום צוריק צום גבֿיר אין קיך אַרײַן און טוט מיט גרויס שׂמחה אַ געשריי:

— כ׳האָב אין קאָפּ אַלע מעשׂיות!

אין קיך האָט מען ר׳ יעקבֿן געהאַלטן פֿאַר אַן אָרחי־פּרחי, אַ גענאַרניק. מן־הסתּם וויל ער בײַם אַדיר אויסנאַרן נאָך עטלעכע גראָשן. שייך אין אַזאַ מדבר־שממה פֿון אַ וואַסערטרעגער וועלן זיך פּלוצעם עפּענען קוואַלן מיט בעל־שמסקע מעשׂיות? פֿון דעסט וועגן איז מען אַרײַנגעגאַנגען צום גבֿיר און אים דערציילט, וואָס דער אָרעמאַן זאָגט. דעם גבֿיר איז עס אויך געווען אומגלייבלעך. די זשעדנעקייט צו הערן אַ מעשׂה פֿון בעל־שם האָט אין אים אָנגעהויבן צו פֿלאַקערן ווי אַ העלישער פֿלאַם. ער האָט ר׳ יעקבֿן נישט אַרײַנגערופֿן צו זיך אין חדר, נײַערט זיך אַוועקגעשטעלט אויף דער שוועל פֿון דער קיך. מיט אַ האַלב מויל האָט ער געזאָגט צום שפּל־ברך:

— אדרבה, לאָמיר הערן, אויב איר האָט זיך דערמאָנט.

ויבֿיט על שׂפֿתיו — דער גבֿיר האָט אומישנע געקוקט אויף ר׳ יעקבֿס ליפּן, וואָס שבת בײַם טיש זײַנען זיי געווען שטום ווי די שטיינער. אים, דעם גבֿיר הייסט עס, האָט זיך פּלוצעם אויסגע־דוכט, אַז די פֿאַרשלאָסענע שטומע ליפּן עפּענען זיך ווי רויזן־בלעטער אין זומערדיקן קאַיאָר. ר׳ יעקבֿס קול איז מיט אַ מאָל געוואָרן קלאָר ווי אַ פֿידעלע. אָבער אין דער זיסער קלאָרקייט פֿון ר׳ יעקבֿס קול איז געווען אײַנגעוויקלט אַן אומעטיק טונקלעניש, וואָס האָט געטרייסלט און געשראָקן ווי אַן אומהיימלעכער סוד.

— 8 —

ר׳ יעקבֿ האָט אָנגעהויבן צו דערציילן אַ מעשׂה פֿון בעל־שם. ער האָט דערציילט אויף דער שוועל פֿון דער קיך. נישט בלויז

דער אַדיר — אַלע משרתים, פֿון אייבער־קוכער ביז צום פּאָמעניצע־טרעגער — האָבן געהערט, וואָס ר׳ יעקבֿ דערציילט.

— אַמאָל, אין אַ שבת־קודש — האָט ר׳ יעקבֿ אָנגעהויבן — האָט זיך אונדז אויסגעדוכט, אַז דער בעל־שם איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון זײַנע מדרגות און האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט ביידע פֿיס אויף דער מדרגה פֿון עצבֿות. ווי מיר ווייסן, געפֿינט זיך אָט די מדרגה האַרט נעבן דער פֿינצטערער טיר פֿון דער קליפּה. יעדער פֿון אונדז האָט געטראַכט, מן־הסתּם איז איצט אין הימל אַ ביטערער קטרוג אויף ייִדן. דער בעל־שם צוזאַמען מיט אליהו־הנבֿיאן קאָנען זיך דאָרט, נעבעך, קיין עצה נישט געבן.

נאָך הבֿדלה, פֿאַרן „ויתּן לך״, איז דער בעל־שם צוגעגאַנגען צום פֿענצטער. ער האָט אַ געשריי אַרויסגעטאָן אין די מוצאי־שבתדיקע אינדרויסנס. ער האָט אַ געשריי געטאָן אויף יוויניש:

— אַלעקסיי, שפּאַן־אײַן!

עס האָט נישט לאַנג געדויערט. דעם בעל־שמס ערל אַלעקסיי איז פֿאַרפֿאָרן מיטן בײַדל. מיר האָבן זיך אַלע אויפֿגעזעצט. דער בעל־שם האָט ווידער געטאָן אַ געשריי צום הײַדאַמאַק:

— אַלעקסיי, פֿאָר!

— 9 —

מיר זײַנען געפֿאָרן אַ גאַנצע נאַכט. קיין מאָל האָבן מיר נישט געפֿרעגט בײַם בעל־שם וווהין ער פֿאָרט. ער האָט עס בעסער געוווּסט פֿון אונדז אַלעמען. דער בעל־שם האָט טיף געשוויגן. כּנראה איז ער נאָך אַלץ געשטאַנען מיט זײַנע פֿיס אויף דער מדרגה פֿון עצבֿות — און דאָס מיינט אויף דער שוועל פֿון דער טיר צו דער קליפּה. אונטערן שקאַפּעלע איז געוועזן קפֿיצת־הדרך ווי דער פֿײַל פֿון בויגן. מיר זײַנען כּמעט ווי געפֿלויגן אין די ווינטן. די מרחקים האָבן זיך געמישט ווי די בלעטער פֿון אַ סידור.

ס׳האָט געשפּראָצט דער קאַיאָר. מיר טוען אַ קוק — מיר זײַנען הונדערטער מײַלן ווײַט פֿון שטעטעלע מעזשיבוזש. פֿאַר אונדזערע אויגן האָט זיך פֿונאַנדערגעוויקלט דאָס בילד פֿון אַ גרויסער אויס־טערלישער שטאָט. וקוצותיה תּל־תּלים [12] — אַ שטאָט מיט טורעמס און טורעמלעך. שפּעטער זײַנען מיר געוווירן געוואָרן, אַז ס׳איז געווען די שטאָט סטאַמבול. דאָס שקאַפּעלע מיטן בײַדל פֿאָרן־צו צו אַ הויז. טירן און לאָדנס זײַנען פֿעסט פֿאַרהאַקט. דער בעל־שם גייט־אַראָפּ פֿון בײַדל און קלאַפּט־אָן מיט זײַן שטעקן אין לאָדן. אַן אַלטע ייִדענע שטעקט־אַרויס דעם קאָפּ פֿון אַ שפּאַלט פֿון אַ טיר. זי הייבט־אָן צו יאָמערן:

— וואָס טוט איר דאָ, ייִדן? — שרײַט די ייִדענע — צי ווייסט איר נישט, אַז הײַנט איז פּסח בײַ די גויִים? טאָמער טרעפֿט מען אַ ייִד אין גאַס, צערײַסט מען אים ווי אַ שאָף.

באַלד האָט מען טאַקע געהערט דעם בים־באָם פֿון אַלערליי גלאָקן. די לופֿט האָט זיך ממש אָנגעהויבן צו וויגן אין געקלאַנג. גאַנץ סטאַמבול האָט אויסגעקוקט ווי אַ תּיפֿלה.

דער בעל־שם האָט זיך אַפֿילו נישט אומגעקוקט אויף דער ייִדענע. ער האָט אונדז געהייסן אַראָפּגיין פֿון בײַדל און אַרײַנגיין אין הויז. אינעווייניק איז דאָס בני־בית, ייִדן און ווײַבער, געווען באַהאַלטן אין די ווינקעלעך און געציטערט פֿון טויטשרעק. דער בעל־שם האָט זיך אויף קיינעם נישט אומגעקוקט. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ פֿענצטער, וואָס גייט אין מאַרק אַרײַן, און עס ברייט אויפֿגעפּראַלט.

— פֿאַר וואָס עפֿנט איר אַ פֿענצטער, גזלן פֿון אַ ייִד? — האָבן די בני־ישׂראל אין די ווינקעלעך אָנגעהויבן צו יאָמערן — מען וועט דאָך אונדז אויסקוילענען ווי די לעמער. הערט איר נישט, ווי עס קלינגען די תּיפֿלהס? עס איז הײַנט פּסח בײַ די גויִים.

---

[12] און אָנגעוואָרפֿן, ווי מיט בערג און בערגלעך, איינע אויף די אַנדערע.

דער בעל־שם האָט נישט געענטפערט. ער האָט אונדז צוגערופן צום פענצטער און באַפוילן אַרויסצוקוקן אויפן מאַרק.

— 10 —

גאַנץ סטאַמבול האָט אויסגעקוקט ווי אַ שווער געקלאַנג פון אַלערליי גלאָקן. דער מאַרק, אויף וועלכן מיר האָבן אַרויסגעקוקט, איז געווען פול מיט גויִים און גויעס. קיין שפּילקעלע נישט אַרײַנצוואַרפן. אַלע זײַנען געגאַנגען אָנגעטאָן אין פאַרביקע חגאָ־קליידער. איבער די קעפּ פון די המונים גויעס האָבן זיך געוויגט אַלערליי פאָנען וגם אַלערליי עבֿודה־זרהס און צלמים. אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַ בימה. זי איז געווען באַדעקט מיט רויטע טעפּיכער. אין זוניקן טאָג פון דער חגאָ האָט זי אין איר רויטקייט געברענט ווי דאָס פײַער פון דער קליפּה. די בימה איז געווען אַרומגעשטעלט מיט גאָלדענע און זילבערנע עבֿודה־זרהס. אַרום איר האָבן געפלאַקערט צענדליקער און צענדליקער גרויסע ליכט. פאָנען האָבן אַרום איר געפלאַטערט. גלחים אין ווײַסע העמדער האָבן אַרום איר געבלעקערצט [13]. אין אַלערליי געפעסן האָבן זיך אַרום איר געריכערט די קטורתן פון שקר. פּלוצעם זײַנען אַלע געפאַלן אויף די קני׳ען. די גלאָקן פון סטאַמבול האָבן נאָך העכער און שאַרפער אָנגעהויבן צו קלינגען. עס איז אָנגעקומען דער בישאָף. ער איז געגאַנגען אונטער אַ חופּה פון אייטל [14] פּורפּור. אַרום אים — גלחים מיט ליכט אין די הענט. דער בישאָף איז פּאַמעלעך אַרויפגעגאַנגען אויף דער בימה. האָט זיך אַרומגעקוקט אויפן צעקניטן גאַיעס [15]. פּאַמעלעכל, פּאַמעלעכל, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער זײַט ווו עס איז געשטאַנען און אַרויסגעקוקט דער בעל־שם. מיר האָבן אַלע געוווּסט, אַז שבתי־צבֿי, אין אַלערליי געשטאַלטן, יאָגט נאָך דעם

---

[13] געזונגען, געבעבעט, אַז מ׳פאַרשטייט גאָר נישט. — [14] אויסגעריבן. — [15] גויִים־מאַסע. —[16] געשטרויכלט דורך אַפּיקורסישע ביכער.

בעל־שם בהקיץ און בחלום און וויל אים, חלילה, מכשיל מיט ספרי־מינות [16]. טייל מאָל ווײנט ער פֿאַר אים און בעט תּיקון.

— יעקבֿ! — האָט זיך דער בעל־שם אָנגערופֿן צו מיר — גיי־אַרויס אויפֿן מאַרק און זאָג דעם בישאָף, אַז ער זאָל תּיכּף ומיד אַהערקומען צו מיר.

אין די ווינקעלעך האָבן די באַהאַלטענע ייִדן און ווײַבער אָנגעהויבן צו יאָמערן:

— וואָס טוט איר, רוצחים? — האָבן זיי געשריגן — מען וועט דאָך אונדז אַלעמען צערײַסן ווי וועלף די שאָף.

דער בעל־שם האָט צו מיר געזאָגט:

— גיי, יעקבֿ, וווּהין איך שיק דיך!

איך בין אַרויס אויפֿן מאַרק און אַרײַנגעגאַנגען צווישן די המונים פֿון גויִים אין חגאָ. הגם איך בין געגאַנגען אָנגעטאָן ווי אַ מעזשיבוזשער ייִד, מיט באָרד און פּיאות, האָט מיך קיינער נישט געטשעפּעט. איך האָב פֿעסט געשפּאַנט צווישן דעם צעבלעקעכצטן גאַיעס ווי אַ רואה ואינו נראה. די גלאָקן האָבן ממש צעטראָגן סטאַמבול מיט זייער קלינגען. דאָס עבֿודה־זרה־געזאַנג אויפֿן מאַרק איז געוואָרן העכער און העכער. איך בין אַרײַנגעגאַנגען צווישן די גלחים, די אָנגעטוענע אין ווײַסע העמדלעך, וואָס זײַנען געשטאַנען אַרום דער בימה. איך בין אַרויפֿגעגאַנגען אויף דער בימה צום בישאָף. מיר זײַנען זיך געשטאַנען פּנים לפּנים אַקעגנאיבער. דער אָרעמער ייִד פֿון מעזשיבוזש און דער בישאָף פֿון סטאַמבול. ער איז געווען אָנגעטאָן אין בגדי־זהבֿ און פּורפּור, ווי דער כּהן־גדול פֿון די חדרי־קדם. איך האָב צו אים, צום אָדון הגדול, אַ זאָג געטאָן אויף פּראָסט עבֿרי־טײַטשט:

— דער בעל־שם איז אין סטאַמבול. ער רופֿט דיך צו קומען צו אים.

— איך גיי שוין! — האָט דער בישאָף געזאָגט און אַוועקגע־

---

[15] ווערן געשטרויכלט. — [16] אַפּיקורסישע, לעסטערנדיקע ביכער.

שטעלט דאָס זילבערנע געפֿעס מיט קטורת, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. ער איז מיט מיר צוזאַמען אַראָפּגעגאַנגען אויפֿן מאַרק.

די גלאָקן האָבן געקלונגען, דאָס גאַיעס האָט געבלעקעכצט. די כּומרים האָבן געהאַלטן אין די הענט געפֿעסן מיט צערויכערטן ווייַרוך. ליכט האָבן געפֿלאַקערט. קיינער האָט נישט געזען, ווי דער בישאָף גייט נעבן מיר. ושפֿתיו נעות — האָט האָט צו מיר געזאָגט מיט אַ קול וואָס האָט געציטערט פֿון שבֿרת־הלבֿ:

— דו זעסט דאָך, וואָס עס טוט זיך דאָ. ווי אַזוי וועלן מיר אַרויסקומען פֿון די גויִים?

ואגע בכּף בגדו — איך האָב אים אָנגענומען פֿאַר אַ פּאָלע פֿון זייַנע כּומרישע בגדים, וואָס זייַנען פֿון בלויז גאָלד און פּורפּור — און אים אַרויסגעפֿירט פֿון די המונים קנ:יענדיקע און בלעקעכצנ־דיקע ערלים.

אַזוי האָט אַן אָרעמער ייִד פֿון מעזשיבוזש דעם סטאַמבולער בישאָף געהאַלטן בייַ דער פּאָלע און אַוועקגעפֿירט צום בעל־שם.

— 11 —

דער גבֿיר, וואָס איז געשטאַנען נעבן ר' יעקבֿן אויף דער שוועל פֿון דער קיך, איז ווייַס געוואָרן ווי ד' וואַנט. בקול רם, פֿאַר זיך אַליין און פֿון אַלע משרתים און משרתות פֿון דער קיך, האָט ער זיך אָנגערופֿן צו ר' יעקבֿן:

— איצטער, ר' יעקבֿ — האָט דער גבֿיר געזאָגט — וועל איך אייַך דערציילן דעם סוף פֿון דער מעשׂה.

— איך בין דער סטאַמבולער בישאָף, וועמען איר האָט פֿאַר אַ פּאָלע אַוועקגעפֿירט צום בעל־שם. איך בין אַ לייַבלעכער גילגול פֿון שבתי צבֿי און האָב מיך געהאַט אָנגעטאָן אויפֿן קאָפּ צוועלף כּתריז תּתאין, צוועלף אונטערשטע קרוינען. אין אַזאַ געשטאַלט האָב איך געוואָלט ברענגען משיחן מיט דער הילף פֿון סמאל־הרשע. איך האָב אַזוי לאַנג מזנה געווען מיט ליליתן, ביז כ'בין געוואָרן

אַ טערקישער בישאָף. איך בין געוואָרן אַ רשע־מרושע און ניַיערט געטראַכט צו טאָן ייִדן שלעכטס. דער זכות פֿון דער תּורה, וואָס כ׳האָב געלערנט בימי חרפּי, איז מיר ביַיגעשטאַנען. דאָס ליכטל פֿון קדושה האָט נאָך שוואַך געצאַנקט אין מיַינע פֿינצטערנישן. אַמאָל, תּשעה־באָבֿ ביַי נאַכט, בין איך געקומען דעם בעל־שם צו חלום און אים געבעטן, אַז ער זאָל מיך אַרויסציִען פֿון די זומפּן פֿון דעם ניקבה־תּהום רבה[17]. זכותו יגן עלינו, דער בעל־שם, האָט מיך געהייסן אַנטלויפֿן פֿון סטאַמבול און צוריק ווערן אַ ייִד. כּך הוה. איך האָב אים געפֿאָלגט. דער בעל־שם האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז באַם עס וועט קומען צו פֿאָרן אויף אַ ביַידל אַ ייִד אַן אָרעמאַן און וועט מיר דערציילן די מעשׂה, וואָס האָט מיט מיר דעמאָלט געטראָפֿן אין סטאַמבול, וועל איך האָבן אַ סימן, אַז מיַין תּשובֿה איז אָנגענומען געוואָרן און איך, שבתי־צבֿי, האָב דערגרייכט דעם סוף פֿון מיַינע גילגולים.

ויהי כּכלות — ווען דער גבֿיר האָט געענדיקט דעם סוף פֿון דער מעשׂה, ויצאה נשמתו בטהרה. ער איז נסתּלק געוואָרן אויף דער שוועל פֿון דער קיך צופֿוסנס ר׳ יעקבֿן. די ייִדן פֿון שטעטל האָבן אים געמאַכט אַ שיינע לוויה. ר׳ יעקבֿ האָט געזאָגט קדיש נאָכן סתּימת־הגולל[18].

1960

[17] די טערריטאָריע פון די קליפּות — דער וועלטרוים פון שלעכטן און אומריינעם. — [18] פאַרשיטן דעם קבר, פאַרענדיקן די קבורה.

# כעלעמער חכמים אָדער ייִדן פון דער קליגסטער שטאָט אין דער וועלט

## כעלעמער מעשׂה־בראשית

כעלעמער מעשה־בראשית. — ווי אַזוי כעלעם איז געוואָרן די קליגסטע שטאָט אין דער וועלט.

ווי מיר ווייסן, איז אַ ספֿר אָן אַ הקדמה געגליכן צו אַ גוף אָן אַ נשמה. עס וואָלט דאָך געווען גאָר אַ גרויס חידוש, ווען אַזאַ קלוגע שטאָט ווי כעלעם לאָזט־איבער איר פנקס לדורות און פֿאַר־געסט דאָרט אַרײַנצושרײַבן אַ הקדמה. ניין, טײַערע לייענערס! אַזאַ חשד וואָלט זיך גאָר נישט געשיקט פֿאַרן כעלעמער פנקס, וואָס מען האָט געפֿונען אויף אַ בוידעם פֿון אַ מקווה־מפולת. דער פנקס האָט נישט בלויז אַ שיינע הקדמה, נײַערט אַ הקדמה מיט אַ בפֿר־טיותדיק באַשרײַבעניש פֿון כעלעמער מעשׂה־בראשית, אַזוי צו זאָגן. דאָרט איז באַשריבן, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דער קלוגער שטאָט כעלעם מיום הילדה, דאָס הייסט, פֿון דער ערשטער מינוט, ווען עס איז נאָר עולם־במחשבֿה געווען מזכּה צו זײַן אונדזער נאַ־רישע וועלט מיט אַזאַ קלוגער שטאָט. אין דער הקדמה פֿון כע־לעמער פנקס שטייט וועגן דעם די פֿאָלגנדיקע מעשׂה. מן־הסתּם איז זי אַ כעלעמער מסורה. אפֿשר האָט עס גאָר כעלעמער קהל מעתּיק געווען פֿון אַן אַלטן כּתבֿ־יד.

באַלד נאָך ששת ימי בראשית האָט מען אַרויסגענומען פֿון

עולם־הנשמות דרײַ זעק מיט נשמות: איין זאַק מיט הוילע גאַראָנים, איין זאַק מיט חכמים און איין קליין זעקל מיט גאָר־גרויסע חכמים. פֿון דעם דאָזיקן טײַערן זעקל האָט מען נאָר געוואָלט צושמעלצן און צוגעבן אַ קרישקעלע, דאָס הייסט, ווען מען וועט אַראָפּלאָזן אַ שטאָט מיט חכמים, וועט מען פֿון דעם קליינעם זעקל צושיטן, ווי אַ זעלטן געווירץ, אַ נשמה פֿון אַ גרויסן חכם.

הכּלל, מען האָט געגעבן אַ מלאך די דרײַ זעק און אים געהייסן פֿליִען איבער דער וועלט און שיטן לויטן פּלאַן.

דער מלאך איז געפֿלויגן און געטאָן וואָס מען האָט אים גע־הייסן. ווי ער פֿליט אַזוי איבערן עולם התחתון, פֿליט ער פֿאַרבײַ כעלעם. כּידוע, שטייט אין דער מיט כעלעם אַ גרויסער באַרג. אויפֿן גרויסן באַרג איז דעמאָלט געוואַקסן אַ ווילדער בוים מיט שפּיציקע צווײַגן וועגן כעלעם. האָט דער מלאך גאָר נישט געטראַכט זי צו מאַכן פֿאַר אַ שטאָט. אַזוי ווי ער איז שוין געווען מיד פֿון פֿליִען, איז ער גראָד איבער כעלעם געפֿלויגן אַ קאַפּיטשקע נידעריקער און געהאַלטן אין דער האַנט די צוויי זעק, ווי אויך דאָס טײַערע זעקל.

צי דער מלאך האָט זיך פֿאַרקוקט אויף דעם שיינעם כעלעמער באַרג, צי ער האָט בכלל זיך פֿאַרטראַכט אין מחשבֿות — וועגן דעם שרײַבט נישט די הקדמה פֿון פּנקס. גענוג — דאָס טײַערע זעקל האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אין די שפּיציקע צווײַגן פֿון כעלעמער בוים. דערפֿון איז געוואָרן אַ לאָך אינעם טײַערסטן זעקל פֿון עולם־הנשמות. די נשמות פֿון די גרויסע חכמים האָבן זיך אויסגע־שאָטן איבער כעלעם און דאָרט אָנגעהויבן צו וואַקסן. פֿון צווישן זיי איז אויסגעוואַקסן אַזאַ פּרנס־חודש ווי דער קלוגער ר׳ יוסף לאָקש.

דאָס איז געווען די מעשׂה־בראשית פֿון דער שטאָט כעלעם. די רויטע ייִדעלעך, וועלכע ריידן בײַ זײַרט תּרגום־לשון, רופֿן די שטאָט: כעלמתא.

ווי אַזוי כעלעם, די קליגסטע שטאָט פֿון דער וועלט האָט זיך ווײַטער אויפֿגעבויט, שטייט אויך פּאָדראָבנע [1] באַשריבן אין דער הקדמה פֿון געפֿונענעם פּנקס, און מיר וועלן דערציילן אין דער קומענדיקער געשיכטע.

די כעלעמער חכמים וואַקסן אין די תמוזדיקע היצן. — עס הייבט־אָן רעגענען און מען רופֿט אַן אַסיפֿה.

ווען דאָס זעקל מיט די גרויסע חכמים האָט זיך אויסגעשאָטן איבער כעלעם, איז פּונקט געווען אין דער מיט תמוז. די היצן זײַנען געווען גרויס. גראָד איז געווען אַ טרוקענער זומער און עס האָט נישט גערעגנט. די זומערדיקע וואַרעמקייט האָט אויך גורם געווען, וואָס די גרויסע חכמים זײַנען אַזוי ראַפּטעם געוואַקסן אַרום דעם כעלעמער באַרג: מענטשן, ווי עס איז באַוווסט, באַדאַרפֿן נישט קיין רעגן, כּדי צו וואַקסן.

ווי קלוג יענע גרויסע חכמים זאָלן נישט האָבן געווען, איז זיי פֿאָרט נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז דער זומערלעב וועט זיך נישט אַוועקציִען לדורות. אָט איז באַלד נאָך תשעה באָב און עס רוקט זיך אָן דער חודש אלול. מען וועט בלאָזן שופֿר. די פֿיש וועלן ציטערן אין וואַסער. עס וועלן זיך מאַכן ווינטן און עס וועט אָנהייבן רעגע־נען. די חכמים האָבן נישט געטראַכט וועגן אויפֿשטעלן זיך הײַזער. זיי זײַנען אַלץ געלעגן אויף דער הייסער זון ווי אין אַ שוויצבאָד און געשמועסט וועגן טיפֿע חכמות.

אין די ערשטע אלול־טעג האָבן זיך די הימלען מיט אַ מאָל פֿאַרוואָלקנט און עס האָט אָנגעהויבן צו טריפֿן מיט וואַסער. די כעלעמער חכמים האָבן געמיינט: ערגעץ־ווו האָבן זיך מענטשן ווידער פֿאַרזינדיקט און עס קומט פֿון דאָס נײַ דער מבול. מען איז

[1] דעטאַלירט, מיט אַלע פּרטים.

געזעסן זיבן טעג און זיבן נעכט, און געחקרנט, און געטראַכט, און געמישט ספרי־חקירה, און נאָכגעקוקט, אָבער מען איז נישט גע־קומען צו קיין טאָלק.

דערווײַל זײַנען די טעג קילער געוואָרן. די זון האָט אָנגעהויבן צוריק אַרײַנצוקריכן אין איר פוטער־פעסל. די כעלעמען חכמים האָבן געזען, אַז עס זײַנען גאָר קיין חכמות נישט — זיי זײַנען נאָס פון רעגן און עס וואַרפט זיי דאָס זיבן־יאָריקע קדחת — האָבן די גרעסטע חכמים פון דער וועלט צונויפגערופן אַן אַסיפה. מחמת דעם גרויסן אײַלעניש האָט זי נישט לאַנג געדויערט. סך־הכל זיבן טעג און זיבן נעכט. מען האָט באַשלאָסן: אַזוי ווי עס גייט בלי־נדר צו ווינטער און עס כליאַפּעט דער רעגן, זאָל מען נישט לאַנג באַלאַ־מוטשען און בויען הײַזער.

אין די ערשטע וואָכן נאָך מעשה־בראשית. — כעלעם האַקט דעם שיינעם וואַלד.

ווי נאָר די אַסיפה האָט באַשלאָסן צו בויען הײַזער, האָבן זיך די הימלען אויסגעלײַטערט. ס׳האָט זיך געשטעלט דער שיינער פּוילישער האַרבסט. עס זײַנען מער נישט געווען אַזעלכע חמימות ווי אין תמוז. די נעכט זײַנען אויך געוואָרן קאַלטע. די הימלען זײַנען געווען שטילע און לויטערע. די בלעטער האָבן אָנגעהויבן וויאַנען און ס׳האָט זין געדאַכט, אַז די וועלט ווערט כּולו גאָלד.

נאָך דער ערשטער נאַכט פון דער אַסיפה האָבן די כעלעמער חכמים אויפגעהויבן די אויגן צום באַרימטן כעלעמער באַרג. זיי טוען אַ קוק: דער באַרג איז פּלוצעם באַוואַקסן מיט וואַלד.

וועט דאָך דער לייענער פרעגן: ווי אַזוי וואַקסט דאָס אויס אַ וואַלד אין איין נאַכט? דאַרף מען אָבער נישט פאַרגעסן, אַז ווען די געשיכטע קומט־פאָר, האַלטן מיר ערשט עטלעכע וואָכן נאָך מעשה־בראשית. אויב די גאַנצע וועלט האָט געקאָנט באַשאַפן ווערן

אין זעקס טעג, מעג — נישקשה — דער כעלעמער וואַלד אויסוואַקסן אין איין נאַכט. און איך בעט דעם לייענער מיך נישט מער צו פֿרעגן קיין קשיות, מחמת איך האַלט אין מיטן דער מעשׂה. די כעלעמער חכמים זעען אַ וואַלד, טראַכטן זיי, אַז עס איז מן השמים, כּדי זיי זאָלן זיך בויען הײַזער.

האָט גאַנץ כעלעם אַנשים ונשים וטף גענומען העק מיט זעגן און אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿן שיינעם כעלעמער באַרג. זיי טוען אַ קוק: אויפֿן באַרג איז ממש פֿינצטער פֿון דעם וואַלד־געדיכטעניש.ביימער — אַרזי־לבֿנון. זייערע שטאַמען זײַנען שלאַנק און רונדיק און די שפּיצן פֿון די ביימער דערגרייכן ביז צו די וואָלקנס. האָבן די כעלעמער נאָך אַ מאָל געזען, אַז עס איז אַ נס מן השמים. זיי האָבן זיך גענומען אונטערזעגן די ביימער און דערבײַ זיך געפֿרייט, וואָסערע ווילע, וואַרעמע הײַזער זיי וועלן האָבן, ווען עס וועלן בלי־נדר קומען די גרויסע פֿרעסט און זיי וועלן קענען זיצן בײַם פּריפּעטשיק און שמועסן חכמות.

כעלעמער חכמים שפּאַנען זיך אײַן ווי די אָקסן.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און אַ האַלבער וואַלד איז געלעגן אָרצה, און די ביימער זײַנען געלעגן מיט די צווײַגן אויף אַרויף.

ווען עס איז געקומען די ביימער אַראָפּצושלעפּן אונטן־אַראָפּ קיין כעלעם, האָבן די כעלעמער געזען, אַז קיין טײַבעלעך פֿליִען נישט אין מויל אַרײַן. מילא, אונטערצוזעגן אַ בוים איז נאָך אַ האַלבע צרה. אַ בוים פֿאַלט־אום פֿון זיך אַליין. אָבער אַראָפּשלעפּן אַ בוים, און נאָך דערצו אַזעלכע אַרזי־לבֿנון, מוז מען נישקשה גוט פּראַצעווען.

האָבן טאַקע די גרויסע כעלעמער חכמים געאַרבעט בײַ די ביימער ווי פּראָסטע גויִים. אפֿשר אַ צוואַנציק חכמים האָבן זיך

געמוזט אײַנשפּאַנען אין אַ בוים און אים שלעפּן גלײַך ווי זיי וואָלטן בעוונותינו הרבים געווען האָרעפּאַשנע אָקסן. דערצו איז דאָס שלעפּן צוגעגאַנגען זייער, זייער פּאַמעלעכל. עס האָט גענומען וואָכן און וואָכן. דערווײַל קומען־אָן די קעלטן און די כעלעמער חכמים מוזן נאָך אַלץ ווינען אויפן הויכן אינדרויסן, נישט ס׳איז דאָ אַ פּרי־פּעטשיק, נישט מען קען שמועסן חכמה. און אָן חכמה — ווי אַזוי קאָן כעלעם זײַן כעלעם?

די ליטוואַקעס לעבן פון קדמונים אין תוהו ובוהו און חזרן דאָרט ש״ס אויף אויסנווייניק.

איצט לאָמיר אויף אַ רגע איבערלאָזן דעם בן־מלך, דאָס הייסט, זאָלן די כעלעמער חכמים שלעפּן די קלעצער, און מיר וועלן זיך נעמען צו דער בת־מלכּה, דאָס הייסט, צו דער ששת־ימי־בראשית־דיקער וועלט.

פֿון חומש ווייסן מיר, אַז אין די ששת־ימי־בראשית איז באַשאַפֿן געוואָרן אָדם הראשון. אַז אָדם הראשון איז געווען אַ פּוילישער ייִד — דאָס איז פּשוט און אויך דער שׂכל איז עס מחייב. מען קאָן דאָך נישט זאָגן, אַז אָדם הראשון איז, חלילה, געווען אַ ליטוואַק.

אויב אַזוי — טאָ ווען זײַנען באַשאַפֿן געוואָרן די ליטוואַקעס?

זאָגן אַ טייל חקירה־ספרים, אַז די ליטוואַקעס זײַנען טאַקע גאָר נישט באַשאַפֿן געוואָרן. זיי האָבן זיך פֿון קדמונים אַרומגעדרייט אין תוהו ובוהו. אײַ, וואָס האָבן זיי דאָרט געגעסן? איז, ווי עס איז ידוע, באַדאַרפֿן די ליטוואַקעס כּמעט נישט צו עסן. אַן אַלטע ציבעלע האָבן זיי געקאָנט אויסגעפֿינען אַפֿילו אין תוהו ובוהו. אויך האָבן זיי זיך, די ליטוואַקעס, דאָרט אַזוי אַרומגעדרייט — און מחמת זיי זײַנען גרויסע לומדים — האָבן זיי געחזרט ש״ס אויף אויסנווייניק. ווער וואָלט זיך אויף זיי אומגעקוקט?

האָט מען אָבער געזען, אַז ווען מען לאָזט איבער אַ פּוילישן

ייִד אַליין, פּטרט ער די בעסטע געשעפֿטן. קינד־און־קייט ווייסן, וואָסער שיינעם תּכלית אָדם הראשון האָט געמאַכט פֿון גן־עדן. האָט מען זיך מיישבֿ געווען און אַרויסגערופֿן אַ ליטוואַק פֿון תּוהו ובֿוהו אַרויס און אים אַוועקגעזעצט נעבן אַ פּוילישן ייִד. ווי עס מאַכט זיך, זאָל אים דער ליטוואַק אַרויסהעלפֿן מיט אַן עצה. וכּך הווה.

איצטער לאָמיר זיך אומקערן קיין כעלעם.

## כעלעמער חכמים בויען די שטאָט כעלעם

גייט זיך אַזוי אַ ליטוואַק און באַמקעט אַ זמרל. — ער ווײַזט כעלעמער חכמים, וואָס מען באַדאַרף טאָן.

די כעלעמער חכמים שלעפּן דערווײַל די קלעצער. מען האַלט שוין אָט־אָט בײַם לעצטן קלאָץ. די כעלעמער חכמים אַרבעטן, נעבעך, עבֿודת־פּרך, ווי ייִדן שפּעטער אין מצרים.

גייט זיך אַזוי פֿאַרבײַ פֿאָרן כעלעמער באַרג אַ ליטוואַק. אַ ליטוואַק אַ קרוע ובלוי. אַ באָרוועסער. ער טראָגט אַ זעקל אויף די פּלייצעס, אַ גראָבן אָרעמאַנסקן שטעקן אין דער האַנט און אַ צעריסן שמויסן מיצל אויפֿן קאָפּ. אַ ליטוואַק, וואָס האָט אויסגע־קוקט אַן אָרחי־פּרחי, אַ מדינה־גייער. לאָמיר זאָגן, אַז ער האָט געהייסן ר׳ פֿײַוועקע, און לאָמיר זאָגן — עס קאָן זײַן, אַז דאָס איז דער זעלביקער ר׳ פֿײַוועקע, וועלכן מיר האָבן באַשריבן אין אונדזער באַרימטן חיבור „שמחה פּלאַכטע״. ר׳ פֿײַוועקע, דער ליטוואַק, גייט זיך אַזוי פּאַמעלעכל פֿאַרבײַ דעם כעלעמער באַרג. זאָט איז ער געווען, מחמת פֿאַר עטלעכע שעה צוריק האָט ער אָפּגעביסן אַ שטיקל פֿון אַן אַלטער ציבעלע. גייט ער אַזוי, דער ליטוואַק, און באַמקעט זיך אַ זמרל. הייבט ער אויף די אויגן, זעט ער ווי ייִדן שפּאַנען זיך אײַן אין קלעצער, ציִען זיך נעבעך ווי די סוסים און שלעפּן

זיי אַראָפּ פון באַרג. טוט ער אַ קוק די ייִדן אויף די נעז — אַ ליטוואַק האָט אַן אויג — דערקענט ער באַלד, אַז דאָס זײַנען די גרעסטע חכמים פון דער וועלט. טוט דער ליטוואַק צו זיך אַ שמייכל און וואַרפט־אַרויס פון די ליפּן:

— ווייס איך וואָס! פּייליסע דריפּקעס!

באַלד טוט ער זיך אַ שטעל־אָפּ, גיט נאָך אַ מאָל אַ קוק און רופט זיך אָן אויפן הויכן קול:

— אַ גאָט העלף אײַך, ייִדן! הייסן הייס איך פּײַוועקע. מען האָט מיך אַרויסגעשיקט פון תוהו־ובוהו צו גיין איבער דער וועלט און צו זען, צי טוט אַ ייִד אַ מאָל נישט אַ נאַרישקייט און צי דאַרף ער נישט קיין עצה. זע איך טאַקע, ווי די קליגסטע ייִדן אין דער וועלט טוען די גרעסטע נאַרישקייטן.

די כעלעמער חכמים האָבן קוים געכאַפּט דעם אָטעם און זיך אָפּגעווישט מיט די פּאָלעס די פאַרשוויצטע שטערנס. אָט גייען זיי זיך אײַנשפּאַנען צום לעצטן קלאָץ, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אויבן אויפן באַרג. זיי זעען אַן אָרעמאַן — אַ מדינה־גייער, האָבן זיי געמיינט, אַז דער שלעפּער זוכט אַ הקדש אויף איבערצונעכטיקן. און זיי האָבן צו אים אַראָפּגעשריגן פון באַרג:

— מיר בויען ערשט פאַר זיך אַליין הײַזער. ר׳ ייִד! מיר האָבן נאָך נישט קיין הקדשים פאַר אָרחי־פּרחי. איר מוזט אײַך אויסזוכן אַן אַנדער שטעטל מיט ייִדן.

האָט זיך דער ליטוואַק ר׳ פּײַוועקע צעלאַכט און געזאָגט:

— וואָסערע הקדשים, ליבע ייִדן? אין תוהו־ובוהו האָבן מיר פאַרנומען, אַז די כעלעמער חכמים בויען אַ שטאָט און זיי בויען זי ווי די גרעסטע נאַראָנים. מען שעמט זיך פאַר אײַך אין גאַנצן תוהו־ובוהו. מען האָט מיך אַהער געשיקט, כּדי אײַך, די קליגסטע, צו געבן אַן עצה.

— מוחל, ר׳ ליטוואַק! — האָבן די כעלעמער חכמים געשריגן און ווײַטער געשלעפּט דעם לעצטן קלאָץ.

ר׳ פּײַוועקע האָט געזען, אַז אײַנריידעניש איז שטאַרקער פון

אײַזן, האָט ער זיך מיישבֿ געווען און זיך אַרויפֿגעדראַפּעט אויפֿן שיינעם כעלעמער באַרג און געבליבן שטיין מיט זײַן אָרעמאַנסקן שטעקן אין מיטן צווישן די קליגסטע ייִדן פֿון דער וועלט.

ער האָט נישט לאַנג געבריײַעט און גענומען דעם לעצטן קלאָץ, וואָס איז געלעגן האַרט בײַם באַרג־שפּוע, און אים געגעבן אַ שטופּ מיטן פֿוס. דער קלאָץ האָט זיך שנעל אַליין אַראָפּגעקאָלערט אונטן־אַראָפּ אין טאָל אַרײַן.

— זעט איר, ייִדן, — האָט ר׳ פֿײַוועקע געזאָגט — פֿאַר וואָס מען האָט מיך צו אײַך אַהער געשיקט פֿון תּוהו־ובֿוהו? איר זײַט טאַקע גרויסע קאָפּמענטשן, אָבער אין פּשוטע זאַכן ווייסט איר אַזוי פֿיל וויפֿל אַ שמעק־טאַבאַק.

מען רופֿט אַן אַסיפֿה און מען באַשליסט צו פֿאָלגן דעם ליטוואַק.

די כעלעמער חכמים זײַנען בײַ זיך געווען זיכער, אַז זיי זײַנען די קליגסטע אין דער וועלט און קאָנען ברוך־השם אַליין באַשטיין זייער שטעטל. זיי באַדאַרפֿן נישט קיינעמס עצות. פֿאָרט האָבן זיי געמוזט זען, אַז דער פֿרעמדער ליטוואַק ווייסט עפּעס, וואָס זיי ווייסן נישט, היינו: אַז ווען אַ קלאָץ ליגט בײַם שפּוע פֿון אַ באַרג, דאַרף מען אים ניט שלעפּן — ער קאָלערט זיך אַליין אַראָפּ, ווען מען טוט אים אַ שטופּ.

פֿון גרויס וווּנדער זײַנען די כעלעמער חכמים געבליבן אָן לשון. ווען זיי זײַנען געקומען צו זיך און האָבן געוואָלט ווײַטער דעם ליטוואַק עפּעס פֿרעגן, אים געבן די שיינע נדבֿה אָדער גאָר פֿאַרבעטן אויף וועטשערע, איז דער ליטוואַק שוין מער נישט געווען. מען האָט אים, ר׳ פֿײַוועקען, געזען מיטן אָרעמאַנסקן שטעקן און מיטן זעקל אויף די פּלייצעס, ווי ער גייט זיך פּאַמעלעכל העט ווײַט אויפֿן וועג, וואָס פֿירט־אַרויס פֿון כעלעם.

מילא, נישטאָ איז נישטאָ. האָט מען באַשלאָסן צו רופֿן אַן אַסיפֿה, כּדת מה לעשׂות — וואָס טוט מען ווײַטער?

געוויינטלעך האָט מען זיך שטאַרק געאײַלט, מחמת די טעג זײַנען געוואָרן קעלטער און קעלטער, די רעגנס האָבן געכליאָפּעט ווי מיט צעבערס, כעלעם איז איין גרויסע בלאָטע — און די כעלע־מער חכמים ווינען נאָך אַלץ אויפֿן אינדרויסן. די אַסיפֿה האָט דעריבער נישט מער געדויערט ווי זיבן טעג און זיבן נעכט.

מען האָט פֿעסטגעשטעלט און עס לדורות פֿאַרשריבן אין כעלעמער פּנקס: נומער איינס — די כעלעמער זײַנען טאַקע די גרעסטע חכמים פֿון דער וועלט, אָבער די ליטוואַקעס זײַנען אויך נישט קיין נאַראָנים. נומער צוויי — די גרעסטע חכמים מעגן אויך אַ מאָל צושטעלן אַן אויער און הערן אַן עצה בײַ אַ וויניקער קלוגן פֿון זיי; על כּן, באַשליסט קהל לאמור, אַזוי צו זאָגן, מען זאָל די קלעצער אַראָפּקאָלערן פֿון כעלעמער באַרג אין טאָל אַרײַן, דאָרט ווו מען דאַרף צו בויען כעלעם.

נאָך דער אַסיפֿה, ווען אַלצדינג איז שוין געווען באַשלאָסן און כּתובֿ וחתום, האָט זיך אָנגערופֿן איינער, וואָס מען האָט אים גע־האַלטן פֿאַר דעם קנאַפּסטן פֿון די חכמים, ער האָט געהייסן ר׳ געצל גדליה און איז געווען אַ זאַיִקע. ס׳האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט זיך ענדלעך דערשטאַמלט וואָס ער וויל.

— רבותי! — האָט דער זאַיִקע אַרויסגעשטאַמלט — וואָס הייסט מיר וועלן איצט אַראָפּקאָלערן די קלעצער, ווען מיר האָבן זיי שוין אַלע אַראָפּגעשלעפּט אונטן?

אין פּלוג האָט עס אויסגעקוקט, אַז דער זאַיִקע איז גערעכט. איז מען פֿון דאָס נײַ געגאַנגען צו אַן אַסיפֿה און אָפּגעחקרנט זיבן טעג און זיבן נעכט. לסוף האָט מען באַשלאָסן און ווידער פֿאַרשריבן כּתובֿ וחתום — מען האָט עס געהאַלטן פֿאַר אַזאַ קלוגן באַשלוס, אַז מען האָט געוואָלט, אַז אויך שפּעטערע דורות זאָלן דערפֿון לערנען.

הײַנו: זאָלן זיך אַלע כעלעמער חכמים אײַנשפּאַנען אין די קלעצער און זיי צוריק אַרויפֿשלעפּן אויפֿן באַרג. דערנאָך זאָל

מען די קלעצער אַראָפּקאָלערן, כּפי ווי עס האָט געעצהט דער ליטוואַק, ווען מ'האָט אַהערגעשיקט קיין כעלעם.

כּך הוה. מען האָט די קלעצער געשלעפּט און געשלעפּט צוריק אַרויף אויפֿן באַרג. דער שווייס האָט זיך געגאָסן פֿון די קלוגע שטערנס פֿון די כעלעמער חכמים. די טעג זײַנען געוואָרן קעלטער. ס'האָט געכליאַפּעט דער רעגן. עס זײַנען געקומען די גרויסע פֿרעסט און דער שניי. די כעלעמער חכמים שלעפּן נאָך אַלץ די קלעצער צוריק אַרויף אויפֿן באַרג, כּדי דערנאָך זיי ווידער אַרונטערצוקאָלערן לויט דער קלוגער עצה פֿון ר' פֿײַוועקע דעם ליטוואַק.

די וועלט וואָס איז, כּידוע, געגליכן צו כעלעם, טוט אויך דאָס זעלביקע: זי קאָלערט־אַרויף די קלעצער און זי קײַקלט־אַרונטער די קלעצער — און דאָס רופֿט מען וועלט־געשיכטע.

## כעלעם רופֿט צוזאַמען אַ וועלט־אַסיפֿה פֿון חכמים

די ל"ו צדיקים און די וועלט־חכמים.

אַ מחבר דאַרף זײַן אויסגעהיט פֿון גאווה. איך טראָג מיך, חס־ושלום, נישט אַרום מיט דעם אײַנרייידעניש, אַז נאָר צוליב די כעלעמער מעשׂיות, וואָס מיר שרײַבן, איז זיך דער גוטער נאָמען פֿון כעלעמער חכמה צעגאַנגען איבער די תּפֿוצות ישׂראל ווי שמעקעדיקער בוימאייל, און אַז אומעטום, וווּ עס האָט זיך געפֿונען אויף דער וועלט אַ ייִד אַ חכם, האָט עס אים צוליב דעם געצויגן עולה רגל צו זײַן קיין כעלעם און אַ קוק צו טאָן אויף דער קלוגער שטאָט. ניין! כעלעם איז געווען באַקאַנט ווי די ששת ימי בראשית — יעדער קלוגער ייִד האָט אַליין געוווּסט, אַז ער לעבט נאָר אין זכות פֿון כעלעם.

אַלעמען איז גוט באַקאַנט: איין מאָל אין יאָר זאַמלען זיך די ל"ו צדיקים צונויף מאַרבע כּנפֿות הארץ און מאַכן אַן אַסיפֿה. די

אַסיפֿה קומט־פֿאָר טיף ערגעץ אין אַ פֿינצטערן וואַלד. די ל״ו צדיקים באַראָטן זיך דאָרט, ווי עס האַלט מיט דער וועלט, וואָס זיי טראָגן אויף זייערע פּלייצעס. עס שרײַבן דערפֿון סײַ ספֿרים אויף לשון־קודש און סײַ די מעשׂה־ביכלעך אויף עבֿרי־טײַטש.

די ל״ו זײַנען האָרעפּאַשנע און גוטמוטיקע ייִדן. זיי ווייסן ווויל: אויף אַן אַסיפֿה וועלן זיי זיך נישט צעקריגן. די ל״ו זײַנען ווײַט פֿון קנאה און אַרײַנזאָגעניש. יעדע אַסיפֿה שטאַרקט בײַ זיי די אַהבֿה און זיי ווערן נאָך מער צענויפֿגעבונדן צווישן זיך. אויב זיי אַמפּערן זיך אַ מאָל, איז עס נאָר דערפֿאַר: יעדער איינער פֿון זיי וויל דווקא, אַז דער אַנדערער זאָל זיצן אויבן אָן און ער אַליין זאָל זיצן פֿון אונטן. די ל״ו ווילן זיך נאָר איינער דעם אַנדערן אָנטאָן וואָס מער כּבֿוד. מחמת יעדער ל״וואָווניק מיינט, אַז ער איז דער קלענסטער צווישן די זעקס און דרײַסיק צדיקים אין וועמענס זכות עס שטייט די וועלט.

די חכמים האָבן נישט די טבֿע פֿון די ל״ו. איידער צו ציטערן איבערן כּבֿוד פֿון אַ צווייטן, איז עס אַ סך גלײַכער — האָבן די חכמים אַ כּלל — צו ציטערן פֿאַרן אייגענעם כּבֿוד. טאָמער לאָזט, חלילה, עמעצער אויף זיי פֿאַלן אַ שפּרענקעלע — ווייל איך גאָר נישט עפּענען מײַן מויל צום בייזן — פֿירן זיי זיך דעמאָלט אויף, גלײַך ווי זיי וואָלטן נישט געווען די קלוגע פֿון דער וועלט, נײַערט, במחילה, די נאַראָנים פֿון דער וועלט. פֿאַר אַן אַסיפֿה ציטערן זיי ווי פֿאַר פֿײַער. יעדער איינער פֿון די חכמים האָט מורא, אַז מען וועט אים דאָרט נישט אָפּגעבן דעם כּבֿוד, וואָס עס קומט אים לפֿי דעתו.

פֿאַרשיידן זײַנען די דרכים אויף אונדזער עולם הדמיון. פֿאַר־שיידן זײַנען אויך די וועגן פֿון די פּשוטע האָרעפּאַשנע ל״ו אין די וועלדער און פֿון די האָפֿערדיקע חכמים אין די שטעט.

די חכמים פון דער וועלט גאַרן אָנצוקוקן כעלעם.

דאָך מוז מען דאָך אַ מאָל מאַכן אַ וועלט־אַסיפֿה פֿון די וועלט־חכמים. פֿאָרט מוז דאָך אַ חכם ערגעץ אין האָצעפּלאָץ צי אין בויבעריק אַ מאָל אַ קוק טאָן אויף כעלעם. אין דער וועלט טאָרן נישט פֿעלן קיין קלוגע ייִדן, פּונקט ווי עס טאָרן דאָרט נישט פֿעלן קיין תּמימותדיקע ל״ו. חכמה איז די צווייטע וואָגשאָל פֿון תּמימות. די וועלט קאָן זיך נישט באַגיין אָן די קלוגע, הגם זי האָט גאָר אָפּט פֿון זיי געברענטע צרות.

צווישן די נעמען פֿון אַנדערע קלוגע ייִדן האָבן דעמאָלט געקלונגען, ווי שאַליקע גלאָקן, די נעמען פֿון הערשעלע אָסטראָפּאָליער, מרדכי ראַקאָווער, אפֿרים גריידינגער און שײַקע פֿײַפֿער. די תּפֿוצות ישׂראל האָבן זיך געשאָקלט פֿון געלעכטער, ווען אָט די פֿיר ייִדן האָבן געעפֿנט זייערע מײַלער. זייערע שפּיצלעך און גלײַכווערטלעך האָבן אויסגעקוקט צו עפֿענען די טירן פֿון אַלע שבֿע חכמות. נישט איין מאָל האָבן זיי אויסגעשטעלט אַ ייִד פֿאַר אַ לעקיש. הערשעלע אָסטראָפּאָליער און מרדכי ראַקאָווער האָבן דערגרייכט מיט זייערע גלײַכווערטלעך צו די אויערן פֿון די גרעסטע צדיקים. די גרעסטע צדיקים האָבן געשמייכלט און דערלאָזט, אַז הערשעלע אָסטראָפּאָליער און מרדכי ראַקאָווער זאָלן בײַ זיי אויסנאַרן אַ מלבוש צי אַ פּאָר גראָשן. נישט געקוקט אויפֿן פֿינצטערן גלות האָבן ייִדן, פֿון גרויס ביז קליין, אָנגעקוואָלן פֿון אָט די פֿיר פֿריילעכע חכמים. אַ חוץ דעם האָבן אָט די פֿיר קלוגע ייִדן געהאַט אַלע מעלות פֿון אמתע חכמים. הײַנו: כּלומרשט האָבן זיי אַלעמען אָפּגענאַרט. אַלע אַנדערע אָבער האָבן געהאַט אויף שבת. און די חכמה? זי האָט, נעבעך, קיין מאָל נישט אויף שבת.

דאָך האָבן זיך די קלוגע ייִדן אין די תּפֿוצות ישׂראל געפֿילט ווי צעשפּרייטע איינצלנע זאַמדעלעך פֿון חכמה אין אַ וועלט, וואָס עס פֿעלט איר די קליעפּקע און מען טוט איר כּסדר אָן דעם ספּאָדיק. זיי, די חכמים, האָבן אין די ווײַטקייטן, ווו ייִדן וווינען, פֿאַרנומען

פון דער קלוגער שטאָט כעלעם. אַ שטאָט, ווו אַלע זײַנען קלוג. די חכמים האָבן געגאַרט זי צו זען. זיי וואָלטן שוין לאַנג געווען געפאָרן אַהין אַ קוק צו טאָן אויף דער שטאָט כעלעם, עס האָט זיי אָבער געפעלט אויף הוצאות.

הימל און ערד און חכמים־קאָנגרעס.

מען ווייסט נישט אויף גענוי, ווען אין כעלעם עס איז אײַנגעפאַלן דער ערשטער געדאַנק צו מאַכן אַן אַסיפה און צוזאַמענרופן קיין כעלעם די חכמים פון גאַר דער וועלט, כּדי זיך צו באַראָטן, ווי עס האַלט, און צו טראַכטן אויף מירצעשעם ווײַטער. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז דאָס איז געווען אַן אײַנפאַל פון די כעלעמער שרײַבערס.

דער אומבאַקאַנטער ייִד, וואָס דערציילט אַלע סודות פון די כעלעמער שרײַבערס, זאָגט אַפילו כּהאַי לישנא — ווען, ווען, ווען, נאָר די כעלעמער שרײַבערס איז שווער חושד צו זײַן אין צוויי זאַכן: ראשית, אַז דער קאָפּ ליגט זיי מער אין דער טובה פון כעלעם ווי אין באַווײַזן וואָס זיי יוכלען מיט דער פּעדער: שנית, גייען זיי ממש אויס פאַר פּירסום — זיי ווילן דווקא זײַן אין די מײַלער פון דער גאַנצער וועלט. כעלעם אַליין מיט אירע פּרנסים זײַנען געוואָרן פאַר זיי צו־ווינציק און זיי האָבן געוואָרפן אַן אויג אויף די תּפוצות. די שרײַבערס האָבן בײַ זיך געטראַכט (שרײַבט דער אומבאַקאַנטער ייִד): קודם וועלן מיר צוזאַמענברענגען אַלע חכמים פון דער וועלט קיין כעלעם אויף אַן אַסיפה. די פאַרעמדע חכמים, ווען זיי וועלן, מירצעשעם, צוריקקומען אין די תּפוצות, וועלן זיי אויספּויקן אויף אַלע פּויקן און אויסקלינגען אויף אַלע גלאָקן, וואָס זיי האָבן געהערט און געזען בײַ די כעלעמער שרײַבערס.

תּחילת האָט מען געמיינט, אַז עס זײַנען אָנגעקומען די ימות־המשיח. מען איז גאָר נישט געווווינט געווען דערצו, אַז די כעלעמער שרײַבערס זאָלן זײַן אין איין דעה און פּלוצלינג אויפהערן

אויסצודרייפען איינער דעם אַנדערן די אויגן. בעלעמער שרײַבערס האָבן געברענט ווי אויף הייסע קוילן, כּדי וואָס־גיכער אַהער צו ברענגען אין שטעטל אַרײַן די חכמים פֿון דער וועלט, ובתוכם הערשעלע אָסטראָפּאָליער, שײַקע פֿײַפֿער, מרדכי ראַקאָווער און אפֿרים גריידינגער.

כּדי די אַסיפֿה זאָל נישט אויסקוקן ווי אַ פּשוטע בעלעמער אַסיפֿה און זי זאָל האָבן דאָס גרויסע אָנזען, האָבן די בעלעמער שרײַבערס איר געגעבן אַ נאָמען אויפֿן לשון פֿון תּרגום „פּראַלניק״. מען האָט זי אָנגערופֿן „חכמים־קאָנגרעס״.

עס האָט לאַנג געדויערט ביז די בעלעמער ראשי־הקהל, ובתוכם ר׳ יוסף לאָקש ור׳ קיווע בלאָז, האָבן געקאָנט נאָכזאָגן דעם דאָזיקן טערקישן נאָמען. דאָך האָב זיי זיך אים אויסגעלערנט אויף אויסנווייניק. אַלע פּרנסים אין בעלעם האָבן כּסדר נאָכגעזאָגט „חכמים־קאָנגרעס״. אַפֿילו אַזאַ קלוגע יידענע ווי די מרת שאָשקע האָט אויך געזאָגט „חכמים־קאָנגרעס״. ר׳ געצל גדליהן דעם זאַיקע איז עס אָנגעקומען אַ ביסל שווערלעך, צום סוף האָט ער נישט מער געטאָן נאָר געשטאַמלט:

— קאַ־קאַ, קאַ־קאַ — גרעס.

מען גייט איבער די הײַזער.

עס האָט געהאַלטן בײַ הוצאות־הדרך. האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די חכמים פֿון דער וועלט זײַנען, נעבעך, ביטערע קבצנים. די קליגסטע פֿון די קלוגע, געמלעך, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, שײַקע פֿײַפֿער, מרדכי ראַקאָווער און אפֿרים גריידינגער, זײַנען בײַ זייער גאַנצן פֿריילעכן געמיט שטענדיק געווען הונגעריקע. איז אויב מען וויל, אַז די קליגסטע יידן פֿון די תּפֿוצות זאָלן קומען קיין בעלעם אויפֿן „חכמים־קאָנגרעס״, מוז מען זיי שיקן אויף הוצאות. מען מוז נאָך צושיקן עטלעכע גראָשן פֿאַר זייערע הויזגעזינדן.

ווען ס׳איז געקומען צו הוצאות, האָבן זיך די בעלעמער שרײַ־

בערס געמאַכט געפּגרט. זיי האָבן געטענהט — שרײַבט דער אומ־באַקאַנטער ייִד — אַז זייערע קעפּ ליגן גאָר אין עולמות־העליונים. אויפֿן חומר און אַנדערע נידעריקע גשמיות מוז זאָרגן ר׳ יוסף לאָקש. מען האָט געמאַכט אַן אַסיפֿה. געוויינטלעך האָט זי געדויערט זיבן טעג און זיבן נעכט. ס׳איז געבליבן: בלי־נדר, ערבֿ יום־כּיפּור זאָל מען אַוועקשטעלן אין בית־המדרש אַ קערה מיט אַ קוויטל: „בעד חכמי העולם״. דערצו זאָל מרת שאָשע מיט נאָך עטלעכע גבאיטעס אַרומגיין מיט אַ פּאַטשיילע איבער די הײַזער. אויב כּעלעם וויל האָבן אַ „חכמים־קאָנגרעס״ און די חכמים פֿון דער וועלט זאָלן קומען און זי אָנקוקן, איז זי, כּעלעם, נישט קראַנק אַרײַנצובראָקן עטלעכע גילדן.

די חכמים פֿון דער וועלט קומען אויפֿן „חכמים־קאָנגרעס״.

נאָך גרויס האָרץ־ברעכעניש און דינגעניש האָט מען קוים־קוים צונויפֿגעשלעפּט די עטלעכע גילדן אויף הוצאות און דאָס קניפּל אַוועקגעשיקט פֿאַר די חכמים אין די תּפֿוצות־ישׂראל.

אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן איז קיין כּעלעם אויפֿן מאַרק אָנגע־פֿאָרן אַ גרויסע פֿאַרשטויבטע און צעריסענע בויד געשפּאַנט אין פֿיר פּגירות. עס זײַנען אויף איר אָנגעקומען די גרעסטע חכמים פֿון דער וועלט. גאַנץ כּעלעם איז געשטאַנען אויפֿן מאַרק זשעדנע אָנצוקוקן די קלוגע געסט. די וועלט־חכמים זײַנען פּאַמעלעכל אַראָפּ־געקראָכן פֿון דער בויד. זיי האָבן אַלע אויסגעקוקט ווי אָרחי־פּרחי. משמעות, אַז פֿאָרנדיק איבער אַזוי פֿיל מרחקים, איז אַלצדינג אויף זיי געוואָרן אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. זיי זײַנען געווען הונגעריק און נישט־אויסגעשלאָפֿן, און האָבן בייזלעך געענטפֿערט „עליכם־שלום״, ווען די כּעלעמער ייִדן האָבן זיי אָפּגעשטעקט שלום־עליכם. מען האָט עס אויסגעטײַטשט: מן־הסתּם זײַנען די חכמים שטאַרק אָפּגעשוואַכט פֿון אַזוי פֿיל פֿאָרעניש.

די לעצטע זײַנען פֿון דער בויד אַראָפּגעקומען די פֿיר קליגסטע

ייִדן פֿון די תּפֿוצות־ישׂראל: הערשעלע אָסטראָפּאָליער, שײַקע פֿײַ־פֿער, מרדכי ראַקאָווער און אפֿרים גריידינגער. האָט דאָך שוין כּלעם אויף אירע אויגן עפּעס געזען ייִדן אבֿיונים, אָבער די דאָזיקע פֿיר ייִדן זײַנען געווען אבֿיונים פֿון אבֿיונים־לאַנד. ר׳ פֿײַוועקע דער ליטוואַק האָט קעגן זיי אויסגעקוקט ווי אַ פּרנס־חודש. זיי זײַנען געגאַנגען קרוע ובלוי, באָרוועס און נאַקעט. דערפֿאַר זײַנען זיי אַראָפּ פֿון דער בויד פֿריילעכע, לוסטיקע און באַלד געזאָגט גלײַכווערטלעך. זיי האָבן געזאָגט, אַז ווען זיי האָבן נאָר אַ קוק געטאָן אויף דער ערשטער כּלעמער ציג, האָבן זיי באַלד געזען, אַז זי וועט זיך נישט לאָזן פֿירן אין באָד אַרײַן. עס פֿרייט זיי זייער, האָבן אַלע פֿיר געזאָגט בפּה אחד, וואָס זיי האָבן פֿאַרלאָזט די נאַרישע וועלט און אָנגעקומען אין אַ קלוגער שטאָט. נאָר אין עצה ואין תּבֿונה קעגן אַ גוטער וועטשערע — האָט געזאָגט הערשעלע אָסטראָפּאָליער און די איבעריקע דרײַ האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ — און, אַז אײדער מען וועט גיין אויפֿן „חכמים־קאָנגרעס״ און אָנהייבן שמועסן חכמה, וואָלט גלײַכער געווען עפּעס אָפּצועסן. שײַקע פֿײַפֿער האָט נאָך מצדו צוגעלייגט אַ גראָב ווערטל און אַלע האָבן געלאַכט.

ר׳ יוסף לאָקש מאַכט אַ סעודת־ראש־חודש.

פֿון דעם „חכמים־קאָנגרעס״ גופֿא איז פֿאַראַן קנאַפּ וואָס צו דערציילן. דערפֿאַר וועל איך בעסער דערציילן פֿון דער גרויסער סעודה־ראש־חודש, וואָס ר׳ יוסף לאָקש האָט געמאַכט פֿאַר די חכמים פֿון דער וועלט. מרת שאָשע האָט אַלעמען געוויזן, וואָס עס הייסט אַזוינס אַ גוטע באַלעבאָסטע.

למען האמת מוז מען זאָגן: אָן חוזקן, דעם שטאָטנאַר, וואָלט זיך מרת שאָשע נישט קיין עצה געגעבן מיט דעם צוגרייטן. חוזק האָט געשלעפּט גאַנצע קאָשיקעס מיט שרײַענדיקע גענדז צום שוחט און די גענדז צוריקגעבראַכט שטילע און געקוילעטע. ער איז

געזעסן בײַ דער פּאַמעניצע און געשיילט קאַרטאָפֿליעס, געטראָגן וואַסער און געהאַקט האָלץ. מרת שאָשע האָט בלויז געוואָלגערט לאָקשן, געשאָבן מייערלעך צום צימעס און געשטאַנען בײַ די קאָ־כעדיקע טעפּ. גאַנץ כעלעם איז געשטאַנען הינטער די פֿענצטער און צוגעקוקט, ווי מרת שאָשע מאַכט גרויס דעם נאָמען פֿון דער שטאָט אין אַלע תּפֿוצות־ישׂראל. מחמת די חכמים וועלן זיכער מער דער־ציילן פֿון ר׳ יוסף לאָקשס סעודת־ראש־חודש ווי פֿון „חכמים״־קאָנ־גרעס״.

די פֿיר גרעסטע חכמים, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, אפֿרים גריי־דינגער, מרדכי ראַקאָווער און שײַקע פֿײַפֿער, האָבן זיך צום סוף רק אָנגעהויבן חבֿרן מיט דער מרת שאָשע און געקומען צו איר אין קיך, כּדי טועם צו זײַן פֿון דער סעודה נאָך איידער וואָס און איידער ווען מרת שאָשע איז צו זיי צוגעשטאַנען, אַז זיי זאָלן איר זאָגן חכמה. אַלע פֿיר האָבן איר געענטפֿערט בפּה אחד: ווערליק זיי ווייסן, ליגט די גרעסטע חכמה אין די טעפּ פֿון אַ גוטער סעודת־ראש־חודש און שלמה המלך האָט זיך מיט גאָר נישט איבערצונע־מען קעגן אַ גוטער באַלעבאָסטע.

וואָס האָט זיך געטאָן אויף דער סעודהגיו ?

אויבן אָן, בײַם טיש פֿון דער גרויסער סעודת־ראש־חודש, זײַנען געזעסן ר׳ יוסף לאָקש, ר׳ קיווע בלאָז און ר׳ געצל גדליה דער זאַיקע. אַרום דעם טיש זײַנען געזעסן די חכמים פֿון די תּפֿוצות און צווישן זיי אַלע כעלעמער פּאַרשוינען, וועלכע מיר האָבן באַ־שריבן אין אונדזערע מעשׂיות. די פֿיר גרעסטע חכמים, הערשעלע אָסטראָפּאָליער, מרדכי ראַקאָווער, שײַקע פֿײַפֿער און אפֿרים גריי־דינגער, האָבן אַלעמען געוויזן, אַז נישט בלויז בײַ דער חכמה, נײַ־ערט אויך בײַ דער שיסל זײַנען זיי די אייבערשטע פֿון שטייסל. זיי האָבן געמאַכט אין זייערע טעלער אַ מדבר שממה און געריבן אויף וואָס די וועלט שטייט. ס׳ערשטע מאָל זינט כעלעם שטייט האָט

ר׳ קיווע בלאָז נישט געזאָגט קאַפּויער. ער איז אויף אַלצדינג מסכים געווען מיט הערשעלע אַסטראָפּאַליער, געשאָקלט מיט דער באָרד און אַלע מאָל געשריגן: „האַ, וואָס זאָגט איר, ר׳ הערשעלע?״ נאָר די כעלעמער שרײַבערס זײַנען געזעסן אָנגעברוגזטע. עפּעס האָט זיי געשטאָכן דער האָבער. זיי האָבן זיך געקריגט אין מיטן דער שיינער סעודת־ראש־חודש.

משמש געווען די חשובֿע געסט האָט ר׳ מנשה, דער בית־דין־שמש און חוזק, דער שטאָטנאַר.

פּונקט פֿאַרן צימעס האָט זיך געעפֿנט די טיר. ס׳איז אַרײַנגעקומען עפּעס אַ יעקע אין אַ קאַפּעליוש. אַלע האָבן זיך אומגעקוקט. ר׳ לייבוש האָט געזאָגט צו ר׳ פֿײַוױשן אויפֿן אויער:

— מיר דאַכט זיך, אַז עס איז אַ יעקע און מיר דאַרפֿן אים שוין אָנטאָן דעם ספּאָדיק.

אַלע האָבן געשוויגן און געקוקט אויף דעם פֿרעמדן פּאַרשוין. דער פֿרעמדער האָט זיך פֿאַרנייגט ווי אַ פּריץ און געזאָגט אויף דײַטשמעריש:

— איך נענע מיך אַלבערט אײַנשטיין.

סײַ פֿון די כעלעמער און סײַ פֿון די וועלט־חכמים האָט משמעות קיינער נאָך נישט געהאַט געהערט אַזאַ נאָמען.

דער פֿרעמדער האָט ווײַטער גערעדט אויף דײַטשמעריש:

— איך בין אַ שטערן־קוקער און האָב אויסגעקוקט אין די הימלען, אַז אַלע רעדלעך פֿון דער וועלט דרייען זיך נאָר אויף מכּלומרשט. אַלצדינג איז נאָר אַ פּורים־שפּיל און אַ פֿאַרבלענדעניש. די צײַט איז אַ לעמעשקע און אויף יעדן שטערן בעבעט זי אויף אַן אַנדער לשון. די וואָס זאָגן, אַז צוויי און צוויי איז פֿיר ווייסן נישט ווער עס האָט זיי געשלייערט און ריידן סתּם פֿון הינערפּלעט. ווייס איך וואָס! — האָט אײַנשטיין פּלוצלינג אָנגעהויבן צו ריידן ווי ר׳ פֿײַוועקע דער ליטוואַק — אַז דער עולם־הדמיון האָט נישט קיין שום דרך, דאָס ווייסן בלויז די זעלטנסטע פֿון די געלערנטע.

ווי איך האָב געהערט, זאָגן עס ביי איך אין כעלעם קינד און קייט. דערפֿאַר איז אײַך געראָטן אַרײַנצוכאַפּן די לבֿנה אין אַ פֿאַס. איך בין אַ שטערן־קוקער און בין געקומען אײַך אָנקוקן.

הערשעלע אָסטראָפּאָליער האָט זיך אויפֿגעשטעלט און געגעבן דעם פֿרעמדן יעקע שלום־עליכם.

— אויב אַזוי, — האָט געזאָגט הערשעלע אָסטראָפּאָליער — זײַט איר אַ משלנודיקער, ר׳ אײַנשטיין, און איר פֿאַרשטייט אַן עסק. וואַשט אײַך, זײַט מוחל, און עסט מיט אונדז צוזאַמען דעם כעלעמער סעודת־ראש־חודש.

— חוזק! — האָט הערשעלע אָסטראָפּאָליער אַ געשריי געטאָן צום כעלעמער שטאָטנאַר — ברענג וואַסער פֿאַר אײַנשטיינען!

און מען האָט אײַנשטיינען אָנגעטאָן אַ יאַרמלקע, און אים אַוועקגעזעצט צווישן די כעלעמער חכמים.

קאַפּיטלען פון בוך

# שמחה פלאַכטע פון נאַרקאָוו

אָדער

# דער יידישער דאָן קיכאָט

באַזירט אויף דעם וווּנדערלעכן סיפּור־המעשה, ווי עס האָט עס דערציילט יאַנקל לערער המכונה מאָרגנשטערן פון לאָדזש.

**די פוילישע מלכה מיט אירע הויפדאַמעס קומען זען שמחה פלאַכטע.**

באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַלע זאַלן פון קעניגלעכן שלאָס די ידיעה פון דעם גרויסן גליק, וואָס האָט געטראָפן די מדינה פוילן. דאָס גליק צו האָבן אין אירס אַ שטעטל דעם גרעסטן חכם אין דער וועלט. פוילן פאַרמאָגט איצט אַ ייִד, וואָס אײדער מען פרעגט אים נאָך טרעפט ער שוין די שווערסטע רעטענישן. די סריסי־המלך האָבן עס באַלד דערטראָגן צו די אויערן פון דער פוילישער מלכה, דער קעניגין יאַדוויגע, דער הויף־געוויקסיקער. תיכף־ומיד האָט די מלכה אויסגעדריקט דעם פאַרלאַנג, אַז זי וויל אויך זען דעם וועלט־חכם פון נאַרקאָווע. יאַדוויגע, די הויף־געוויקסיקע, האָט געשיקט דעם ראש־הסריסים צו בעטן בײַם מלך לעשעק, דעם פליכעוואַטן, דאָס דערלויבעניש.

פאַרשטייט זיך, אַז אין זײַן גרויסער פרייד האָט עס איר דער מלך נישט אָפּגעזאָגט. די מלכה איז באַלד בכל יפיה, אין איר גאַנצער שיינהייט, אַרײַנגעקומען צום מלך אין שלאָפצימער. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ קלייד פון שווערן בראָקאַט, וואָס איז

געווען אויסגעשטיקט מיט פּערל און גאָלד, אַ קלייד מיט אַ לאַנגער שלעפּע. קליינע פּאַזשלעך האָבן געמוזט האַלטן בײַ די זוימען פֿון דער שלעפּע און נאָכטראָגן זי פֿון הינטן. די מלכּה האָט טאַקע אויסגעקוקט ווי אַ גרויסע גילדענע פּאַווע מיט אַ פּנים פֿון אַ זעלטענער יפֿת־תּואר. אַרום דער מלכּה זײַנען געגאַנגען די הויפֿדאַמעס, אויך אין טײַערע קליידער מיט לאַנגע שלעפּעס. די באַגלייטערינס פֿון דער קעניגין האָבן געבלענדט מיט זייער שיינקייט ווי די לבֿנה אין דער מיט־חודש. די שׂרים און אַפֿילו דער מלך גופֿא האָבן זיך טיף געבוקט.

דאָ האָט דער מלך לעשעק נאָך אַ מאָל אויפֿגעהויבן זײַן קול און דערציילט דער מלכּה אַלצדינג, וואָס דאָס אַלטע פּריצל האָט געראָט, די גאַנצע מעשׂה מיטן זינגפֿויגל און ווי אַזוי דער נאַר־קאָווער ווונדערייִד האָט געטראָפֿן דאָס רעטעניש נאָך איידער מען האָט אים געפֿרעגט. דער מלך האָט צוגעגעבן: „ווען פּוילן האָט אַזאַ וועלט־חכם, איז זי די זיכערסטע מדינה און איך, לעשעק, וועל רויִק שלאָפֿן און האָבן די שענסטע חלומות.

שׂמחה פּלאַכטע האָט געפּינטלט מיט די אויגן און געקוקט אויף דער שיינקייט פֿון די קיניגלעכע ווײַבער. ער האָט נאָך אַזעלכעס נישט געזען אין זײַן לעבן. מער האָט ער גאָר נישט באַנומען. דאָס אַלטע פּריצל האָט לעיני כּל גענומען אַ גרויסן שמעק־טאַבאַק פֿון זײַן גאָלדענער פּושקע. לכּבֿוד דעם גרויסן געשעעניש אין מלכות פּוילן האָט מען געהייסן ברענגען די טײַערסטע ווײַנען. מען האָט אַרײַנגעברענגט גאָלדענע קאַנען מיט ווײַן און אים פֿונאַנדערגעגאָסן אין בעכער פֿון אַלטן גראַווירטן זילבער. אַלע האָבן געטרונקען וויוואַט לכּבֿוד שׂמחה פּלאַכטען, דעם וועלט־חכם פֿון מלכות פּוילן.

אַזוי ווי אַפֿילו גויִים ווייסן, אַז אַ ייִד טאָר נישט טרינקען קיין ייִן־נסך, האָט מען אויפֿאײַנדערגעשווינד געשיקט אַ גאָלדענע קאָטש צו ר׳ אליִן אין דער קרעטשמע, כּדי צו ברענגען אַ בוטלע ווײַן כּשר לפּסח, אייגנס פֿאַרן צדיק. אַלץ איז געטאָן געוואָרן אין גרויס אײַלעניש און ר׳ אלי איז שיִער נישט געשטאָרבן פֿון חידוש און

שרעק, ווען די קיניגלעכע לאַקייען זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין דער קרעטשמע און אים געהייסן נעמען אַ פֿלאַש יום־טובֿדיקן ווײַן. ר׳ אלין צוזאַמען מיט דער פֿלאַש ווײַן האָבן זיי אַ כאַפּ אַרײַן געגעבן אין דער גאָלדענער קאָטש און זײַנען מיט אים אַוועקגעפֿלויגן קיין וואַרשע.

ליהודים אין נאַרקאָווע. — מען גייט אַקעגן דעם קרוב למלכות.

אין צווייטן טאָג, צו מאָרגנס, האָט מען אײַנגעשפּאַנט די שענסטע קיניגלעכע קאָטשן, כּדי אָפּצופֿירן שׂמחה פּלאַכטען צוריק אַהיים אין זײַן שטעטל נאַרקאָווע. דער מלך לעשעק, דער פּליכעוואַטער, האָט זיך מיט אים האַרציק געזעגנט און געזאָגט, אַז אויב דאָס מלכות פּוילן וועט באַדאַרפֿן אַן עצה, וועט מען נאָך אים שיקן און זיך מיט אים באַראָטן. אַ סך שׂרים זײַנען מיטגעפֿאָרן אים צו באַגלייטן. פֿאַרשטייט זיך, דער פּאַן וויטשעך טשאַפּלאַק־טשאַפּלינסקי האָט זיך געפֿילט ווי דער אייבערשטער פֿון שטייסל און האָט אַרום זיך געמאַכט אַ רעש גלײַך ווי ער וואָלט טאַקע געווען דער שני־למלך בײַ שׂמחה פּלאַכטען. דער פּאַן וויטשעך האָט גאָר נישט געוואָלט פֿון אים אָפּטרעטן. ער איז געפֿאָרן אין דער אייגענער קאָטש וואָס שׂמחה פּלאַכטע און זיך געזעצט נעבן אים אויבן אָן, ווי אַ לײַבלעכער מחותּן. ר׳ פּײַווקען, דעם ליטוואַק, האָט מען ערגעץ אַוועקגעזעצט אויף די גאָר הינטערשטע פֿורן, וואָס האָבן נאָכגעפֿירט פֿאַשע פֿאַר די קיניגלעכע פֿערד. מען האָט ר׳ פּײַווקען אַוועקגעזעצט צווישן די זעק.

נאָך איידער די קאָטשן מיט שׂמחה פּלאַכטען זײַנען מיט גרויס פּאַראַד אָנגעקומען אין נאַרקאָווע, האָט מען דערווײַל פֿאָרויסגעשיקט אַ שליח־מיוחד אויף אַ פֿערד. ער איז געריטן מיט אַ באַפֿעל, אַז נאַרקאָווע זאָל מיטן גאַנצן קנאַק מקבל־פּנים־זײַן דעם מלכס וועלט־חכם און מען זאָל מאַכן אין שטעטל אילומינאַציעס.

זינט נאַרקאָווע שטייט האָט מען דאָרט נישט געוווּסט, וואָס

דאָס הייסט אַזעלכעס אילומינאַציעס. אָבער דער שליח־מיוחד, וואָס איז צוגעריטן צום רבֿס בית־דין־שטוב, האָט דאָרט געזאָגט, וואָס דאָס מיינט. דער רבֿ האָט בחפּזון געשיקט נאָך ר׳ גאָדלען, אַז ער זאָל זיך צוזאַמענריידן מיטן מלכּס גוי, מחמת קיינער אין נאַר־קאָווע קאָן זיך נישט כאַפּן, וואָס דאָס מלכות איז גוזר אויף ייִדן. ר׳ גאָדל איז געקומען און האָט עס באַלד צעקײַט. ר׳ גאָדל האָט גערופֿן ר׳ געצלען, דעם בית־דין־שמשׂ, און ר׳ יאָקלען, דעם שול־קלאַפּער, און זיי געהייסן אַרומגיין מבית לבית און הייסן אַרויס־שטעלן אין די פֿענצטער אָנגעצונדענע שבת־לײַכטער און חנוכּה־לעמפּלעך. ר׳ גאָדל האָט אויף זיך גענומען אַלץ צו באַזאָרגן כּדת המלך. אַזוי ווי עס פֿירט זיך אין לײַפּציק. ר׳ גאָדל האָט אויך געהייסן, אַז מען זאָל אַקעגנטראָגן די שטאָט־חופּה דעם אָנקומענדיקן קרובֿ־למלכות. אונטער דער חופּה זאָלן גיין מיט אָנגעצונדענע הבֿדלות אין די הענט דער רבֿ און די ראשי־הקהל פֿון נאַרקאָווע. דאָס מוז געשען, האָט ר׳ גאָדל געסטראַשעט, און מען טאָר נישט פֿרעגן קיין קשיות. סײַדן מען וויל זײַן אַ מורד במלכות.

בײַ פּעשען אין שטוב איז געווען שוואַרץ פֿון ייִדן און ווײַבער. מען האָט איר געווינטשעוועט. פּעשע האָט זיך אָנגעטאָן אַלע יופּקעס און מאַנטילקעס, וואָס ר׳ מעכטשע דער שנײַדער האָט איר געמאַכט, ווי אויך איר טיפֿע קופּקע מיט אַלע ציטער־נאָדלען. אויף די פּלייצעס האָט זי זיך פֿאַרוואָרפֿן דאָס טערקישע טוך.

אין אַלע ייִדישע פֿענצטער אין נאַרקאָווע האָבן באַלד אויפֿ־געלויכטן שבת־לײַכטער און חנוכּה־לעמפּלעך. אָרעמע לײַט האָבן אַרײַנגעשטעלט גראָשנדיקע ליכטלעך אין די אויסגעשאָבענע לעכער פֿון קאָרטאָפֿליעס. די אָנגעצונדענע קאָרטאָפֿליעס האָבן זיי אַרויס־געשטעלט הינטער די צעבראָכענע שויבן. אויפֿן מאַרק, נישט ווײַט פֿון דעם שטעטל־ברונעם, האָט מען אָנגעצונדן אַ גרויס פֿאַס מיט סמאָלע. ר׳ גאָדל האָט קאָמאַנדעוועט און אַלע האָבן אים געקוקט אין מויל אַרײַן און געפֿאָלגט. נאַרקאָווע האָט אויסגעקוקט ווי אַ חנוכּה־לאָמפּ אין אַ נגידישער שטוב.

באַלד האָט זיך געהערט דאָס שפּילן פֿון טראָמפּייטן און פּײַפֿיאַלן, און דאָס פּויקן פֿון פּויקן. דאָס האָט געשפּילט דעם מלכּס קאַפּעליע, וואָס איז אַרײַנגעריטן אין שטעטל אַרײַן אויף ווײַסע פֿערד ווי די לייבן. נאָך דער קאַפּעליע האָבן זיך באַוויזן די גאָלדענע קאַטשן. אין דער ערשטער קאָטש איז געפֿאָרן שׂמחה פּלאַכטע מיטן פּאַן וויטשעך טשאַפּלאַק־טשאַפּלינסקי. די ווײַבער, אויסגעפּוצטע אין בגדי־שבת, האָבן אַקעגנגעפֿירט פּעשען די יתומה. מען האָט זי געפֿירט ווי אַמאָל צו דער חופּה פֿון איר חתונה. פֿון דער אַנדערער זײַט האָט מען געטראָגן די שיינע שטאָט־חופּה. אונטער דער חופּה איז געגאַנגען דער רבֿ און אַלע חשובֿי־העיר. אַלע האָבן זיי געטראָגן אָנגעצונדענע הבֿדלות. ר׳ גאָדל איז געגאַנגען פֿאָרויס און געפֿאָכעט מיטן שטעקעלע, וואָס ער האָט געהאַט מיטגעברענגט פֿון די לײַפּציקער יאַרידן. די חופּה־שטאַנגען האָבן געהאַלטן די פֿיר שטאָט־שמשים, מיט ר׳ געצלען און ר׳ יאָקלען בראש. ר׳ יאָקל, דער שולקלאַפּער, האָט געפֿאָכעט מיט זײַן הילצערנעם שולהאַמער. ר׳ געצל, דער בית־דין־שמש, האָט אַרײַנגעשטעלט אַ ברענענדיק ליכט אין זײַן גרויסער פּאַפּירענער לאַמטערנע. נאָך זיי איז נאָכגעגאַנגען גאַנץ נאַרקאָווע, אַנשים, נשים וטף.

שבת — צום דאַווענען — האָט מען בכּבֿוד גדול געפֿירט שׂמחה פּלאַכטע אין שול אַרײַן און אים אַוועקגעשטעלט אויף דער מזרח־וואַנט נעבן רבֿ, זאָל לעבן. צום לייענען האָט מען שׂמחה פּלאַכטע מכבד געווען מיט „ששי״ און געמאַכט אַ „מי שבירך״ דעם מלך לעשעק, ווי אויך דעם קרובֿ למלכות, הגבֿיר המפֿורסם, לפֿני מלכים יתיצבֿ, מורנו ורבנו ר׳ שׂמחה. ווי ר׳ שׂמחהס טאַטע האָט געהייסן, האָט מען בשום אופֿן נישט געקאָנט געוויר ווערן.

דאָס קומענדיקע קאַפּיטל וועט זײַן דאָס לעצטע פֿון אונדזער דערציילונג, דער קלוגער און דער שיינער. מיר וועלן זיך גאָר פֿרײַנדלעך געזעגענען מיט די לייענערס. מיר וועלן ניט זײַן ווי אַנדערע פֿאַרפֿאַסערס, וואָס ווען עס קומט צום סוף נעמען זיי אָן אַ מויל מיט וואַסער און ווילן נישט זאָגן, וואָס עס איז געוואָרן

פֿון זייערע פֿאַרשווינען. צי טוען זיי דאָס פֿון רשעות, צי עס טוט זיך זיי נישט לווינען? אַדרבה! גייט און פֿרעגט בײַ ר׳ יונהן! מיר אָבער, אם ירצה השם, וועלן אומבאַדינגט מעלדן, וואָס עס איז געוואָרן פֿון אונדזערע העלדן. ווי אַן אַדערויף גיבן מיר דעם צוזאָג — אַז אַלצדינג וועט זיך ענדיקן בכי־טוב. מחמת מיר ווילן נישט, אַז ייִדן זאָלן האָבן שווערע געמיטער — עס איז זיי, נעבעך, אַזוי אויך שווער און ביטער.

דער מחבר איז מוסר־מודעה, אַז ער וועט נישט גיין אויף די שלעכטע דרכים פון אַנדערע פאַרפאַסערס.

ווי מיר ווייסן, זײַנען די פֿאַרפֿאַסערס די מדריכים פֿונעם מענטש. זיי פֿירן אים, כּידוע, בדרך הישר און לערנען אים מידות טובֿות. ליידער האָט זיך בײַ זיי זינט לאַנגע יאָרן אַרײַנגעזעצט אַ שאַלקהאַפֿטיקער מנהג: שוין גאָר בײַם סוף פֿון אַ מעשׂה, ווען מען האַלט, ווי געוויינטלעך, נאָך אַלע היומס און דעם לייענער פֿאַרפֿעלט אָטעם און ער וויל שוין ווייסן, וואָס עס איז געוואָרן מיט די אַלע שבֿעה מדורי הגעשעענישן, דורך וועלכע דער מחבר האָט אים אַדורכגעפֿירט, אָט דעמאָלט ווען אַלע פֿעדעם לויפֿן זיך צו־זאַמען און מען האַלט שוין, דאַנקען גאָט, בײַם לעצטן בלעטל, זאָגן די מחברים סטאָפּ. שטעלן דאָס לעצטע פּינטל און מאַכן זיך אויס דעם וועג. גיי, טרעף! דעם מחבר גייט עס נישט איבערן לבֿ, טאָמער חס ושלום האָט פֿאָרט אַ לייענער אַ שטיקל נחת.

גאָר וויסט און ביטער טוט זיך בײַ די טראַגעדיע־שרײַבערס. בײַ זיי איז עס שוין אַ מנהג פֿון טויזנטער יאָרן, אַרומצושלעפּן זייערע העלדן איבער די אַקטן, ווי איבער די קעסלען פֿון גיהנום. זיי פּײַניקן און מוטשען אַ מענטש, אַז עס נעמט־אָן אַ רחמנות צו קוקן. איז דאָס זיי נאָך אַלץ ווייניק און, ווען עס קומט צום לעצטן בלעטל, איז אָדער זיי נעמען דעם העלד און טויטן אים מיט אַ

מיתה־משונה, אָדער זיי וואַרפֿן אים סתם אַרײַן אין כּף־הקל און קיין פֿויגל טוט נאָך אים נישט קיין פּיפּס.

מענטשן, וואָס האַלטן זיך פֿאַר די בחירי־היצורים און די אייבערשטע פֿון שטייסל, די מחברים מיין איך, זיי האָבן דאָס יהדות צו באַריידן אַ וועלט, וואָס על פּי אַלע ספֿרי־חקירה איז זי געראָטן ווי אַ שבתדיקער לאָקשן־קוגל. אונדזער וועלט איז דאָך, כּידוע, די בעסטע פֿון אַלע וועלטן. אַלצדינג אויף איר איז כּי טובֿ, גוט און ווויל, ליכטיק און ציכטיק. אַלע אויף איר עסן זיך פֿון גרויס גוטפֿרײַנדשאַפֿט פֿון די פּיסקלעך. און בראש שטייט דער מענטש ווי די קרוין פֿון דער גוטסקייט. אָט אַזאַ וועלט נעמען די מחברים און וואַרפֿן אויף איר בלאָטע אָדער מאַכן פֿון איר אַ פֿלעדערוויש.

מיר אָבער, דאָס הייסט, דער ערשטער מחבר פֿון „שׂמחה פּלאַכטע“, ר׳ יאַנקל לערער פֿון לאָדזש המכונה מאָרגנשטערן, און ואַני הקטן, די צווייטע האַנט פֿון יאַנקל לערער, אַזוי צו זאָגן זײַן שני למלך — מיר זײַנען ייִדן בני רחמנים, מיר זײַנען נישט קיין גזלנים און מיר ווילן נישט פֿאַרשוואַרצן בײַ דער וועלט דאָס פּנים. מיר ווייסן נישט פֿון קיין שלעכטע יאַרידן — נאָר מיר געדענקען דעם מאמר חז״ל: בטובֿ העולם גידון. די וועלט, ווי מיר האָבן זי קענען געלערנט אין דער מעשׂה פֿון שׂמחה פּלאַכטע, איז נײַערט אַן אייביקע שבֿע־ברכות. קיינער אויף איר געביט נישט צו־להכעיס. אַדרבא, ווו מיר טוען זיך ווענדן און קערן לײַכטן באַלד די זון און די שטערן: די גליקן טוען זיך מערן, ווי די פֿיש אין טײַך און ווי אין וואַלד די בערן. די מחברים פֿון „שׂמחה פּלאַכטע“ זײַנען באַרעמהאַרציקע שרײַבערס. מיר ווילן נישט, חס ושלום, מצער זײַן מענטשלעכע לײַבער, רק בלויז משׂמח זײַן ייִדן און ווײַבער. און מיר זאָלן אַלע, נאָך בימינו, צוזאַמען דערלעבן משיח צדקנו. טאַקע בנערינו ובזקנינו, ונאמר אָמן.

כבקרת רועה עדרו. — פונקט ווי דער פאַסטעך בלאָזט אויף זײַן האָרן, אַזוי וועט דאָ דער מחבר דערציילן, וואָס פון זײַנע העלדן איז געוואָרן.

שׂמחה פלאַכטע מיט זײַן ווײַב פעשע די יתומה האָבן אויסגע־לעבט זייערע יאָרן אין גרויס עושר וכבוד און אין אַלדעם גוטן. זיי האָבן געגעסן און געטרונקען און באַקומען בײַכער.

באַלד נאָך די געשעענישן בײַם מלך לעשעק האָט זיך געעפֿנט די טראַכט בײַ פעשען דער רביצין. זי האָט יעדעס יאָר געמאַכט אַ ברית. בײַ שׂמחה פלאַכטען, אין „רבישן הויף", איז געוואָרן אַ יאַריד פֿון קינדער, מלמדים, גבאים און משמשים. ר' שׂמחה פלאַכ־טע און פעשע, זײַן אישה, האָבן געלעבט פונקט צו די הונדערט און צוואַנציק יאָר און האָבן דערלעבט צו זען, ווי פֿון זייערע קינדער, אייניקלעך, אור־אייניקלעך און אור־אור־אייניקלעך זײַנען געוואָרן גרויסע לײַפּציקער סוחרים, רבנים און טאַקע גוטע ייִדן אויך. אויף אַלע ייִדן געזאָגט אַזאַ כּבֿוד און אַזאַ נחת. אַלע זײַנען זיי געווען קרובֿים למלכות עד היום הזה.

דער נאַרקאָווער רבֿ, זאָל לעבן, ווי אויך די קלוגע רביצין זײַנען נפֿטר געוואָרן בשיבֿה טובֿה. דער רבֿ האָט אַלץ נישט גע־קאָנט רעכט אײַנבײַסן די מעשׂה מיטן נאַרקאָווער וואַסערטרעגער. ער האָט געשוויגן, כּדי נישט צו זײַן קיין מורד־במלכות. ער איז געזעסן יומם ולילה על התורה ועל העבֿודה. בײַ דער פּטירה איז עס דעם מלאך־המוות נישט לײַכט אָנגעקומען זיך אַן עצה צו געבן מיטן רבֿס ליכטיקער נשמה. אַפֿילו אויפֿן טויטנבעט איז געווען לא פסק פומיה מגירסא. ווי מיר ווייסן פֿון דער גמרא, האָט דער מלאך־המוות נישט קיין שליטה אויף ייִדן, וואָס האַלטן גראָד אין מיטן לערנען.

הגם ר' שעפּסעלע, דער מורה־הוראה, איז געווען דער עלטסטער זקן פֿון נאַרקאָווע, פֿון דעסט וועגן האָט ער איבערגעלעבט אַלע זקנים און ער לעבט נאָך עד היום הזה. ר' שעפּסעלע האָט באַקומען

אַ ברכה פֿון אַ גרויסן מקובל, אַז ער וועט, אם ירצה השם, דערלעבן משיחן. מן־מסתּם וועט עס אַזוי זײַן. דערווײַל, ביז משיח וועט קומען, זיצט ר׳ שעפּסעלע אין זײַן טוליפּל און לערנט פֿון אויסנוויניק סײַ נגלה און סײַ נסתּר[1].

ר׳ מעכטשע איז געווען עד יום מותו דער הויפּשנײַדער בײַ שׂמחה פּלאַכטע. ער איז אַוועקגעגאַנגען פֿון דער וועלט אַ פֿריילעכער און מיט אַ שנײַדעריש גלײַכווערטל. פֿאַרן טויט האָט ער זיך געהייסן געבן אַ גלעזל בראָנפֿן און געזאָגט, אַז דאָס לעבן איז געגליכן צו אַ פּאָר צעריסענע תּחתּונים, וועלכע מען מוז כּסדר שטשאָבען. ער איז געשטאָרבן בשׂיבֿה טובֿה.

אויך ר׳ זישע דער בדחן איז אַהיימגעגאַנגען צו זײַנע עלטערן אין אַ גוטער עלטער. וואָס עלטער ער איז געוואָרן, אַלץ שענער האָט ער געגראַמט גראַמען. מען האָט אים מקבר געווען בײַ ר׳ שמעלקען דעם בדחן. שפּעטער איז צווישן זייערע קבֿרים אויסגעוואַקסן אַ גרויסער און שיינער בוים.

ר׳ פֿײַוועלע, דער קלעזמער, איז אויך געשטאָרבן בשׂיבֿה טובֿה. ווען עס האָט שוין געהאַלטן בײַם בלע המוות לנצח[2] און מען איז געגאַנגען אָנצינדן ליכט, האָט ר׳ פֿײַוועלע זיך געהייסן געבן דאָס פֿידעלע און אָפּגעשפּילט אַ ווידוי. פֿייגל האָבן זיך געזאַמלט אויפֿן דאַך פֿון ר׳ פֿײַוועלעס הײַזל און מענטשן זײַנען דאָרט געשטאַנען הינטער די פֿענצטער, כּדי צו האָרכן ווי ר׳ פֿײַוועלע שפּילט צום לעצטן מאָל. הגם חבֿרה־קדישא האָט זיך שוין מכין געווען, האָט מען געמיינט, אַז נאַרקאָווע וועט צעגיין פֿון מתיקות.

ר׳ געצל, דער בית־דין־שמש, און ר׳ יאָקל, דער שולקלאַפּער, האָבן אויך אויסגעלעבט זייערע יאָרן אין שמשישער שפּע. זיי זײַנען געוואָרן מקורבֿים בײַ די קרובֿ־למלכותטע, דער רביצין פּעשע.

ר׳ גאָדל האָט זיך ווײַטער געדרייט אין „הויף" בײַם פּאַן

---

[1] די תּור־פּירושים זײַנען נגלה — אָפֿן און נסתּר — באַהאַלטן, אַנדערש ווי מען מיינט. — [2] (ישעיה ב, ח׳) פֿאַרטיליקן דעם טויט אויף אייביק.

וויטשעך. מען האָט אים דאָרט, ווי תּמיד, גערופֿן „מאַי גאָדל״, אים געריסן פֿאַר דער באָרד און פֿאַרשטופּט מיט אים אַלע לעכער. קיין לײַפּציק אויף די יאַרידן איז ער שוין מער נישט געפֿאָרן. ער איז געווען „זשידעק״ בײַם פּאַן וויטשעך ביז העט טיף אין די שמונים. נאָך זײַן פּטירה איז געבליבן אַ שיינע ירושה אין רענדלעך. די יורשים האָבן געמוזט פֿאַרריכטן דעם אײַנגעפֿאַלענעם „גדר״ אויפֿן „גוטן אָרט״ און חבֿרה־קדישא האָט געמאַכט אַ סעודה כּיד המלך.

דער פּאַן וויטשעך האָט געהאַלטן וואָרט און האָט געשאָנקען ר׳ משה בערן די אַרענדע פֿון דער קרעטשמע אויף אַ משך פֿון פֿופֿצן יאָר. נאָך די פֿופֿצן יאָר האָט זיך דער פּאַן וויטשעך מיישבֿ געווען און אים אַוועקגעשאָנקען די קרעטשמע אויף לצמיתות[3]. נאָך דעם גרויסן וווּנדער מיטן גאָלדענעם קעסטעלע האָט זיך די שפּע אין ר׳ משה בערס קרעטשמע פֿאַרדאָפּלט און פֿאַרצענפֿאַכט. פֿון די ווײַטסטע דערפֿער זײַנען גוייִם געקומען טרינקען בײַ ר׳ משה בערן בראָנפֿן. גוייִם האָבן עס געהאַלטן פֿאַר אַ סגולה צו אַ גערעטע־ניש. ר׳ משה בער און זײַן ייִדענע גענענדל האָבן דערלעבט קינדס־קינדער. אַלע זײַנען געבליבן אין דער קרעטשמע און זי האָט זיי מפֿרנס געווען מיט עושר און מיט כּבֿוד. ר׳ משה בער און גענענדל האָבן דערלעבט אַ שיבֿה טובֿה און זײַנען ביידע געשטאָרבן אין איין טאָג און יש אומרים, אַז אַפֿילו אין איין מינוט. אַזוי האָבן זיי זיך געוווּנטשן כּל ימיהם און דער אייבערשטער האָט עס זיי צוליב געטאָן. דער פּאַן וויטשעך האָט באַלד נאָך שׂמחה פּלאַכטעס ניסים געמאַכט אַ ברית און געהאַט אַ בן־זכר. מען האָט עס אויך געהאַלטן פֿאַר אַ מופֿת פֿון נאַרקאָווער צדיק. צום פּאַן וויטשעכס גאָלדענעם קעסטעלע האָט זיך שוין מער קיינער נישט צוגערירט. יעדן טאָג האָט ער געקאָנט איבערלייענען דעם כּתבֿ־יחוס און קוקן אויף דעם זיידנס שווערד. בײַ אים אין די גיטער איז יעדעס יאָר געווען דאָס

---

[3] (ויקרא כה, כ״ג) אויף אייביק.

גרויסע גערעטעניש. ער איז זיכער געווען, אַז דאָס איז בזכות שׂמחה פלאַכטע. דער פאַן וויטשעך איז ביי שׂמחה פלאַכטען אין „הויף" געוואָרן כמעט ווי דער „שבת־גוי". ער האָט זיך געהאַלטן אַ מקורב ביי פּעשען און כסדר געזאָרגט צו שאַפן פאַר איר די בעס־טע און פעטסטע עופות. אַלע מאָל, ווען פעשע איז געלעגן אין דער קימפעט, איז די פאַני יאַדוויגע געקומען איר ווינטשעווען און גע־ברענגט די שענסטע מתנות.

באַלד נאָך דעם ווי שׂמחה פלאַכטע איז בכבוד גדול צוריק אָפּגעשיקט געוואָרן קיין נאַרקאָווע, איז די מלכּה פון פוילן, יאַדוויגע די הויכגעוויקסיקע, פאַרגאַנגען אין טראָגן. צום יאָר איז זי גע־לעגן געוואָרן מיט אַ בן־מלך. מען האָט עס אויך געהאַלטן פאַר שׂמחה פלאַכטעס אַ מופת. די שׂמחה איז געווען אין לשער און דער מלך לעשעק, דער פליכעוואַטער, האָט געהייסן קלינגען אין אַלע גלאָקן. מען האָט געטיילט נדבות אָרעמע לייט, יעדן אַ האַרטן פוילישן גראָשן, מען האָט געשאָנקען פאַרלעגענע פּאָדאַטקעס [4] און אַרויסגעלאָזט אַלע גנבים פון די תּפיסות. ס׳האָבן זיך אַפילו שפּע־טער געמאַכט גרויסע גנבות און מען איז נישט זיכער געווען מיט דער ווייסל פונעם אויג, נאָר נישקשה, דערפאַר האָט פוילן געהאַט אַ בן־מלך. איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, נאָך דעם ווי דער מלך לעשעק און די מלכּה יאַדוויגע זיינען געשטאָרבן בשיבה טובה, איז דער נעמלעכער בן־מלך געוואָרן דער מלך פון פוילן. ער האָט געהייסן סטאַך דער שיקלדיקער אָדער סטאַך דער צענטער.

די מעשׂה מיט שׂמחה פלאַכטע און ווי אַזוי ער האָט געטראָפן די רעטענישן האָט זיך פאַרשפּרייט ווייט איבער אַלע גרענעצן פון פוילן. די מלכים, וואָס האָבן געהאַט שאָקלהאַפטיקע געדאַנקען וועגן פוילן, האָבן געציטערט ווי די פיש. זייערע יועצים האָבן זיך געלייגט איבערן בענקל און אַליין מודה געווען, אַז קעגן אַזאַ ווונדערייִד ווי שׂמחה פלאַכטע זיינען זיי נייערט געגליכן צו די

---

[1] שטייערן.

מילבן. ס׳גלײַכסטע איז איצט צו זיצן שטיל און נישט טשעפּען מיט פּוילן. פּוילן איז, צוליב שׂמחהן, געווען זיכער אין איר שלום ושלווה. דער מלך לעשעק, דער פּליכעוואַטער, האָט גאָר נישט געטאָן, רק זיך גאַנצע טעג משׂמח געווען מיטן בן־מלך.

איצט ווען מיר אײַך עפּעס זאָגן וועגן די יועצי־המלך — יענע גויִים, וואָס האָבן דורך זייערע שפּאַקולן קרום געקוקט אויף שׂמחה פלאַכטע. מיר ווייסן וויל, אַז די לייענערס וועלן זיך נישט אָפּעסן דאָס האַרץ, ווען מיר וועלן פֿאַר אָט די שׂונאי־ישׂראל צוגרייטן אַ שוואַרצן סוף. טוען מיר עס טאַקע בכבֿוד גדול און דערציילן פֿון זיי המנס מפּלה. ייִדן מעגן זיך פֿרייען, ווען בײַ זייערע שׂונאים איז אַ בהלה. דער רובֿ פֿון די יועצי־המלך האָט נישט משלים שנתם געווען און זיי זײַנען געשטאָרבן ווי די פֿליגן. די וואָס זײַנען איבערגעבליבן האָט דער מלך לעשעק מיט גרויסע בזיונות אַרויסגעיאָגט פֿון זײַן שלאָס און זיי זײַנען געוואָרן פּשוטע בעטלערס. טייל האָבן געבלעקערצט אויף די טרעפּ פֿון תּיפֿלהס. טייל ווידער זײַנען מיט זעק אויף די פּלייצעס און מיט באַנדורעס אונטער די אָרעמס, אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע, אַרומגעגאַנגען איבער פּוילן מקרעטשמע לקרעטשמע און האָבן דאָרט געשפּילט פֿאַר שיכּורע פּויערים. זיי האָבן אויך געשפּילט פֿאַר ר׳ משה־בערס קרעטשמע. ר׳ משה־בער האָט זיי צוגעוואָרפֿן אַ האַרטן פּוילישן גראָשן און געהייסן ווײַטער שפּילן. זיי האָבן אויך געבעטלט פֿאַר שׂמחה פלאַכטעס פֿענצטער. די רביצין פּעשע האָט זיי צוגעוואָרפֿן אַ ביין פֿון אירע עופֿות. זיי האָבן אים געגריזשעט און געווינטשעוועט פּעשען כּל־טובֿ כּדרך הבעטלערס. איך ווינטש מיר און אַלע ייִדן, אַז אַלע שׂונאי־ישׂראל זאָלן האָבן אַזאַ שוואַרצן סוף ווי יענע יועצי־המלך. וד״ל.

ר׳ אלי דער אַרענדאַר איז צוזאַמען מיט זײַן ווײַב געשטאָרבן בשׂיבֿה טובֿה און געלעבט האָבן זיי אין גרויס שפֿע. זינט דער מעשׂה מיט שׂמחה פלאַכטע זײַנען די גרויסע שׂרים געקומען צו רײַטן פֿון וואַרשע צו ר׳ אלין אין דער קרעטשמע און געמאַכט בײַ

אים די כוסה. אַ טייל פֿון זיי האָבן זיך בײַ אים אָנגעשיכורט ווי פּראָסטע גויִים — און ס׳איז גאָר אַ חרפּה צו דערציילן.

אויף דעם אַלטן קלוגן פֿריצל, וואָס האָט געגעבן דעם מלך לעשעק די טײַערע עצה מיטן זינגפֿויגל, זאָגט מען, אַז ער לעבט נאָך עד־היום. ער שמעקט נאָך טאַבאַק פֿון דער גאָלדענער פּושקע און גיט עצות. אין גאַנצן זיכער דערין בין איך נישט. עס איז אָבער אַ דבֿר־ידוע, אַז ער איז געווען פֿון די יושבֿים־ראשונה אויף בײַ דעם נײַעם מלך סטאַך דעם שיקלדיקן אָדער דעם צענטן, וואָס איז געזעסן נאָך הונדערט און צוואַנציק יאָר אויף דער פּוילישער כּסא־מלוכה.

דעם מלכּס נאַר איז כּמקדם פֿאַרבליבן דער נאַר הינטער דער כּסא־מלוכה און אויך ער איז געשטאָרבן זאַט מיט יאָרן. באַגראָבן האָט מען אים הינטערן פּלויט. נאַראָנים באַגראָבט מען הינטער די פּלויטן. דעם לייענער וועט אַפֿילו די דאָזיקע ידיעה ניט שמעקן. בנאמנות, כ׳האָב נישט דערצו קיין עצה. עס פֿירט זיך אַזוי אין דער וועלט זינט קדמונים — ואין לשנות, עס לאָזט זיך נישט ענדערן.

ר׳ פֿײַוועקען דעם ליטוואַק האָט מען אין דער גרויסער שפּע גאָר אין גאַנצן פֿאַרגעסן. שפּעטער האָט מען זיך אין נאַרקאָווע געכאַפּט, אַז דער ליטוואַק איז עפּעס ווי אויסגערונען. ווען און ווו — האָט מען נישט געוווסט. אַ יינגל פֿון דער נאַרקאָווער ווײַסער חבֿרה האָט שפּעטער דערציילט, אַז ער האָט געזען ר׳ פֿײַוועקען, דעם ליטוואַק, מיטן זעקל אויף די פּלייצעס און מיטן גראָבן אָרע־מאַנסקן שטעקן אין דער האַנט אַוועקגיין אַ באָרוועסן אויפֿן וועג, וואָס פֿירט פֿון נאַרקאָווע צו די ווײַטע ווײַטענישן.

1951

# בבא־מעשה

## לויט דעם ראָמאַן פון אליהו בחור

### הקדמה פון מחבר

— 1 —

דאָס בבֿא־בוך פֿון אליהו בחור האָט במשך פֿון הונדערטער יאָרן געהאַט אַ מעכטיקע השפּעה אויף דער ייִדישער פֿאָלקס־פֿאַנטאַזיע. טיילן פֿון דעם בוך זײַנען אַרײַנגעגאַנגען אין דעם באַשטאַנד פֿון ייִדישן פֿאָלקסמיטאָס — אַלערליי נעמען און אויסדרוקן פֿון דער בבֿא־מעשׂה זײַנען אַרײַנגענומען געוואָרן אין דעם אוצר פֿון דער ייִדישער שפּראַך.

שפּראַך איז אַ דינאַמישע עקסיסטענץ. זי איז ווי אַ לויפֿנדיק וואַסער אויף די לאַנדשאַפֿטן פֿון די דורות. זי אַנטוויקלט זיך און ענדערט זיך אָן אויפֿהער. דאָס ערשטע בבֿא־בוך פֿון אליהו בחור איז פֿאַמעלעכל געוואָרן גאָר־גאָר אַרכאַיִש און שפּראַכלעך אומפֿאַר־שטענדלעך ווערדליק דער אַנטוויקלונג פֿון דעם שפּעטערן ייִדיש. שפּעטערע מחברים האָבן גענומען און אָט דאָס בוך פֿון דאָס נײַ איבערגעשריבן אויפֿן מאָדערנערן לשון ייִדיש, כּדי די ווײַטערדיקע דורות ייִדן זאָלן עס פֿאַרשטיין. אַ יעדער שפּעטערער איבערשרײַבער האָט צוגעגעבן דאָס זײַניקע. ער האָט איבערדערציילט די בבֿא־מעשׂה ווערדליק זײַן אייגענער אײַנזעעניש.

פּראָפֿ׳ יודאַ א. יאָפֿע האָט אין ניו־יאָרק אַרויסגעגעבן די ערשטע אויסגאַבע פֿון בבֿא־בוך (בבֿא ד׳אַנטונאַ). די ערשטע אויס־גאַבע, וואָס ד״ר מאַקס ווײַנרײַך האָט אַנטדעקט אין דער ציריכער „צענטראַל־ביבליאָטעק“, איז אַרויס אין איזנאַ אין יאָר 1541. ווי נ. ב. מינקאָוו שרײַבט אין זײַן ווערטפֿול בוך אליהו־בחור, זײַנען נאָך אין די יאָרן 1909־1910 אין ווילנע דערשינען נײַע אויפֿלאַגעס פֿון בבֿא־בוך. נ. ב. מינקאָוו גיט־צו, אַז עס זײַנען מעגלעך נאָך

געווען שפּעטערע אויפֿלאַגעס. אין די ייִוואָ־בלעטער יאַנואַר־מײַ 1932 איז געדרוקט אַן אינטערעסאַנטע אַרבעט פֿון נח פּרילוצקי מכּוח די אַלערליי גילגולים פֿונעם בבֿא־בוך.

מײַן אַרבעט האָב איך באַזירט אויף דער לעמבערגער אויסגאַבע פֿון יאָר 1851. איך ציטיר אומישנע דאָס שער־בלאַט פֿון אָט דער אויסגאַבע: „דיזע שיינע מעשׂה פֿון בבֿא האָבן מיר געדרוקט אויפֿסניי און עס איז פֿאַר לענגסטע צײַט געדרוקט געוואָרן, אָבער עס איז שוין לאַנג פֿאַרביי. אויך איז עס פֿריִער געדרוקט געוואָרן אין איין שווער לשון און ניט איטלעכער האָט קאָנען (געקאָנט) פֿאַרשטיין. דרום האָבן מיר עס איבערגעשטעלט, אַז עס זאָל קאָנען לייענען אַ יעדער פֿון דעם געמיין. אויך האָבן מיר עס געדרוקט אויף שיינע אותיות און שיין פּאַפּיר און שיינע טינט און איין יעדער זאָל דערצו לויפֿן געשווינד".

ייִדן האָבן טאַקע ווײַטער געלייענט און געלייענט די בבֿא־מעשׂה און זיך מיט איר געקוויקט און געהאַט הנאה.

— 2 —

אין פּלוג איז עס אַ בוך, וואָס אליהו בחור האָט גענומען פֿון אַ פֿרעמדן קולטור־אוצר. די בבֿא־מעשׂה איז אַ הונדערט־פּראָצענטיקער ריטער־ראָמאַן פֿון קריסטלעכן מיטלעלטער. אַלע געשעענישן דאָרט זײַנען כּרחוק מזרח למערבֿ, ווײַט פֿון די געשעענישן פֿון ייִדישן לעבן. טאַקע דערפֿאַר איז עס אפֿשר דער פּסיכאָלאָגישער סוד, וואָס דאָס בבֿא־בוך האָט געהאַט אַזאַ אומגעהײַערן דערפֿאָלג בײַ די ייִדישע מאַסן. ייִדן האָבן געלעבט נײַערט אין שאָטן פֿון פֿרעמדן אַוואַנטוריסטישן ריטערלעכן לעבן. אין ווײַטן־ווײַטן שאָטן פֿון די ריטערלעכע לעבנס־השׂגות, ליבעס און שלאַכטן.

וואָס ייִדן האָבן נישט געקאָנט דערגרייכן אין די טאָג־טעגלעכע טונקלעכישן פֿון זייער לעבן, האָבן זיי אָבער געוואָלט איבערלעבן — און דאָס איז זייער מענטשלעך! — אין די אַוואַנטוריסטישע ליכטיקייטן פֿון דער פֿאַנטאַזיע. אין זייערע ייִדישע איבערלעבקייטן האָבן זיי געוואָלט לאָזן אַרײַנשײַנען די פֿרעמדע זון פֿון אַ פֿרעמדער נישט־דערגרייכבאַרער וועלט. זיי האָבן פּשוט געוואָלט אַ טאַנץ טאָן אויף אַ פֿרעמדער חתונה. ייִדן האָבן זיך דאָ געוואָלט באַרוישן מיט די גלוסטיקייטן פֿון אַנדערע לעבנס־קולטורן.

מיר לעבן טאַקע אינעם שטייגער פֿון אונדזער אייגן לעבן — אָבער תּמיד ווילן מיר זיך אידענטיפֿיצירן מיט דעם אופֿן ווי עס לעבן אַנדערע. וואָס פֿרעמדער — אַלץ פּיקאַנטער און אויפֿרייצנ־דיקער. אין דער סינטעזע פֿון קעגנזאַצן פֿאַרטיפֿערט זיך יעדע קולטור און וואַקסט־אויס אין אירע דימענסיעס.

— 3 —

אין מסעות בנימין השלישי האָט מענדעלע מוכר־ספֿרים אויך געפּרוווט זײַנע מאָטיוון צו נעמען פֿון אַ מוסטער פֿון אַ פֿרעמדן קולטור־אוצר. ער האָט זיך אײַנגעקוקט אויף דער אומשטערבלעכער סאַטירע דאָן קיכאָט און לויט איר געוואָלט שאַפֿן עפּעס אַזוינס ווי אַ ייִדישן צווילינג־ברודער. אָבער מענדעלע האָט גענומען נישט מער ווי די אַבסטראַקטע אידיי און די אַבסטראַקטע סכעמע פֿון די העלדן אין סערוואַנטעסעס מײַסטערווערק. בנימין און סענדערל זײַנען נישט מער ווי נאָכמאַכערישע אײַנפֿאַלן, וואָס האָבן מענדעלען געהייצט צוצופּאַסן צו דער סכעמע פֿון דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ פּאַנסאַ. אין בוך האָבן דאָן קיכאָט און מסעות בנימין השלישי נישט קיין שום געמיינזאַמעס אין דעם אויפֿבויערישן עפּאָס פֿון די גע־שעענישן. זיי זײַנען נישט טעטיק זײַט בײַ זײַט ווי אַ סינטעזע פֿון ווידערשפּרוכן. אין דער בבֿא־מעשׂה אָבער האָט זיך אליהו בחור פֿאַרגומען צו גיין אין דעם שעפֿערישן דרך פֿון אַלע גרויסע מײַס־טערס פֿון דער אַנטיקער און פֿון דער רענעסאַנס־צײַט. ער האָט נישט בלויז נאָכגעמאַכט די סכעמע פֿון אַלטע מוסטערן און זיי אימיטאַטאָריש צוגעפּאַסט לויט זײַן תּקופֿה. ניין. ער האָט זײַן איי־גענע תּקופֿה — און דעם ייִדישן לעבן־שטייגער, אין וועלכן ער האָט געלעבט — סינטעטיש אַרײַנגעפֿלאָכטן אין איין פֿײַערטאָפּ און פֿון זיי געמאַכט גאָר אַ נײַע באַלײַכטונג פֿון דער מענטשן־גע־שטאַלט אויף דער וועלט. ער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס עס הייסט אַזוינס נאַציאָנאַלע קעגנוואַרטיקייט אויף די פּליינען פֿון אַן אַל־מענטשלעכן היסטאָרישן המשך. ווי ווײַט אליהו בחור האָט געקוקט אויף דער ייִדישער ליטעראַטור ווי אויף אַ באַשטאַנדטייל פֿונעם גײַסטיקן המשך פֿון ייִדן, איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די בבֿא־מעשׂה רופֿט ער אָן מיט דעם גמרא־נאָמען מסיכתּא: חסל מסכת בבֿא ד׳אַנטונא (דער סוף פֿון דער ערשטער אויסגאַבע).

די גרעסטע מדרגה פון אָט דעם אַלמענטשלעכן המשך האָט שעקספיר דערגרייכט אין זײַנע קאָמעדיעס. אין חלום פון אַ זומער־נאַכט און אין טראָילוס און גרעסידאַ האָט שעקספיר אין דעם געבײַ פון אַנטיקע טעמעס — און ער האָט זיי על פי רובֿ גענומען בײַ פרעמדע מחברים — אַרײַנגעבויט זײַן אייגענע צײַט־תּקופֿה אין ענגלישן רענעסאַנס, ווי אויך די מענטשן פון זײַן פערזענלעכער סבֿיבֿה. אַזוי אַרום האָט ער געשטאַלטיקט אַ דינאַמישע סינטעזע פון געשיכטע און קעגנוואַרטיקייט. די פערסאָנאַזשן אין אַ חלום פון אַ זומערנאַכט זײַנען טאַקע אַנטיקע גריכן, אָבער צו גלײַך זײַנען זיי פאָרט לײַבהאַפטיקע ענגלענדער מיט די כאַראַקטערס און מאַנירן פון דער רענעסאַנס־צײַט. די גריכן אין אַ חלום פון אַ זומערנאַכט זײַנען „אײַנגעפלייטשטע ענגלענדער" האָט געטע געזאָגט וועגן שעקס־פירן און ער האָט עס געזאָגט מיט דער גרעסטער אָנערקענונג. דאָס נעמלעכע — און נאָך שטאַרקער אונטערגעשטראָכן — זעען מיר אין דער דראַמאַטישער קאָמעדיע טראָילוס און גרעסידאַ. די גע־שעענישן קומען־פֿאָר אויף דעם באַרימטן שלאַכטפעלד פון טראָיאַ. די שפּילערס זײַנען די האָמערישע העלדן, אָבער עס איז דאָס עלי־זאַבעטישע ענגלאַנד, וואָס איז אַרײַנגעבויט אין דער האָמערישער תּקופֿה. ענגלאַנד מיט איר לעבן־שטייגער, מיט דעם וועלטקוק פון אירע פּאַטריציער, הויפלײַט, הויף־פּאַראַזיטן און קאָכלעפל! כּדי נאָך קלאָרער צו מאַכן, וואָס ער איז אויסן, לאָזט שעקספיר העק־טאָרן ציטירן דעם פילאָסאָף אַריסטאָטעלעס. הגם קינד־און־קייט ווייסן, אַז אַריסטאָטעלעס האָט געלעבט אַרום טויזנט יאָר שפּעטער נאָך אָט די געשעענישן.

אליהו בחור פֿאַרמאָגט נישט די מײַסטערשאַפט פון אַ שעקספיר. און האָט נאָך מורא צו וואָגן און סינטעטיש צוזאַמענצובינדן אַזעלכע צוויי היפּוכים ווי דער מיטלעלטער פון ייִדן און דעם מיטלעלטער פון די קריסטלעכע ריטער־בורגן, ריטער־ליבעס און ריטער־קאַמפן. אָבער ער מאַכט פאָרט דעם אַנטשיידנדיקן טריט צו אַן אידעאָלאָ־גיש־קינסטלערישן סינטעז, וואָס איז ממש אַ לעבנס־נויטווענדיקייט פֿאַר אַ געשטאַלט פון אַ ייִדישער ליטעראַטור. הגם ער טוט עס זייער פאָרזיכטיק, ווי מען טוט אַ וואַגנדיקן און דרייסטן אָנהייב — פון דעסט וועגן האָט די דאָזיקע סינטעזע טיף אָנגערירט די ייִדישע פֿאָלקס־נשמה און זי באַפרײַט פון אַ סך אומעטיקע דעפּרעסיעס. אליהו בחור האָט אויפגעעפנט דעם שטראָמיקן קוואַל פון אַלערליי פסיכישע מעגלעכקייטן אין דעם שלל פון קאָמפּענסאַציעס. די

ייִדישע פֿאַנטאַזיע איז געוואָרן פֿול מיט גלוסטונגען צו זען איר וועלט־אַטמאָספֿערע און איר לעבן־שטייגער אין דער באַלײַכטונג פֿון אַ גאָר פֿרעמדער און אַ גאָר ווײַטער און אַ גאָר קעגנזעצלעכער וועלט. צו אָט אַ דער פּיקאַנטער פֿרעמדקייט האָבן דאָך ייִדן געבענקט אין זייערע אומבאַוווסטע טיפֿענישן און זי געזען ווי אַן אַנטיטעטישע וויזיע. די שענסטע וויזיעס אין אונדזער מענטשלעך לעבן זײַנען די אַנטיטעטישע זעונגען, צו וועלכע מיר בענקען.

איך וועל נישט גיין צו־ווײַט און באַהויפּטן, אַז אויך שלום־עליכם — דער גרעסטער מײַסטער צו שילדערן די ייִדישע קאָמפּענסאַציע — איז אין תּוך פֿון דער זאַך אויך געשטאַנען אונטער דער השפּעה פֿון אליהו בחורס בבֿא־מעשׂה. וואָס איז שלום־עליכמס ייִדישער עפּאָס, אויב נישט אַ בבֿא־מעשׂה אויף די ראָז־באַלויכטענע ווינטמילן פֿון דער וועלט? נישט דאָס בין איך אויסן...

אָבער דער עיקר — און דאָס איז סימפּטאָמאַטיש — במשך הונדערטער יאָרן האָבן ייִדן נישט אויפֿגעהערט צו לייענען אליהו בחורס בבֿא־מעשׂה און אירע עלעמענטן אַרײַנצונעמען אין זייער פֿאַנטאַזיע, אין זייערע זאָגענישן און אין זייער ייִדיש־לשון. אַ קייט פֿון מחברים האָבן דור בײַ דור זי נישט אויפֿגעהערט איבערדערציילן אין נײַע צײַטמעסיקע און פֿרײַ־באַאַרבעטע נוסחאָות, און וועדליק דעם אַנטוויקלונגס־באַשטאַנד פֿון דער ייִדישער שפּראַך. מדפּיסים און מוכרי־ספֿרים האָבן זי נישט אויפֿגעהערט איבערצודרוקן. אַלערלײַ פּאַקנטרעגערס — צו פֿוס און צו בויד — האָבן זי פֿאַרשפּרייט איבער די תּפֿוצות ישׂראל.

— 4 —

אין מײַן ווינציקייט האָב איך, דער אַני הקטן, אויך זיך אַוועקגעשטעלט — און האָפֿנטלעך נישט דער לעצטער — אין דער ריי פֿון די ייִדישע מחברים, וואָס האָבן יעדעס מאָל געפּרוווט געבן אַ נײַעם נוסח דער בבֿא־מעשׂה. אַ נײַעם נוסח, הן וואָס שייך שילדערונג, הן וואָס שייך לשון. דער לעצטער וואָגט תּמיד מער ווי די פֿריערדיקע פֿאָרגייערס. יש לו על מה לסמוך. ער קוקט זיך גוט צו, וואָס די פֿריערדיקע זײַנען געווען אויסן און ווי זיי האָבן געמאַכט די מלאכת־הקודש. ער, דער לעצטער הייסט עס, טוט עס זייער פֿאָרזיכטיק און זייער באַדאַכט איידער ער גייט מאַכן דעם

נײַעם עקספּערימענט און אָנהייבן די בבֿא־מעשׂה פֿון אַ נײַעם „מה־טובֿו".

איך, דער אַני הקטן, האָב געפּרוּווט אָנצוהייבן מיטן פֿאַרקערטן קוקווינקל און גאָר אויסצודרייען דעם דישל אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג. די פֿריִערדיקע מחברים האָבן ייִדישן לעבן־שטייגער און ייִדיש וועלטגעמיט געפּרוּווט אַרײַנצומאָנטירן אין דעם גאָר פֿרעמדן ריטער־ראָמאַן. אַזוי אַרום האָבן זיי זיך באַמיט צו דערגרייכן די געזוכטע סינטעזע. איך האָב דעם לעבן־שטייגער און דאָס וועלטגעמיט פֿון ייִדן אין מזרח־אייראָפּע — איבער הויפּט פֿון ייִדן אין קרוינפּוילן — אַוועקגעשטעלט אויפֿן ערשטן פּלאַן און אויפֿן פֿאָדערגרונט פֿון דער שפּילבינע. נײַערט אין אָט דעם ספּעציפֿישן ייִדישן ליכט האָב איך געוואָלט ווײַזן סײַ די אויסערלעכע און סײַ די אינערלעכע געשעענישן פֿון דער בבֿא־מעשׂה. דאָס פֿרעמדע און אַנטיטעטישע ריטער־לעבן האָב איך געפּרוּווט אַרײַנצובויען אין מיטן פֿון אָביעקטיווע און סוביעקטיווע געשעענישן פֿון אַ טיפֿן און שפּרודלדיקן ייִדישן לעבן־שטייגער. איך האָב דאָס פּיקאַנטע גויִישע אויסגעשטעלט אין דעם ליכט און שאָטן פֿון אַ פֿולשטענדיק־סטילפֿולער ייִדישער וועלט. אויף אַזאַ אופֿן האָב איך עקספּערימענטירט צו דערגרייכן די סינטעזע פֿון די קעגנזאַצן.

אין דער שרײַבערישער טעכניק האָב איך מיך געהאַלטן בײַ דער הנחה, ווי ווײַט מעגלעך, צו סוגערירן דעם לייענער אַן אײַנדרוק, נעמלעך: אַזוי ווי דער מחבר איז פֿון קאָפּ ביז די פֿיס משוקע אין ייִדישקייט, האָט ער גאָר פֿאַרגעסן, דער בטלן, אַז ער האָט צו טאָן מיט די אילי־האָרץ, מיט די גרויסע לײַט פֿון דער וועלט. מיט ריטערס, הערצאָגן און העלדן. מיט מלחמות און ריטער־טורנירן. ער, דער מחבר, הייסט עס, מיינט אויף אַן אמתן, אַז אַלצדינג, וואָס געשעט אויף דער וועלט און אויף אירע פּלייצעס — זינט אָדם הראשונען ביז משיח וועט קומען — געשעט טאָקע נישט מער און נישט ווײַטער ווי אין די ד׳ אמות פֿון ייִדיש לעבן און ייִדישער וועלט־פֿאָרשטעלונג. די גויִים זײַנען נישט מער ווי שבת־גויִים. אַלע יוונים האָבן דאָס פּנים פֿון ייִדן רחמנים בני רחמנים און זײַנען גאָר צופֿרידן אויסצוקוקן ווי מחותנים אויף אַ ייִדישער חתונה און צו הערן די גראַמען און די זאָגענישן פֿון ר׳ נח נאַשעלסקער פֿון קרוינפּוילן וכדומה בדחנים.

צו דער דאָזיקער נײַער סינטעזע האָב איך אויך צוגעפּאַסט דעם

נוסח, דעם סטיל און דאָס לשון. איך האָב געפֿונען פֿאַר נייטיק צו שרײַבן כּמעט דאָס גאַנצע ווערק אין געגראַמטער פּראָזע. די גראַמען הייבן זיך ערשט אָן שפּעטער, ווען די קאַפּיטלען צעוואַרעמען זיך. עס איז אַ שפּיל מיט יִדישער פֿאַנטאַזיע. געגראַנטע ווערטער־קלאַנגען ברענגען אין אָט אַזאַ פֿאַנטאַזיע־שפּיל אַרײַן לעבן, לופֿטיקייט און ריטעם.

צום סוף וועל איך זאָגן דאָס, וואָס אליהו בחור האָט געשריבן אינעם אַרײַנפֿיר פֿון בבֿא־בוך. עס וועט זיך אויך גוט צופּאַסן צום געמיט פֿון אַ הײַנטצײַטיקן שרײַבער און הײַנטצײַטיקע לייענערס:

איך, אליהו לוי, דער שרײַבער, דינער אַלער פֿרומען ווײַבער, מיט ערן און מיט צוכטן (העפֿלעכקייט), און איך לאָז מיך אַלזאָ בידוכטן (באַטראַכטן), און שטייט אײַך וויל צו גלאָבן (גלייבן), דאָס מיר איטליכע פֿרויען פֿאַראיבל האָבן, וואָרום איך ניט אויך פֿאַר זיי דרוק, מײַנער טײַטשביכער איין שטוק (שטיק), דאָס זיי זיך מאָגן ד(ר)ינען דערמייען (דערפֿרייען), און שבתות און ימים טובֿים ד(ר)ינען לייען. נון, די וואָרהייט זאָגן וויל איך, עס דוכט מיך אויך זײַן רעכט און ביליך, אַזוי ווי איך אין דער הייליקן געשריפֿט אַכט אָדער נײַן ביכער האָב געשטיפֿט, און מיט דער דרוק אין דער וועלט האָב מאַכן קומען, זאָ האָב איך מיר אויך פֿאָרגענומען, בעת איך האַלט אַן ענד מײַנער טאַגן (טעג), און הײַנט אָדער מאָרגן קער איך אויף די גאַגן (אויפֿן רוקן; איך וועל שטאַרבן), דאַ ווערן אַל מײַנע ביכער און מײַנע לידער פֿאַרגעסן און געלייגט דער נידער. דרום זאָל מיר קיינס דערפֿון רוקן, איך וועל זיי אַל נאָכאַנאַנדער דרוקן.

**ניו־יאָרק, 24סטן יולי 1955**

קאַפּיטל איינס

**דער אַלטער מלך הערציק גווידאָן און דאָס יונגע ווײַבל בראַנדאָניע. בבא ווערט געבוירן, הגם דעם אַלטן איז קאַלט אונטער די אויערן.**

**אַמאָל איז געווען אַ מלך, איז ער געווען אַן אַלטער מאַן ושמו הערציק גווידאָן. האָט אים געפּאָרקעט דער יצר־הרע חתונה צו**

האָבן מיט אַ בתולה ושמה בראַנדאָניע. צום יאָר האָט זי געמאַכט אַ ברית און געלעגן געוואָרן מיט אַ בן־זכר, ושמו בבֿא.

נישט ווײַט פֿון דער הויפּטשטאָט פֿון קיניג הערציק גווידאָן האָט זיך געצויגן אַ טיפֿער וואַלד. אין מיטן וואַלד איז געשטאַנען אַן אַלטער פֿינצטערער שלאָס, וואָס איז געווען אַרומגעמויערט מיט מויערן און טורעמלעך און אַרומגעגראָבן מיט טיפֿע גראָבנס. צום שלאָס האָט מען געקאָנט צוקומען נאָר אויף אַלערליי הענגבריקן, וואָס זײַנען תמיד געווען אויפֿגעצויגן. דאָס שלאָס האָט געהייסן שנושומן. דאָרט האָט דער קיניג הערציק גווידאָן געהאַט באַהאַלטן זײַנע אוצרות. דער ממונה איבער דעם דאָזיקן שלאָס האָט געהייסן סיני־בלד. ער איז געווען אַ גרויסער איש־מלחמה און האָט געקאָנט אײנער אַליין אַוועקלייגן אַ וועלט מיט שונאים. אָבער ער איז טרײַ געווען דעם אַלטן קיניג אויף טויט און אויף לעבן.

צו אָט דעם סיני־בלד אין שלאָס שנושומן האָט דער קיניג אַוועקגעגעבן זײַן בן־יחיד בבֿא, ער זאָל אים לערנען פֿעכטן, שיסן און רײַטן, וכדומה תכסיסי־מלחמה.

ויגדל הילד — ווען בבֿא איז אַלט געוואָרן צען יאָר, האָט ער שוין דרײַ גיבורים אַוועקגעלייגט ווי די פֿליגן.

קאַפּיטל צוויי

בראַנדאָניע האָט געטאָן וויינען און קלאָגן:
סטײַטש פֿון אַזאַ שברי־כלי בין איך געוואָרן פֿאַרנומען אין טראָגן?

די בתולה בראַנדאָניע, וואָס דער קיניג הערציק גווידאָן האָט זי אַרויסגענומען פֿון שמאַטעס און טראַנטעס און זי געמאַכט פֿאַר אַ מלכּה, איז געווען פֿון יענע זיסע ווײַבעלעך, וואָס מען זאָל זיי געדיכט זייען און זיי זאָלן שיטער אויפֿגיין. זי איז געווען פֿאַלש און שאַלקהאַפֿטיק ווי דער נחש־הקדמוני. דער יצר־הרע האָט זי באַטראַכט ווי זײַנס אַ לײַבלעכע רביצין.

האָט זי זיך אַרומגעקוקט אויף די שׂרים און גענעראַלן, וואָס כאַפּן פֿאַר איר אַראָפּ די היטלען. אַלע זײַנען זיי אייטל בלוט און מילך. האָט זי זיך ווײַטער אַרומגעקוקט און געזען איר מאַן דעם מלך, וואָס איז שוין אַ זקן און אַ חלוש אין די לענדן. גאַנצע נעכט ליגט ער נעבן איר אין בעט און הוסט. ותּאמר בליבה, האָט זי צו זיך געזאָגט:

— וואָס טויג מיר אַזאַ אַלטע שבֿרי־כּלי און אַזאַ צעבראָכענע פֿידל?

שפּעטער האָט זי אַ קוק געטאָן אויף איר זון בבֿא — און אויך ותּאמר בליבה, האָט זי בײַ זיך געטראַכט:

— פֿון אָט דער שבֿרי־כּלי בין איך פֿאַרנומען געוואָרן אין טראָגן און אָט איז די פּרי און דאָס לידל.

אין אירע געדאַנקען איז געוואָרן פֿינצטער און פֿינצטערער.

## קאַפּיטל דרײַ

דעם פֿאַלשן ווײַבל האָט פֿאַרשמעקט דעם יצר־הרעס ריח־ניחוח, ותּאמר בליבה: מיטן גענעראַל ריצער וועל איך מירצעשעם עסן די גילדענע יויך.

וואָס אַן אישה רעה באַטײַט, דאַרף מען לאַנג נישט ברײַען. שלמה המלך, עליו השלום, האָט מיט זיי, מיט די פֿאַלשע ווײַבער, הייסט עס, געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. זיי האָבן אים וואַזשנע דעם קאָפּ געטאָן פֿאַרדרייען. הגם ער האָט געגלייבט זיך מיט זיי צו דערפֿרייען. ער האָט עס שפּעטער, נעבעך, דערציילט אין ספֿר „משלי“.

ותּשׂא את עיניה — די שאַלקהאַפֿטיקע ייִדענע בראַנדאָניע — אַמאָל איז זי געגאַנגען אין שמאַטעס און אין טראַנטעס און הײַנט גייט זי אין בגדי־זהבֿ — האָט אויפֿגעהויבן אירע אויגן צו איינעם אַ גענעראַל פֿון קיניגס חיילות. ער איז געווען בלוט און מילך, ושמו ריצער.

די מלכּה בראַנדאָניע האָט זיך אויסגעטאָן פֿון יעדער בושה און אָנגעהויבן צו וואַרפֿן אייגלעך אויפֿן יונגן גענעראַל.

דער יצר־הרע האָט איר צוגעשפּילט אויף זײַן פֿידעלע — און דער גענעראַל האָט זיך אָנגעהויבן צו דרייען בײַ די וואָנצעס.

וואָס עס באַטײַט, ווען אַ גענעראַל, בלוט און מילך, דרייט זיך בײַ די וואָנצעס — וועגן דעם צו דערציילן איז ממש אַ שאָד פּאַפּיר און טינט.

ותּלחוש — האָט די שאַלקאַפּטיקע בראַנדאָניע אײַנגערוימט דעם גענעראַל ריצער אַ סוד אויפֿן אויער. דערבײַ האָט זי געשמייכלט מיט אַלע זיבן שמייכלען פֿונעם נחש־הקדמוני. הײַנו: אַז באם ער וועט זען משלח צו זײַן דעם אַלטן תּרח צו זײַנע עלטערן — און זאָל ער דאָרט האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן! — וועט זי מיט אים, מיטן רוצח הייסט עס, עסן די גילדענע יויך און אים מאַכן פֿאַר מלך.

אויב דער נחש האָט געקאָנט פּועלן בײַ אַזאַ צדקת ווי אונדזער מוטער חוה צו עסן אַן עפּעלע פֿון עץ־הדעת — פֿאַר וואָס זאָל ער נישט פּועלן בײַ אַ גענעראַל, וואָס איז כּולו בלוט און מילך, צו ווערן אַ מלך?

דער גענעראַל ריצער האָט געזאָגט שטיל — און אויך אויפֿן אויער — צו דער מלכּה בראַנדאָניע:

— נישט געדאגהט, אַדוני המלכּה! דער אַלטער וועט שוין בײַ מיר באַקן בייגל. זע נאָר, אַז ער זאָל גיין מיט מיר אין וואַלד אַרײַן אויף געיעג.

קאַפּיטל פיר

די מלכּה מאַכט זיך קראַנק. דער אַלטער גווידאָן רײַט־אַוועק אויף געיעג. עס האָט זיך דעם יונגן ווײַבל פֿאַרגלוסט אַ הערשעלע וכדומה אַ זיסע חיה. — ריצער שיקט דעם אַלטן אין גן־עדן אַוועק און מאַכט אים אַ שיינע לוויה.

די מלכּה בראַנדאָניע האָט נישט לאַנג געטראַכט און זיך געמאַכט קראַנק. זיך אַוועקגעלייגט צו בעט און געשריִען, אַז עס קוועטשט זי בײַם לעפּעלע.

ויבוא המלך — איז דער אַלטער קיניג, הערציק גווידאָן, אַרײַנגעקומען צום יונגן ווײַבל און זי מבקר חולה געווען. מיט גרויס ליבשאַפֿט האָט ער געפֿרעגט, וואָס איר פֿעלט.

— אויב איך וועל נישט באַקומען אַ שטיקל געבראָטן הירשנ־פֿלייש — האָט זי געיאָמערט — איז למה לי לחיים?... נעם איך און מאַך אַ שטאַרב, און זוך דיר אַן אַנדער מלכּה.

דער אַלטער קיניג גווידאָן האָט ווויל געוווּסט, אַז אַ יונג ווײַבל האָט אַלערליי גלוסטעניִשן. אפֿשר איז זי פֿון דאָס נײַ אויף דער צײַט? — האָט דער אַלטער הערציק גווידאָן געטראַכט מיט שׂמחה: אויב איך וועל איר נישט געבן קיין הירשנפֿלייש, קאָן זי גאָר נעמען און, חלילה, מפּיל זײַן?

ויאסוף — האָט ער צונויפֿגענומען... 

ויאסוף — האָט ער צוזאַמענגעפּויקט זײַנע גענעראַלן. מען האָט זיך אַרויפֿגעזעצט אויף מילכווײַסע סוסים. מען האָט מיטגענומען סטאַדעס מיט יאָגהינט. דער אַלטער הערציק גווידאָן האָט זיך אַרויפֿגעזעצט אויף זײַן באַליבטן סוסל. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן זײַן באַליבטן שפּאַרבער־פֿויגל, וואָס איז געווען אַ גרויסער מאַדים אויף געיעגן, און האָט געכאַפּט באַהאַלטענע חיות, וואָס קיין שום גענעראַל האָט זיי נישט באַוויזן צו זען מיטן אויג.

וילכו — מען איז אַרויסגעריטן אין די וועלדער אַרײַן. מען האָט געטראָמפּייטערט און געשאַלט מיט האָרנס, און געטריבן די סטאַיעס כּלבֿים. דעם קיניגס שפּאַרבער־פֿויגל האָט טאַקע געכאַפּט גאָר אַ קליין הירשעלע, וואָס האָט נאָך געזויגן דער מאַמעס מילך. דער גענעראַל ריצער האָט גענומען דעם פֿײַלנבויגן און כּלומרשט געשאָסן אויף אַנדערע הירשן. ער האָט אָבער געצילעוועט דעם קיניג אין האַרץ אַרײַן און האָט אים געטראָפֿן די טייטנדיקע פֿײַל.

וימת — דער קיניג הערציק גווידאָן איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון זײַן פֿערד אַ טויטער. והעיר שושן נבֿוכה — אין דער הויפּטשטאָט האָט

מען פֿאַרהאָנגען אַלע שפּיגלען און דעם אַלטן הערציק גווידאָן געמאַכט די שיינע לוויה.

## קאַפּיטל פינף

ריצער און בראַנדאָניע טוען טראַכטן בײַ טאָג און בײַ נאַכט:
ווי דערלעבט מען זען בבאן אַן אומגעבראַכטן?

ויהי ממחרת, נאָך דער שבֿעה. די מלכּה בראַנדאָניע האָט זיך אָקערשט אויפֿגעהויבן פֿון אָבֿל־בענקעלע. מיט איר שאַרף צינגל האָט זי באַלד אָנגעהויבן אײַנצוטענהן מיט די זיבעציק יועצי־המלך, אַז ס'וואָלט געווען אַ יושר צו ברעכן טעלער און זי דערנאָך צו פֿירן אונטער דער חופּה מיטן גענעראַל ריצער. ראשית — האָט זי געטענהט — קאָן מען נישט נעמען אַ יונג ווײַבל און זי לאָזן זיצן אַן אייביקע אַלמנה. שנית: קאָן מען די כּסא־מלכות נישט איבערלאָזן ווי אַ פּוסטן בוידעם.

אַ צינגל האָט זי געהאַט ווי די ריכטיקע פֿאַלשע ייִדענע און עס האָט זיך פּשוט געוויקלט אין האָניק. דערבײַ האָט זי געמאַכט אַלערליי ווײַבערישע חנדלעך. דער יצר־הרע האָט איר צוגעשפּילט אויפֿן פֿידעלע. בקיצור: איך, דער מחבר, ווייס נישט אויף קלאָר, וואָס די זיבעציק יועצים האָבן בײַ זיך איטלעכער באַזונדער געטראַכט, נאָר בײַ זיי אַלעמען איז פּלוצעם געוואָרן עפּעס ווי איין מחשבֿה אויף דער קליעפּקע. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן דרייען בײַ די וואָנצעס. זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געדרייט בײַ די וואָנצעס ביז מען האָט געמאַכט די גרויסע חתונה. באַלד נאָך שבֿע־ברכות האָט מען געמאַכט דעם רוצח ריצער פֿאַר קייסער.

וחמת המלך שככה — די מרשעת בראַנדאָניע און דער גענעראַל ריצער זײַנען געווען צווישן זיך קוצעניו־מוצעניו. די מלכּה בראַנדאָניע האָט שוין איצט געהאַט אַ מאַן פֿון סאַמע בלוט און מילך און נישט עפּעס דאָרט אַן אַלטע שבֿרי־כּלי וואָס הוסט גאַנצע נעכט.

ויהי כשבת המלך — ווען זיי זײַנען בײדע געזעסן צוזאַמען און זיך געגעסן פֿון די פּיסקעלעך, האָט זיך דער מלך ריצער אָנגע־רופֿן צו דער מלכּה בראַנדאָניע כּהאי לישנא:

— אַנומלטן האָט מיר געחלומט — האָט דער רוצח געזאָגט — אַז דאָס תּכשיטל בבֿא, וואָס דו האָסט געהאַט מיטן אַלטן תּרח, איז אײַנגנס געקומען פֿון שלאָס שנושומן, וואָס אין וואַלד. ער האָט מיר אַרונטערגעהאַקט דעם קאָפּ און איז געוואָרן קייסער. מחמת דערי־מעך, נשמה מײַנע, האָב איך אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט צוטאָן קיין אויג.

די שאַלקהאַפּטיקע בראַנדאָניע איז דאָך געווען שלעכט ווי דער נחש הקדמוני. זי האָט זיך נישט געקאָנט שענקען, הלמאי זי איז געוואָרן טראָגנדיק פֿון אַ מאַן אַ שבֿרי־כּלי. האָט זי, די מרשעת, פֿאַרצויגן די ליפּעלעך מיט אַ חנדעלע און געזאָגט צום מלך ריצער:

— עס דיר נישט אָפּ דאָס האַרץ, קעצעלע. איך וועל אַהער ברענגען דאָס תּכשיטל און אים אָפּסמען ווי אַ מויז.

וייטבֿ הדבֿר בעיני המלך — ריצער האָט איר געטאָן אַ קוש אין בעקעלע אַרײַן און האָט באַפֿוילן צוזאַמענצופּויקן חייל און זיי אַוועקגעשיקט אין וואַלד אַרײַן צום שלאָס שנושומן, כּדי אַהערצו־ברענגען בבֿאן.

## מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור



78 דערשינען מיט סובסידיע פון יוסף ליפשיץ־ פאָנד
און פון 79סטן באַנד דערשײַנען די מוסטערווערק
מיט דער סובסידיע פון דוד טוריאַנסקי־פאָנד
אונטער דער רעדאַקציע פון שמואל ראָזשאַנסקי

1) שלמה עטינגער — **אויסג׳ שריפטן**, 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)
2) מאַרק וואַרשאַווסקי — **יידי׳ פאָלקסלידער**, 3טע אויפלאַגע (216 זײַטן)
3) ה. ד. נאָמבערג — **אויסג׳ שריפטן**, 2טע אויפלאַגע (256) זײַטן)
4) מענדעלע — **מסעות בנימין השלישי**, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
5) לייב נײַדוס — **אויסגעקליבענע שריפטן**, 2טע אויפלאַג (208 זײַטן)
6) יעקבֿ דינעזאָן — **יאָסעלע קריזיס**, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
7) משה בראָדערזאָן — **אויסגעקליבענע שריפטן**, 2טע אויפל׳ (272 זז׳)
8) אליהו בחור — **בבֿא־בוך**, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
9) דוד פינסקי — **אויסגעקליבענע שריפטן**, 3טע אויפלאַגע (352 זײַטן)
10) שמעון פרוג — **אויסגעקליבענע שריפטן**, 2טע אויפלאַגע (216 זײַטן)
11) י. ל. פרץ — **אין 19טן יאָרהונדערט**, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
12) י. ל. פרץ — **אין 20טן יאָרהונדערט**, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
13) מאָריס ראָזענפעלד — **אויסג׳ שריפטן**, 2טע אויפלאַגע (240 זײַטן)
14) האָפשטיין — כאַריק — פעפער, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
15) מרדכי ספעקטאָר — **דער יידי׳ מוזשיק**, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
16) ה. לייוויק — **אויסגעקליבענע שריפטן**, (352 זײַטן)
17) שלום עליכם — **מנחם מענדל**, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)
18) אַבֿרהם גאָלדפאַדען — **אויסג׳ שריפטן**, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)
19) י. י. שוואַרץ — **קענטאָקי**, א. ראַבאָי — **הער גאָלדענבאָרג**
(פיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)
20) ח. נ. ביאַליק — **אויסגעקליבענע שריפטן**, (384 זײַטן)
21) ש. אַנ־סקי — **אויסגעקליבענע שריפטן**, (296 זײַטן)
22) מענדעלע מוכר־ספרים — **פישקע דער קרומער**, (256 זײַטן)
23) יוסף אָפּאַטאָשו — **אין פוילישע וועלדער**, (416 זײַטן)
24) זלמן רייזען — **אויסגעקליבענע שריפטן**, (304 זײַטן)
25) יהואָש — **אויסגעקליבענע שריפטן**, (320 זײַטן)

26) גליקל האַמיל — **זכרונות,** (352 זײַטן)
27) שלום עליכם — **טבֿיה דער מילכיקער,** 3טע אויפֿלאַגע (288 זײַטן)
28) אַבֿרהם רייזען — **אויסג׳ שריפֿטן** 2טע אויפֿלאַגע (320 זײַטן)
29) די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע — **אַנטאָלאָגיע** (416 זײַטן)
30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — **סיפּורי־מעשׂיות,** 2טע אויפֿלאַגע (224 זז׳)
31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע** (320 זײַטן)
32) פּרץ הירשביין — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
33) ייִדיש אין ליד — **אַנטאָלאָגיע** (264 זײַטן)
34) מנחם באָרײַשאָ — **דער פֿרעמדער, זאַוול רימער** (320 זײַטן)
35) ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט — **מדינת ישׂראל** (464 זײַטן)
36) נוסח השׂכּלל — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות** (352 זײַטן)
38) מעשׂה־בוך, **פֿון** 1602 (368 זײַטן)
39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** — שמוגלערס. (328 זײַטן)
40) ערבֿ חורבן: מ. **בורשטין**/מאָזאָוויע **און** 14 **פּאָעטן** 256 זײַטן)
41) חורבן: **פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע — אַנטאָלאָגיע** (432 זײַטן)
42) ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/**פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** (336 זײַטן)
43) איציק מאַנגער — **לידער, פּראָזע, עסייען** (384 זײַטן)
44) דוד בערגעלסאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
45) משה נאַדיר — **הומאָר, קריטיק, ליריק** (288 זײַטן)
46) דאָס קינד אין ייִד׳ פּאָעזיע און פּראָזע — **אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)
47) י. אָקסנפֿעלד — **שטערן־טיכל, ערשטער ייִד׳ רעקרוט** (288 זײַטן)
48) **פּליטים צווישן פֿײַערן,** אַנטאָלאָגיע (304 זײַטן)
49) **אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע,** אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)
50) **דרום־אַפֿריקאַניש,** אַנטאָלאָגיע (360 זײַטן)
51) שלום אַש — **פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט** (400 זײַטן)
52) **דער אַרבעטער־דור אין אַמעריקע** (224 זײַטן)
53) **עבֿרי־טײַטש / צאינה וראינה** (368 זײַטן)
54) טשילעניש — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
55) אין דעם אייגענעם לאַנד, 25 **יאָר ישׂראל** (568 זײַטן)
56) שלום אַש — **אָנקל מאָזעס,** ראָמאַן (264 זײַטן)
57) יעקבֿ גאָרדין — 3 **דראַמעס** (352 זײַטן)

58) בראַזיליאַניש — **אַנטאָלאָגיע** (352 זײַטן)
59) פֿון דור צו דור: **א. װײַטער, ד. אײנהאָרן, ז. י. אַנכי** (368 זײַטן)
60) מאַקס װײַנרײַך — **אױסגעקליבענע שריפֿטן** (416 זײַטן)
61) אין סאָװעטישן פֿרילינג — **אַנטאָלאָגיע** (248 זײַטן)
62) קאַנאַדיש — **אַנטאָלאָגיע** (448 זײַטן)
63) דוד אײנגנאַטאָװ — **אױסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
64) פֿון רעװאָלוציע צו תשובֿה: **לײב פֿײַנבערג** (280 זײַטן)
65) י. י. זינגער — **אױסגעקליבענע שריפֿטן** (312 זײַטן)
66) אַרגענטיניש: **דער חלום פֿון פֿעלד** / **אַנטאָלאָגיע** (320 זײַטן)
67) משה קולבאַק — **אױסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
68) אין פּאָגראָם — **אַנטאָלאָגיע** (304 זײַטן)
69) אונדזערע קריטיקערס — **אױסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
70) צװישן שטאָטישע װענט / 2טער **באַנד** אַרגענטיניש (496 זײַטן)
71) עלטערן און קינדער — **אַנטאָלאָגיע** (360 זײַטן)
72) משלים בײַ ייִדן / **אַנטאָלאָגיע** (288 זײַטן)
73) געזאַנגען פֿאַר עמך / **אַנטאָלאָגיע** (224 זײַטן)
74) נאָרד אַמעריקאַניש / **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
75) גײט אַ ייִד קײן ארץ־ישׂראל / **פֿון דער ייִד' ליט'** (256 זײַטן)
76) דער פֿרילינג פֿון „די יונגע" **אין אַמעריקע, אײראָפּע, ישׂראל**
(320 זײַטן)
77) געלעכטער אױף אַן אמת (256 זײַטן)
78) מערבֿ־אײראָפּעיִש / **פֿראַנקרײַך, ענגלאַנד, בעלגיע, האָלאַנד**
(336) זײַטן)
79) 1939 אין דער ייִדישער ליטעראַטור, אַנטאָלאָגיע (288 זײַטן)
80) װאַרשע. (304 זײַטן)
81) דער אמת דורך געלעכטער (240 זײַטן)
82) י. י. טרונק — זכרונות, פֿאָלקס־מעשׂיות, לידער (240 זײַטן)

## אין 1980 װעלן נאָך אַרױס די בענד:

83) דאָס לעבן אין אײן אַקט / 10 **אײנאַקטערס** (240 זײַטן)
84) װילנע.

I. I. TRUNK

# POESIA, MEMORIAS, NOVELAS

## POETRY, MEMORIES, NOVELS



Director: SAMUEL ROLLANSKY

1980

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

FONDO DAVID TURJANSKI

Pasteur 633 - 3º (1028) Buenos Aires